דוד סעלצער

# בילדער און געשטאַלטן פון סאָראָקי

ציי‏כענונגען פון
וויליאַם גראָפּער

פאַרלאַג וואַלדהיים
תשכ״א — 5721 ניו יאָרק 1961

DAVID SELTZER

*BILDER UN GESHTALTN FUN SOROKI*

SCENES AND IMAGES OF SOROKI

Illustrations by

*WILLIAM GROPPER*



*Published by*

"WALDHAIM", David Seltzer, Publisher

New York, N. Y., U.S.A. 1961

MANUFACTURED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK

438

גערוידמעט — איטקע'ן
מיין פֿריינט און חבר
אין לעבן און שאַפֿן

# אינהאַלט

זײַט

# טרויבן־באַרג

פּרעכטיק איז געווען מײַן שטעטעלע סאָראָקי. ווער עס האָט סאָראָקי ניט געזען, דער האָט קיין שיינקייט ניט געזען.

איך זע זיי, די שלענגלענדיקע גרוי־זילבערנע בלעזלענדיקע זוימען פון דעם שטראָמענדיקן טײַך מיט די קרײַטענע פעלזן, די גרין־ליכטיקע צעפּ פון די ווערבעס און די גילדענע בלעטער־צווײַגן מיט בראָנז־צעזשאַרעטע ברוינע קאָרעס דעמבענע, יאַלאָווע און יאַסינאָוועביימער פון די צוויי געדיכטע וועלדער וואָס שטאַרצן אין בלוי־מילכיקן שוועבנדיקן הימל.

זיי דערהויבן זיך פון דעם קלאָר־קופּערנעם זאַמדיקן ברעג טײַך און קלעטערן מיט קנאָספּעדיקע קרוינען צום שפּיץ באַרג. זיי בלײַבן שטיין בײַ די זון־באַזאַפראַנטע, בלוי־געל באַבלימלטע לאָנקעס, וואָס ציִען זיך ווי געשטריקטע טעפּיכער באַשפּרינקלטע מיט געקרײַזלטע פּעלצעלעך שעפּסן, וואָס ציפּן די גרינע גראָזן.

גלײַך דאָרטן הויבן אָן טרעפּלען די הענגענדיקע טעראַסן פון די בונטע גערטנער אין בלי מיט ווײַסע, ראָזע און פיאָלעטע צוויטן וואָס גלימערן ווי שניי אין דער זון.

אין האַרבסט צינדן זיך אָן ביידע וועלדער מיט בלעטער וואָס שימערירן ווי פּולע באַקאַלן מיט בורשטינענע, גאָלדענע, ראָזעווע און פּורפּורענע געטראַנקען וואָס קוועלן זיך דורך מיט די הענגענדיקע קראַנצן בורשטינדעלעך ווײַן, אוירינגלעך ווײַנשל, רויטלענדיקע עפּל, געלענדיקע באַרן און בלויענדיקע פלוימען. זיי פאַרשמעקן מיט דעם באַרוישנדיקן אַראָמאַט פון נאָרוואָס געטראָטענעם זיסן מוסט־ווײַן ווישניאַק, קוואַס, מעד און סליוואָוויץ.

און אין ווײַטן האָריזאָנט רייצט דער געל־און־שוואַרץ־חנ׳עוודיקער סאָנעשניק און די בלאָנד־באַבערדלטע אויערן פון גאָלדענעם פּאָפּשוי.

ניט אומזיסט איז דער ליבעראַלער רוסישער פּרינץ אורוסאָוו גע־בליבן שטיין אַ פֿאַרגאַפֿטער בײַם סאָראָקער ברעג פֿון דניעסטער און פֿאַרצייכנט אָט די שורות אין זײַן טאָג־בוך:

„איך ווייס ניט פֿון נאָך אַ שטאָט אין רוסלאַנד וואָס קען זיך פֿאַרגלײַכן מיט סאָראָקי אין שיינהײַטלעכן אויסזען. רזשעוו אויף דער וואָלגאַ איז פּראַכטפֿול, איך פֿיילט אָבער די דרום׳דיקע זון, די פֿאַר־שיידנקײַט פֿון שאָטנס ליכט און בילד־שיינע אויסבויגן פֿון שטופֿנווײַז אויפֿשטײַגנדיקן ברעג פֿון טײַך."

ווען עמיצער וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט אויפֿן הויבערשטן טייל פֿון באַרג פֿון סאָראָקי און אַרונטערגעקוקט אין טאָל אַרײַן וואָלט ער ערשט דערזען די פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע. ער וואָלט דערזען ווי דער פֿליסנדיקער און שלענגלענדיקער טײַך טיילט אָפּ דאָס שיינע סטע־פּאָווע פּאָדאָליער דאָרף צעקינאָווקע — מיט די גאָלדענע שטרויענע דעכער, די ווײַס־בלויע כאַטעס מיט די פֿאַרריסענע זשוראַוולענע העלדזער פֿון די קערניצעס — פֿון דער באַרגיקער שטאָט סאָראָקי.

רעכטס וואָלט ער דערזען דעם אונטערשטן וואַלד בײַם אויסבויג און אויסגוס פֿון טײַך; דעם שלאַנבאַן מיט דעם אַריבערגעוואָרפֿענעם ווײַסן דראַנג איבערן ביקיראָווער בריקל וואָס פֿירט אַרויס פֿון שטאָט צום ברוקירטן שאָסיי לענגאויס דער וואַלד אויפֿן וועג צו דער באַן־סטאַנציע אין פֿלאָרעשט. ער וואָלט אפֿשר דערזען אין דער הויכער דניעסטער־סקאַלע די הייל מיטן אויסגעהאַקטן קרײַטן שטיבל, וואָס די לעגענדע דערציילט אַז דאָרטן האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן רויבער און די ווידערשפּעניקע מאָלדאָוואַנער אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון דעם האַידוק סאַראַק, דער העלד פֿון פֿאָלק. די הייל, זאָגט מען אויך, האָט אונטערערדישע וועגן וואָס פֿירן צום שטיינערנעם אַלטן שלאָס און אַריבער אונטערן דניעסטער קיין צעקינאָווקע.

ער וואָלט דאַן דערזען דעם „קאָני־פּלאָשטשאַד" וואו אַלע וואָך קומען ציגײַנער און ליוועראַנטן און בײַטן אויס און האַנדלען אײַן פֿערד און פֿי און וואו די רעקרוטן פֿירן דורך זייערע הוליאַנקעס בײַ דער „פּריסוטסטווע" און די סטודענטן פֿון דער מענער־גימנאַזיע שפּילן זייער פֿוטבאָל.

נעענטער צום צענטער פֿון שטאָט וואָלט ער דערזען די שיינע „אופּראַווער בערג" וואו עס שטייט די הויכע ווײַסע געבײַדע פֿון דער „זעמסטוואָ" און די עלעקטרישע סטאַנציע, דעם דופּטיקן שיינעם

בולוואַר מיטן פֿאָנטאַן אַרומגערינגלט מיט די הויכע און גראַמע געבײַדעס פֿון דער מיידלשער גימנאַזיע, דעם איספּראַווניק'ס פּאָליציי־באַצירק און דעם ווײַסן עלעגאַנטן טעאַטער און אילוזיאָן „פּאַלאַס".

ער וואָלט דערזען דעם מאַרק־פּלאַץ מיט זײַנע קלייטן און געשטעלן, די אָנגעפּאָרענע פּויערישע וועגענער און פּריצישע בריטשקעס ווי אויך די רעסאָרנע גומענע איזוואָשטשיקעס און די פּאַרהאַלמיוועטע בינדיוגעס פֿון די לאַסט־שלעפּער און דאָס שענקל פֿון די פּאַרפּיליטע טרעגער. און דאָרט וואָלט ער אויך דערזען די שטאָטישע „אופּראַווע" פֿון וועמענס רויטן דאַך עס שטאַרצט אין הימל אַרײַן דאָס ווײַסע טורעמל פֿון דער פֿײַער־בריגאַדע מיטן וועכטער וואָס דרייט זיך אַרום אַנגעטאָן אין זײַן מעשענער קאַסקאַלע.

נעענטער צום טײַך וועט ער דערזען, בײַם סאַמע ברעג, די גרויסע שטיינערנע שול, וועלכע שטייט אַ טיף־אײַנגעפֿונדעוועטע אין דער ערד און וועמענס שפּיציקע געמויערטע דאַך־געזימסן דערמאָנען אין אַן אַלטן שטיינערנעם אוהל פֿון אַ פֿאַרצײַטיקן בית־עולם. ער וועט אויך באַמערקן טיילן פֿון די אַכט אַנדערע שולן וואָס שטייען אין אַ קרײַז אַרום דעם שול־הויף.

אַ ביסל ווײַטער אַרויפֿצוצו מיטן ברעג טײַך וועט ער דערבליקן די ליִעסאָפּילקע מיט די קלעצער וואָס ווערן צעזעגט אין ברעטער און דעם הויכן קײַלעכדיקן שטיינערנעם שלאָס מיט די צעלעכערטע און אײַנגעפֿאַלענע פֿאָרטן און פֿאַרזונקענע קעלער־דורכגאַנגען. די לעגענדע דערציילט אַז די גנֿבֿישע סוחרים און נאָך זיי די טערקן האָבן זיך באַפֿעסטיקט אין דעם געמויערטן שלאָס כּדי צו קאָנטראָלירן דעם מיסחר איבערן דניעסטער.

ניט ווײַט פֿון שלאָס געפֿינט זיך אַ קליינער אַרײַנגוס פֿון טײַך, דאָרט וואו עס הויבט זיך אָן דאָס דאָרף בוזשעריוקע און דער הויבער־שטער וואַלד. אויף גרינע לאָנקעס דאָרטן, אין שאָטן פֿון ווערבעס און יאָלאָוועביימער פֿלעגן אַלע זומער דאָרטן לאַגערן די ציגײַנערשע טאַבאָרן מיט זייערע געצעלטן, וועגענער און קוזניעס.

ער וואָלט דערזען דעם גרויסן קלויסטער מיט די גילדענע קופּאָלן אויף דער סאָבאָרנע וואו אַ מיליטערישער שליאַך איז דורכגעפּלאַסטערט געוואָרן דורך זײַן גאָרטן איבער דער בוזשעריוקע אַוועק קײַן בעלץ און דער בוקאָווינע.

ער וואָלט דערזען די אָנגעבראַוינטע, זוניקע, שינדלנע דעכער און די גלאַנציקע געפֿאַרבטע בלעכענע דעכער פֿון די שטיבער און די

מויערן, און די הילצערנע כאַטעס אײַנגעטונקענע אין גרינסן און צוויטן.

ער וואָלט געהערט דאָס געקלאַנג פֿון די קוזניעס, דאָס געשטעפּ פֿון די נײַ-מאַשינען, דאָס געזעג פֿון די סטאָליאַרנעס און ליעספּאָליקעס, דאָס הודזשען פֿון די מילן און אולינעס, פֿון דעם ביר-בראָווער און דער זעלצער-פֿאַבריק אויף דער מאַלע.

ער וואָלט דערזען די וואַסער-מילן, ספּלאַוון, באַרזשעס, בערלינעס, דעם פּאַראָם און די פֿישער-לאָטקעס און דעם דאַמפּער וועלכער קומט אָן פֿון אָדעסער לימאַן און רויכערט זײַן כוואַליקן וועג קעגן שטראָם צום אָנהויב פֿון טײַך, עס ווײַט צופֿוסנס פֿון די שנייאיקע קאַרפּאַטן.

ווער ווייסט אָבער צי וואָלט ער באַמערקט די פּרעכטיקע געשטאַלטן אין און אַרום דער שטאָט. די שאָפֿער, בויער און הענדלער, די ייִדן און קריסטן וואָס באַוואוינען די שיינע שטאָט.

איך האָב פֿון קינדווײַז גע׳חלום׳ט באַזינגען מײַן שטעטל בײַם דניעסטער, אירע פּרעכטיקע פּלעצער, טײַערע געשטאַלטן און פֿאַנטאַסטישע לעגענדעס.

דער איצטיקער פֿאַרזוך איז אַ באַשיידענער צושטײַער צו פֿאַראייביקן לזכר די בילדער און געשטאַלטן וואָס איך געדענק און געהערט וועגן זיי דורך דעם דערציילערישן לאָר פֿון מײַנע אור-עלטערן, טאַטע-מאַמע, פֿעטערס און מומעס און לעבנגעבליבענע קאָזינס און לאַנדסלײַט.

דער פֿאָלקלאָרישער און דיכטערישער עלעמענט זײַנען צוזאַמענגעגאָסן מיט דער אַליינדורכגעלעבטער כראָניק.

פֿרעגט מיך ניט וואו עס הויבט זיך אָן דער פֿאָלקלאָר און וואו מײַנע אייגענע דערפֿאַרונגען. ס׳איז איין אמת — דער פֿאָלקלאָר-דיכטערישער, סימבאָליש-קינסטלערישער אמת — דער אמת פֿון דורות סאָראָקער געשטאַלטן-נשמות, די מערסטע אומגעקומענע על קידוש-השם.

איך געדענק נאָך יעדער גאָס, געסל און ליקל, יעדער פּלויט וואו איך בין אַריבערגעשפּרונגען, יעדער הויף וואו איך האָב זיך געשפּילט און יעדער הויז וואו איך האָב אָנגעשלאָגן אין אַ טיר און אָפֿט דאָרט פֿאַרזוכט פֿון זייער ברויט און געטרונקען פֿון זייער וואַסער.

איך זע יענע בילדער, יענע היימישע און ליבע געשטאַלטן, ייִדן און קריסטן, וואָס זײַנען געווען מײַנע באַקאַנטע און באַגלייטער אין מײַנע קינדערישע וואַנדערונגען און שפּילערײַען בײַ אַלע שוועלן און פֿריזבעס און בײַ די ברעגן פֿון לעגנגאוים דעם שיינעם טײַך דניעסטער.

און טאָמער האָב איך וואו־ניט־איז איבערגעכאַפּט די מאָס — רופט עס פיקציע אויב איר ווילט. דאָס לעבן איז פאַנטאַסטישער ווי דער דערפינדערישסטער פיקציע־שרייבער.

זאָלן אָט די בילדער און געשטאַלטן בלייבן אַלס לעבעדיקע מאָנומענטן פאַר אַ לעבן וואָס וועט בלייבן לעבן כּל זמן יידישע דיכטער וועלן נאָך קענען דערציילן, באַזינגען די נעכטיקע שקיעה, כּדי צו באַשיינען דעם מאָרגנדיקן קאַיאָר.





# סאָראָקער לעגענדעס

קינדוויַיז האָב איך ליב געהאַט באַגעגענען יעדן פֿרילינג דאָס צוריקקומען קיַין סאָראָקי, פֿון די וויַיטע לענדער, די וואַנדערנדיקע טאַבאָרן ציגיַינער.

יעדן פֿאַר פּסח, ווען דער דניעסטער פֿלעגט זיך באַפֿריַיען פֿון זיַינע קריִעס, פֿון געקאַוועטן איַיז, און יאָגן אַ צעלויכטענער צווישן די אויפֿגעבליטע הויכע קריַיטענע ברעגן, און די זינגעוודיקע פֿייגל פֿלעגן זיך אומקערן פֿון די וואַרעמע מקומות, פֿלעגט זיך אויך דערהערן דאָס קלינגען פֿון די קייטן און אַלמעס אויף די וועגענער, די קלאַנגען פֿון די קאָוואַדלעס וואָס פֿאַרנעמען די קלעפּ איבער דעם פֿונקן־שפּריצנדיקן איַיזן, דאָס געזאַנג פֿון די פֿרויען און קינדער, דאָס האַווקען פֿון די פֿריילעכע הינט אַרום די שיַיטערן פֿון די ציגיַינער־געצעלטן ביַים ברעג פֿון דעם דניעסטער.

איך האָב אַלעמאָל פֿאַרבונדן דאָס אַהיימקערן פֿון די פֿייגל מיט דעם צוריקקער פֿון די ציגיַינער.

### „צום פֿייגעלע"

איך געדענק איינמאָל אַ פֿרילינג ווען איך בין געזעסן ביַים פֿענצ־טער פֿון אונדזער העברעיִשן קלאַס און זיך צוגעהערט צום קלאַנג פֿון ביאַליק׳ס ליד „צום פֿייגעלע" וואָס אונדזער לערער אליהו מייטוס האָט מיט זיַין ריטמישער שפּראַך דעקלאַמירט. פּונקט ווען איך האָב דערהערט —

> אַ שלום־גרוס צו דיַין אַהיימקער,
> טיַיער פֿייגעלע,
> פֿון די וואַרעמע לענדער
> צו מיַין פֿענצטער . . ."

— זײַנען פֿאַרבײַגעפֿאָרן עטלעכע בוידן־וועגענער מיט די בונטע קאָלירן און טומלדיקן קלאַנג פֿון ציגײַנערישן קינד־און־קייט.

יאָ, איך האָב ליב געהאַט די ציגײַנער ווי די פֿייגל און זיי באַגריסט אַלס די אָנזאָגער אַז דער ליבער פֿרילינג איז שוין דאָ.

## מײַן חבֿר פֿישל און איך

מײַן חבֿר פֿישל, ניסל דעם שוחט׳ס אייניקל, און איך פֿלעגן זיך אַלעמאָל גרייטן צום קומען פֿון די ציגײַנער. מיר פֿלעגן אָנזאַמלען אַ גאַנצן ווינטער שטיקלעך צוקער, נים, געטרוקנטע פֿרוכטן און שטיקער האָניק־לעקעך און זיי אויסבײַטן בײַ די ציגײַנער פֿאַר פֿאַרשיידענע אײַזערנע, בלעכענע און מעשענע קלאַפּער־געצײַג און אויסגעמײַסטרע־וועטע פּאַטשערקעס. יעדע קליניקײַט וואָס מיר פֿלעגן קריגן איז געווען אַ טײַערע מתּנה.

איך האָב ליב געהאַט פֿאַרברענגען אין ציגײַנערישן לאַגער, זיך אײַנקוקן אין זייער קאָלירפֿולן הולך, זיך אײַנהערן אין זייער געשפּרעך, געזאַנג פֿון פֿריילעך־טרויעריקע לידער און דערציילערישן רעג פֿון זייערע צויבער־מעשׂיות.

## ראָמאַן

פֿון די פֿיר פֿאַרשיידענע טאַבאָרן אַרום סאָראָקי איז אונדז אַמ־נאָענטסטן און טײַערסטן געווען דער טאַבאָר ראָמאַן וואָס פֿלעגט זיך אויסשפּרייטן ניט ווײַט פֿון טערקישן שלאָס, בײַם גן־עדן שיפּעטיל (וואַסער־קוואַל) אין דעם אַרײַנגום פֿון דניעסטער, בײַם דאָרף בוזשע־ריווקע.

דער הויפּט פֿון טאַבאָר איז געווען זייער אַן אַלטער און הויכער ציגײַנער מיטן נאָמען ראָמאַן. ער האָט געטראָגן הויכע לעדערנע שטיוול ביז די דיכן, אַזאַ סאַמעטענע שוואַרצע אויסגענייטע זשילעט איבער אַ גרינעם העמד מיט לאַנגע אַרבל און אַ שוואַרצן פּלושענעם קאָפּעליוש מיט זייער ברייטע שטײַפֿע ראַנדן. זײַנע האָר זײַנען געפֿאַלן אין לאַנגע ווײַס־גרויע קרויזן איבער זײַן נאַקן און די לאַנגע באָרד און וואָנצעס האָבן זיך אויסגעמישט אַז מען האָט נישט געקאָנט זען זײַן מויל. בלויז ווען ער פֿלעגט רעדן אָדער שמייכלען פֿלעגן זיך באַווײַזן געלע פֿאַררויכערטע און צעלעכערטע פּעניקעס אַנשטאָט ציינער. אויך די אויגן זײַנע פֿלעגן פֿאַרלוירן גיין אונטער די לאַנגע און הויכע ברעמען און זיך בלויז באַווײַזן ווען ער פֿלעגט אַ שײַן טאָן מיט די שוואַרצע

פינקלענדיקע בליקן. אין איינעם פון זײַנע ברוינע, אויסגעדאַרטע אויערן האָט זיך געבאָמבלט אַ גרויסער גאָלדענער רינג פון אַן אוירינגל.

ער האָט אונדז אַלעמאָל זייער וואַרעם אויפגענומען מיט די ווערטער:

— פּאָפּטים, קאָפּילאַשי, טשע אַוועץ?

(ווילקאָמען, קינדער, וואָס ברענגט איר?)

ער האָט שטאַרק ליב געהאַט אונדזער היימישן האָניק־לעקעך און זיך צוגעכאַפּט צו אים. דעם צוקער, די ניס און די געטרוקנטע פּרוכט פלעגט ער אויסטיילן צו זײַנע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, וואָס פלעגן זיך אַרומשטעלן און אונדז באַטראַכטן מיט וואונדער און אַ היבש ביסל שפּאָט.

דער אַלטער האָט געוואוסט אַז מיר זײַנען נישט קיין אָנגעלעגטע געסט אין די אויגן פון זײַנע זין און אייניקלעך, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט אַרײַנגעלאָזט קיין פרעמדע אין טאַבאָר אַרײַן.

דערפאַר פלעגט ער לאַכן און אָנווײַזן אויף אונדז און זאָגן:

— דאָס זײַנען נישט קיין פרעמדע, נאָר אָפּשטאַמיקע פון אונדזערע אור־אַלטע ברידער „דיעטי איזראַיִליאַ“ (די קינדער פון ישׂראל). — ער האָט אַלעמאָל גערופן ייִדישע קינדער „דיעטי איזראַיִליאַ“.

מיר האָבן ליב געהאַט צו הערן זײַנע מעשׂיות וועגן זייער ציגײַנער־שבֿט ראָמאַן וועמענס נאָמען דער זקן טראָגט און וועגן זייער טויזנט יאָריקן וואוינען דאָ אַרום און זייער אַלטע היים אָלכיאָניִע אויף וועמענס רואינען די שטאָט סאָראָקי איז געבויט און טראָגט דעם נאָמען פון דעם באַרימטן מאָלדאַווישן פאָלקס־העלד האַידוק סאָראָק.

## „אָלכיאָניִע“

איינמאָל האָבן מיר געפרעגט:

— ראָמאַן, ווער האָט געבויט דעם טערקישן שלאָס?

— ניט די טערקן האָבן אים געבויט, נאָר די גענועזער. דאָס זײַנען געווען רײַכע סוחרים און קריגער פון מיטללענדישן ים, שטאָלטנע מאַנסבילן אין אַזעלכע קאָלירטע געפּאַסטע גאַטקעס מיט ווייכע זשאַמ־שענע טופליִעס מיט לאַנגע שפּיציקע נעז, אין אַטלעסענע קאָלירטע וועסטלעך, געהעפּטע העמדער מיט לאַנגע פראַנדזענע אַרבל, ווי בײַ הײַנטיקע רײַכע דאַמען, און גרויסע סויבלענע קאָפּעליושן מיט פעדערן און גרויסע געווענטענע פּעלערינעס.

זיי האָבן געטראָגן מאַנדאָלינעס איבער די אַקסלען און נאָר גע־

זינגען. זיי זײַנען געקומען מיט שיפֿן פֿול מיט סחורות און זעלנער אין געפּאַנצערטע ברוסט־דעקלעך און שטאָלענע קאַסקעס.

זיי האָבן פֿאַרטריבן די ציגײַנער און מאָלדאָוואַנער אין די וועלדער אַרײַן, און אויפֿגעבויט דעם „קרעפּאָסט" פֿון גרויסע שטיינער וואָס מען האָט אויסגעהאַקט אין אַ ריפּע אויפֿן באַרג. די פֿעסטונג האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן „אָלכּיאָניע". ערשט ווען די טערקן האָבן איבער־גענומען די פֿעסטונג האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן דער „טערקישער שלאָס".

## דאָס גן־עדן שיפּעטיל

ווען מיר האָבן אים אַמאָל געפֿרעגט פֿאַרוואָס רופֿט מען דאָס שיפּעטיל (וואַסער־קוואַל), אַרום וועלכן זיי לאַגערן יאָר־אײַן־יאָר־אויס, „דאָס גן־עדן שיפּעטיל" האָט ער מיט באַגײַסטערונג דערציילט:

— אונדזער ציגײַנער־שבֿט ראָמאַן פֿלעגט אַלע יאָר אויסשפּרייטן אונדזערע געצעלטן אין יאָר צווישן דעם וואַלעכישן דאָרף בוזשעריוקע און דער פֿעסטונג פֿון אָלכּיאָניע. אַ קליינער שטראָם וואַסער פֿון דניעסטער פֿלעגט אַרײַנפֿליסן אין יאָר אַרײַן און באַוואַסערן און באַ־פֿרוכפּערן אונדזערע גערטנער.

— איינמאָל ווען עס האָט אויסגעבראָכן די „טשומאַ" (כאָליערע) און טויזנטער מענטשן זײַנען געפֿאַלן פֿון דער קרענק אין גאַנצן לאַנד בײַ ביידע ברעגן פֿון דעם דניעסטער, זײַנען אַלע וואַסערן פֿאַרפּעסטעט געוואָרן מיט דער קרענק.

— מיר, די ראָמאַנער, האָבן זיך אַרײַנגעקלאַמערט אין אונדזער יאָר. מיר האָבן געמאַכט שײַטערן אין אַ רינג אַרום אונדזער לאַגער און אָנגעהאַלטן די פֿײַערן טאָג און נאַכט און געזען אַז קיין איין נפֿש אָדער חיה זאָלן דערגרייכן לעבעדיקע צו אונדז. מיר האָבן זיי געוואָרפֿן אין די פֿײַערן און פֿאַרברענט און זיך נישט צוגערירט צו די וואַסערן פֿון טײַך און ריטשקעס. בלויז איין קוואַל האָט געשלאָגן בײַ אונדז אין יאָר פֿון אַ פֿעלז און די וואַסערן זײַנען געווען קרישטאָל קלאָר און ריין פֿון דער פּעסט.

— קיינער פֿון אונדזער טאַבאָר איז נישט קראַנק געוואָרן און מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן דעם קוואַל — „פֿאָנטינאַ דע ראַי" — דער קוואַל פֿון גן־עדן און דערפֿאַר רופֿן די ייִדן דעם קוואַל „דאָס גן־עדן שיפּעטיל".

## די גרויסע שול

איינמאָל ווען ראַמאַן האָט מיט ליבשאַפֿט אונדז גערופֿן „דעטי איזראַיִליאַ״ האָבן מיר אים געפֿרעגט צי זײַנען מיט הונדערטער יאָרן צוריק געווען ייִדן אין אָלכּיִאַניִע אָדער סאַראַק.

ראַמאַן האָט פֿאַרצויגן זײַן ליולקע־ציבעק און מיט לאַנגזאַמע ווערטער דערציילט:

— יאָ, געווען אַ קליינע צאָל ייִדן אין צײַט פֿון אָלכּיִאַניִע. זיי האָבן געוואוינט אין אַן אַרומגעצוימטער געטאָ דאָרט וואו עס געפֿינט זיך דער שול־הויף און די גרויסע שול. דער פֿירער פֿון די ייִדן איז געווען באַר־חיים, אַ גרויסער געלערנטער און הייליקער מענטש.

— זיי זײַנען געווען אַרום 10 משפּחות מיט אַ סך קינדער. זיי האָבן געהאַלטן די איינציקע קרעטשמע אין געגנט און דעם סקלאַד פֿון פֿעפֿער, זאַלץ און בשׂמים. די גרויסע געבײַדע זייערע איז געווען די שטיינערנע סינאַגאָגע, וועלכע איז געבויט געוואָרן טיף אין דער ערד מיט געמויערטע ווענט ווי אַ פֿעסטונג. אַלע מאָל ווען פֿײַנטלעכע קריגער אָדער וואַנדערנדיקע באַנדעס רויבער פֿלעגן באַפֿאַלן די געטאָ האָבן די ייִדן זיך באַפֿעסטיקט אין דער סינאַגאָגע און זיך פֿאַרטיידיקט מיט געווער. די יונגע ייִדן זײַנען געווען אויסערגעוויינלעך גוטע שיסער און מען האָט פֿאַר זיי מורא געהאַט.

באַר־חיים איז געווען אַ שטאָלצער און ערנהאַפֿטער מענטש. אונדזערע אור־זיידעס פֿלעגן דערציילן אַז אונדז ציגײַנער פֿלעגט ער באַהאַנדלען ווי ברידער און אונדז גערופֿן די קינדער פֿון די פֿאַרלוירענע ייִדישע שבֿטים.

איינמאָל האָבן קאַטוילישע קריגער פֿון אָלכּיִאַניִע אויסגעטראַכט אַ בילבול פּונקט ערבֿ פּסח און זיי זײַנען באַפֿאַלן די ייִדישע געטאָ און אונטערגעצונדן די סינאַגאָגע. אַ העלפֿט פֿון די ייִדן מיט באַר־חיים׳ן זײַנען אומגעקומען. ווען ניט די מאָלדאָוואַנער־האַידוקעס פֿון די אַרומיקע וועלדער, וועלכע זײַנען געקומען די ייִדן צו הילף, וואָלטן אפֿשר אַלע ייִדן אומגעקומען.

פֿון דעמאָלט אָן איז די גרויסע סינאַגאָגע געוואָרן זייער אַ הייליק פּלאַץ פֿאַר די ייִדן און מיר ציגײַנער דערמאָנען מיט ערע דעם גוטן און ערלעכן באַר־חיים.

אַ צווייטן מאָל איז מען באַפֿאַלן די ייִדן אין כמעלניצקי׳ס צײַטן ווען די שטאָט האָט שוין געהייסן סאָראָקי. כמעלניצקי׳ס קאָזאַקן זײַנען

איבער דעם דניעסטער און באַפֿאַלן דעם וואָלעכישן וואָיעוואָדאַ. טיילן פֿון כמעלניצקי׳ס אַרמיי זײַנען אַרײַן אין דער יִדישער געטאָ וואו די יִדן און זייער ראַווין שלום האָבן זיך באַפֿעסטיקט. די קאָזאַקן האָבן אונטערגעצונדן די גרויסע שול און כּמעט אַלע יִדן זײַנען אומגעקומען אין פֿײַער.

אויך ציגײַנער זײַנען אומגעקומען אין יענע צײַטן. אונדזער גורל איז אַלעמאָל געווען פֿאַרבינדן מיטן גורל פֿון די קינדער פֿון ישׂראל. מען האָט אויך אונדז פֿאַרפֿאָלגט פֿאַר נישט וועלן אָננעמען דעם גלויבן פֿון די צלם-טרעגער.

## היידיוק סאַראַק

איינמאָל האָבן מיר געפֿרעגט ראָמאַנען צי איז אמת אַז אין קרײַטן-שטיבל, וואָס איז אויסגעהאַקט אין סאָראָקער הויכן באַרג, אויף יענער זײַט ביקיראָווער בריקל, לעבן אונטערשטן וואַלד, האָבן זיך טאַקע אויפֿגעהאַלטן רויבער און אַז די הייל האָט געהאַט אַן אונטערערדישן וועג אונטערן טײַך אַריבער קײַן פֿאָדאָליע.

ראָמאַן האָט פֿאַרצויגן זײַן ליולקע און אָנגעהויבן איינע פֿון זײַנע פֿאַנטאַסטישע מעשׂיות:

— ווען אין שלאָס אָלכיאָניע האָבן די אויסלענדער-סוחרים אײַנ-געפֿירט אַ הויכן אָפּצאָל אויף אַריבערפֿירן פּראָדוקטן מיטן פּאַראָם איבערן דניעסטער אָדער אַריבערברענגען סחורות פֿון פּאָדאָליע האָבן די צאַראַנעס פֿון די אַרומיקע וואָלעכישע דערפֿער זיך גענומען בונ-טעווען. גענוגזער קריגער האָבן מיט שווערד און פֿײַער גענומען פֿאַר-ניכטן די דערפֿער און טרײַבן די מענטשן אין די וועלדער ווי חיות.

דאַן איז פֿון דאָרף קאָסעאוץ אויפֿגעשטאַנען אַ יונגער צאַראַן און גערופֿן די אײַנוווינער צום באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד. זיי האָבן זיך באַ-זעצט אין קאָסעאוצער וואַלד און פֿלעגן מאַכן אָנפֿאַלן אויף די גענוגזער. דער יונגער צאַראַן איז געווען באַליבט און באַרימט מיט זײַן העלדיש-קייט. ער פֿלעגט באַפֿאַלן און צונעמען אַלעס בײַ די רײַכע און צעטיילן צווישן די אָרעמע פֿליכטלינגע אין די וועלדער.

דאָס פֿאָלק האָט אים אַ נאָמען געגעבן היידיוק סאַראַק (דער היידיוק פֿון די אָרעמע) דער אַטאַמאַן פֿון די אָרעמע.

היידיוק סאַראַק האָט אויסגעהאַקט אין קרײַטענעם באַרג די הייל מיטן שטיבל און קאַמערן פֿאַר פּראָוויאַנטן און פֿון דאָרטן געהאַלטן

אַן אויג אויפֿן גענועזער שלאָס און דאָס באַוועגן פֿון די שיפֿן איבערן דניעסטער פֿון און צום שוואַרצן ים.

ווען די גענועזער זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן האָט דאָס פֿאָלק אַ נאָמען געגעבן די נײַע שטאָט אויפֿן נאָמען פֿון זייער באַליבטן העלד היידיוק סאַראַק און שפּעטער האָבן די רוסן געביטן דעם נאָמען אויף סאָראָקי.

צום שלום האָט ראָמאַן אַ זינג געטאָן מיט זײַן אַלטער געבראָ־כענער שטימע אָט דאָס ליד:

### היידיוק סאַראַק

ווען היידיוק סאַראַק
איז אויף אָלכיאָניע געגאַנגען
האָט אים דאָס פֿאָלק באַגלייט
מיט פֿרייד און מיט געזאַנגען.

ווען היידיוק סאַראַק
האָט די פֿעסטונג צעוואָרפֿן,
האָט ער אין פֿאָלק צעטיילט
דאָס רײַכטום און די וואָפֿן.

ווען היידיוק סאַראַק
האָט אָלכיאָניע גענומען
האָט דאָס פֿאָלק די שטאָט
גערופֿן אויף זײַן נאָמען.

## יאָנעל

פֿון ראָמאַנ'ס אַלע אייניקלעך האָט בלויז איינער פֿאַרלאָזן דעם טאַבאָר און געוואָרן אַ שטאָטישער אײַנוואוינער. ער האָט געבראָכן די ציגײַנער־טראַדיציעס און אין איינעם אַ האַרבסטיקן טאָג ווען דער טאַבאָר האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן צו די וואַרעמע ברעגן פֿון קרים, דערקלערט דעם זיידן, אַז ער וויל זיך אָנדינגען אַלס אַ לערן־יינגל בײַ אַ יידישן שמיד.

עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע אין ציגײַנערישן לאַגער. זײַן פֿאָטער און מוטער און אַלע שוועסטער און ברידער און קאָזינס האָבן אים געוואָלט דאַירעם זײַן דערפֿאַר.

בלויז דער אַלטער ראָמאַן האָט אַרומגענומען דעם אייניקל און קוקנדיק לאַנג אין דעם יינגל'ס פאַרוויינטע אויגן מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— איז ווילסטו, הייסט עס, זיך איינוואָרצלען דאָ און וואַקסן ווי אַ דעמב. דו ווילסט מער נישט וואַנדערן ווי דאָס סטעפּאָווע גראָז. גיי, מיין קינד, און זיי מצליח.

ער האָט אַ קוש געטאָן דעם קליינעם יאָנעל און באַפעלעריש געגעבן זיין באַשלוס די אַרומיקע ציגיינער:

— לאָזט אים צורו! ער איז פריי פון אַלע ציגיינערישע פאַר־פליכטונגען און טראַדיציעס!

## „דאָס ציגיינעריל"

שווער איז געווען דעם 14־יעריקן יינגל זיך איינלעבן אין שטאָט, אַפילו ווען זיין באַלעבאָס אורצי קאָוואַל איז געווען גוט צו אים האָט אָבער די שטאָט נישט שלום געמאַכט מיט אים. וואו ער איז געגאַנגען און געשטאַנען האָט מען אים נישט גערופן ביים נאָמען נאָר „דאָס ציגיינעריל".

ער איז געוואַקסן אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער און אומ־ווויסנדיקער. ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען אין קיין שול און נישט געקאָנט אַפילו אונטערשרייבן זיין נאָמען.

ווען דער צאַר איז אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן איז יאָנעל שוין געווען אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק. די קערענסקי־רעגירונג און אירע דעקרעטן האָבן אַריינגעוואָרפן אונדזער שטעטל אין אַ כאַאָס. די פּאָליציי איז פאַרשוואונדן געוואָרן און די ליבעראַלע עלעמענטן אין שטאָט האָבן אויפשנעל אָרגאַניזירט אַ מיליציע פון יונגע אַרבעטער און שטודירנדיקער יוגנט. איינער פון די ערשטע אַריינגענומען צו ווערן אין דער פאָלקס־מיליציע איז געווען „דאָס ציגיינעריל" יאָנעל.

ער האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אויף די גאַסן אין אַ כאַקענעם פרענטש מיט הויזן גאַלפע און געפוצטע שטיוול. אויפן סאָלדאַטסקע היטל איז געווען צוגעשטשעפּעט אַ רויט באַנטיקל און איבערן רעכטן אַרבל אַ ווייסער באַנד מיט רויטע בוכשטאַבן: „מיליציע". בלויז אויפן גאַרטל האָט ער געטראָגן אַ לעדערן בייטל מיט אַ רעוואָלווער.

דאָס שטעטל האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון די אַלטע פאַראורטיילן און וואו נאָר יאָנעל האָט זיך באַוויזן האָט מען אים נאָך אַלץ גערופן: „דאָס ציגיינעריל".

## דער פּראָטאָקאָל

איין אינצידענט האָט זיך מיר איַינגעקריצט אין זכּרון און פאַר־איינגט יאָנעל׳ן אין מיַין הארצן.

איינע פון די ערשטע אַקטן פון דער מיליציע איז געווען האַלטן די שטאָט ריין. די מיליציאַנטן זיַינען אַרומגעגאַנגען און באַפוילן אַלע באַלעבאַטים און הויז־באַזיצער אויסצוקערן די פאָדערשטע טיילן פון די היַיזער, די טראָטוארן און רינשטאָקן.

איינמאָל איז יאָנעל אויסגעוואָקסן לעבן אונדזער הויז און באַפוילן אויסקערן און אַפּראַמען דעם שמוץ לעבן אונדזער טראָטואַר. די מאַמע האָט מיר געהייסן נעמען דעם בעזים און אַ וואַרעטקעלע און צונויפ־שאַרן דעם פאַרעך אויפן וואַרעטקעלע און עס אַוועקטראָגן אין הויף אַריַין, אַריַינוואַרפנדיק אין פעסל וואָס די רייניקער פלעגן צונעמען יעדע וואָך.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן אַרויפשאַרן דעם שמוץ אויפן וואַרעטקעלע און שוין געוואָלט אָננעמען אַלע פיר עקן און אַוועק־טראָגן, איז אָנגעקומען מיַין פעטער מאָטל „דער אַמעריקאַניעץ" און דערזעענדיק אַ געלעגנהיַיט זיך אַ רייץ טאָן מיטן „ציגיַינעריל" האָט ער מיר געהייסן דערוויַיל לאָזן דאָס וואַרעטקעלע מיט שמוץ ליגן לעבן טראָטואַר און אַליין אַריַינגיין אין הויז אַריַין. איך האָב אים געפאָלגט און אַריַינגעגאַנגען אין הויז אַריַין. דערוויַיל זיַינען שכנים אַרויס פון די שטיבער און דערשמעקט אַז מאָטל גייט עפּעס אָפּטאָן.

יאָנעל האָט באַפוילן גליַיך אַוועקנעמען דאָס וואַרעטקעלע מיטן שמוץ.

דער פעטער מאָטל האָט אים געזאָגט אַז „באַלד" און דערוויַיל גענומען וויקלען אַ פּאַפּיראָס פון טיטון אין ציגאַר־פּאַפּיר, פּאַוואָליע אָנצינדן אַ שוועבעלע און בשעת מעשׂה געזאָגט:

— איך האָב ציַיט. אויב דיר געפעלט נישט שריַיב אַ פּראָטאָקאָל.

דער עולם האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און פאַרשטאַנען אַז יאָנעל קען נישט שריַיבן.

דערוויַיל איז דער טאַטע מיט דער מאַמען און דאָס גאַנצע הויז־געזינד געבליבן שטיין אין דער טיר און זיך אָנגעשלאָסן אין געלעכטער.

יאָנעל איז געוואָרן רויט ווי אַ בורעק און אַרויסגענומען זיַין ציבעלע־זייגער פון דער הויבערשטער קעשענע פון זיַין פרענטש און נישט מיט זיַין קול באַפוילן:

— בירגער, איך גיב דיר איין מינוט צײַט!

דער פֿעטער מאָטל האָט אַרויסגענומען זײַן פּישקעלע שוועבעלעך און געמיטלעך, מיט אַן איראָניש שמייכעלע, ווידער גענומען אָנצינדן זײַן פּאַפּיראָס און געזאָגט:

— שרײַב אַ פּראָטאָקאָל. שרײַב, אויב דו קענסט.

מיטאַמאָל האָט יאָנעל אַרײַנגעלעגט דעם זייגער צוריק אין דער קעשענע, אַ כאַפּ געטאָן דאָס וואַרעטקעלע מיטן שמוץ מיט ביידע הענט און זיך אַ לאָז־געטאָן צו אונדז אין הויז אַרײַן. דער עולם בײַ דער טיר האָט מיט שטוינונג אים דורכגעלאָזט און אַז ער איז אַרײַן אינמיטן שטוב האָט ער אַ שלײַדער געטאָן דאָס וואַרעטקעלע מיטן שמוץ אויפֿן דיל און אַ געשריי געטאָן:

— „וואָט טעבע פּראָטאָקאָל!"

(אָט האָסטו דיר אַ פּראָטאָקאָל!)

דער עולם האָט אַזש אַ יעכץ געטאָן. דער פֿעטער מאָטל איז געבליבן שטיין אויפֿן טראָטואַר און שיעור נישט אײַנגעשלונגען דעם פּאַפּיראָס פֿון איבעראַשונג.

לאַנג האָט מען בײַ אונדז גערעדט אין הויז וועגן דער „חוצפּה" פֿון דעם „ציגײַנעריל".

אָבער מיט יאָרן שפּעטער, ווען די רומענער האָבן פֿאַרכאַפּט בעסאַראַביע און די רעוואָלוציאָנערע יוגנט איז אַנטלאָפֿן קײַן פּאָדאָליע, האָט מען זיך דערוואוסט אַז אויך יאָנעל איז אַוועק אין דער מאָלדאַווישער אויטאָנאָמער געגנט, זיך אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן און אַז ער איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פֿון קאָלכאָז אויפֿן נאָמען פֿון גרויסן העלד קאָטאָווסקי אין דער שטאָט קאָטאָווסק.



# פון דער ליטע דורך פּאָדאָליע

פֿיר שטעט פֿון פֿיר פֿאַרשיידענע ייִדישע געביטן מיט פֿיר אייגנ־אַרטיקע נוסחאות קלינגען אין מײַן בלוט. פֿיר נשמות, מיט פֿיר באַזונדערע אָנבליקן האָבן געשטאַלטיקט מײַן געביין.

דאָס שטעטעלע סעלץ אין דער ליטע, מעזשביש אין פּאָדאָליע, די שטאָט באָטאָשאַן אין רומעניע און דאָס בעסאַראַבער שטעטל סאָראָקי האָבן פֿאַרשטניטן אַ בונד. אַבֿרהם דער מתנגד'ישער משורר פֿון סעלץ, רחל די חסיד'ישע טאָכטער פֿון מעזשעביש, זייערע קינדער יאָסל דער קלעזמער פֿון באָטאָשאַן און אַהרן־אַנטשל דער שנײַדער פֿון סאָראָקי און זײַנע בנים האָבן אַ חלק אין מײַן פֿלייש און ביין.

### אַבֿרהם דער סעלצער

אַבֿרהם דער סעלצער איז אַרויסגעפֿאָרן אין 1836 פֿון דעם שטעטעלע סעלץ אין דער ליטע אַ יונגער באַגאַבטער משורר דינען אין פֿאָני'ס אַרמיי. מיט טרערן האָבן אים זײַנע אייגענע אַרויסבאַגלייט. זיי האָבן באַווינט דעם שיקזאַל וואָס רייסט אָפּ פֿון עמוד אין דעם גאונ'ס מתנגד'ישער קלויז אַזאַ מתוק־מדבֿש שטימע און גייט זי פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ אין דער שטאָט מעזשביש אין פּאָדאָליע וואו עס געוועלטיקן די חסידים, רחמנא־לצלן.

אין אַ חודש אַרום האָט דער חסיד יחיאל מעזשעבישער, וועלכער האָט געהאַלטן די קרעטשמע אין דאָרף דועוועץ אויפֿן טראַקט צווישן מעזשעביש און קאַמענעץ, געבראַכט צום עונג־שבת אַן אורח, אַ ייִדישן זעלנער פֿון דער ליטע.

זײַנען געזעסן אַרום דעם פֿרײַטיק־צו־נאַכטיקן טיש דער קרעטשמער און זײַן ייִדענע און זײַנע פֿיר טעכטער און זיך אײַנגעקוקט אין דעם אויסגעבלייכטן אַבֿרהם דער זעלנער וואָס שעמט זיך נעמען אַ

ביסן אין מויל. נאָר אַז עס איז געקומען צו זמירות, האָט זיך מיטאַמאָל געעפֿנט דעם זעלנערס מויל און די קרעטשמע איז פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט מתוקות.

יענעם שבת האָט אַבֿרהם דער סעלצער אָנגעטאָן אַ טלית איבער זײַן זעלנערישן מונדיר און געדאַווענט פֿאַרן עמוד. דער קליינער עולם חסיד'ישע דאַווענער זײַנען אַזש געשפּרונגען פֿאַר פֿרייד פֿון אַזאַ זיסער שטימע.

שבת נאָכן מאָלצײַט איז אַבֿרהם אַרויס שפּאַצירן איבער די אַרומיקע לאָנקעס בײַם ברעג טײַך און אָנגעטראָפֿן די עלטסטע טאָכטער פֿון יחיאל קרעטשמער, רחל, ווי זי איז געגאַנגען בײַם בריקל און געבליבן אַ פֿאַרטראַכטע שטיין, און איר שטאַלטנע פֿיגור האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם שטילן וואַסער-פֿלוס. אַ פֿריידיקע וואַרעמקײַט האָט זיך צעגאָסן אין זײַן האַרץ און ווען בײַם אָוונטדיקן שלוש-סעודות אין מעזשיבעשער שטיבל האָט רעב יחיאל אים געבעטן עפּעס זינגען האָט ער אויסגעגאָסן זײַן שענסטן שיר-השירים און איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן מיט התלהבֿות אין חסיד'ישן טאַנץ און פֿאַרוואָרפֿן זײַן האַנט איבער יחיאל'ס אַקסל.

**די חתונה אין מעזשעביש**

אין זעלבן יאָר האָט מען אין מעזשעביש אין דער קלויז פֿון בעשט געפּראַוועט די חתונה פֿון רחל'ע דוועוועצער מיט אַבֿרהם דעם סעלצער.

שיין, קלוג און געלערנט איז געווען רחל'ע. זי האָט געקאָנט לייענען אחוץ מאַמע-לשון אויך העברעיִש, רוסיש און אוקראַיִניש.

ווען אַבֿרהם האָט אויסגעדינט זײַן מיליטער-טערמין איז ער געוואָרן אַ תּושבֿ אין דועוועץ און איבערגענומען דעם שווער'ס קרעטשמע. דער אַלטער יחיאל איז אַוועקגעפֿאָרן קײַן מעזשעביש אויסלעבן זײַנע לעצטע טעג בײַם פֿריילעכן טיש פֿון רעבין.

רחל'ע האָט אַבֿרהמ'ען באַגליקט מיט פֿיר זין און צוויי טעכטער. דער עלטסטער זון יאָסל איז געווען אַ הויכער, שיינער יונג, וואָס האָט געקאָנט פֿײַפֿן מיטן מויל ווי אַ פֿויגל, דער צווייטער אהרן-אַנטשל איז געווען אַ נידעריקער און גוטמוטיקער, דער דריטער הערש איז געווען אַ ברייטפּלייציקער און שטאַרקער בחורעץ, דער ייִנגסטער שמואל אַ צערטלדיקער און אַ „זאַיִקע", אַ כּבֿד-פּה, אַ שטאַמלער, וואָס האָט קוים געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט.

## די כאַפּערס

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די בהלה פֿון כאַפּן ייִדישע קינדער און זיי איבערגעבן אין די הענט פֿון די צאַרישע אַגענטן וואָס צעשיקן זיי אין די ווײַטסטע רוסישע געביטן וואו זיי ווערן דערצויגן אַלס קאַנ־טאָניסטן — קינדער סאָלדאַטן — האָט רחל אויסבאַהאַלטן אירע עלטערע דרײַ זין.

דעם ייִנגסטן, דעם „זאַיקע", האָט זי געהאַלטן לעבן זיך. זי איז געווען זיכער אַז אים וועט מען זיכער נישט כאַפּן.

פּאַסירט איינמאָל אין אַ פּרײַטיק בײַטאָג, ווען רחל איז געשטאַנען בײַ זיך אין קיך און צוגעגרייט דעם טשאָלענט זײַנען אַרײַן די כאַפּערס זוכן די קינדער.

דער „זאַיקע" האָט פֿאַר שרעק זיך אײַנגעקלאַמערט אין דער מאַמען און ווען די כאַפּערס האָבן אים אַ נעם געטאָן אין די הענט האָט ער אויסגעשריגן ניט מיט זײַן שטימע קלאָר און דײַטלעך:

— אוי, מאַמע, איך האָב מורא!

פֿון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן רעדן. די כאַפּערס האָבן אים צוגענומען און ער איז פֿאַרלוירן געוואָרן ערגעץ אין טיף רוסלאַנד און טאַטע־מאַמע האָבן אים שוין קיינמאָל נישט אָנגעזען.

## רחל שרײַבט צום קייסער

די אומגליקלעכע רחל האָט איבערגעקערט אַ וועלט צו געפֿינען איר קינד. זי האָט געשריבן „פּראָשעניעס" צום גובערנאַטאָר און אַפֿילו צום קייסער אַליין. מיט אייגענער האַנט אין שיינע קאַליגראַ־פֿישע רוסישע בוכשטאַבן האָט זי אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ צום הערשער אין פּעטערבורג. אָבער עס האָט נישט געהאָלפֿן.

פֿאַר צרות איז רחל'ע שיעור נישט אַרונטער פֿון זינען. ענדלעך האָט זי באַשלאָסן צו ראַטעווען אירע דרײַ זין.

זי האָט איבערגעלאָזט אַבֿרהמ'ען מיט די צוויי טעכטער אין דער קרעטשמע. אַליין האָט זי גענומען אירע זין און אַריבער דעם דניעסטער קײַן בעסאַראַביע וואו ייִדישע קינדער זײַנען געווען פֿרײַ פֿון מיליטער־דינסט.

אין דער קאָלאָניע דאָמבראָווען האָט זי בײַ אַ קרובֿ געלאָזט דאָס ייִנגסטע און קרעפּקע ייִנגל הערש וועמען עס האָט געצויגן ווערן אַן ערד־אַרבעטער. מיט די אַנדערע צוויי, יאָסל און אַהרן־אַנטשל, איז זי אַריבער דעם פּרוט קײַן באָטאָשאַן, רומעניע.

יאָסלען האָט זי אָנגעדונגען ביי אַ יידישן קלעזמער צו ווערן אַ פּלייטיסט און אַהרן-אַנטשלען האָט זי איבערגעלאָזט ביי אַ פּריוואַט-לעכן רומענישן שניידער צו דינען עטלעכע יאָר מיט וואוין-און-קעסט.
אַליין איז זי צוריק אַהיים קיין דוועוועץ צו איר מאַן און טעכטער. יעדן פרילינג פלעגט זי אַריבער דעם דניעסטער און פרוט און זיך אָנזעטיקן, עטלעכע חדשים, מיט אירע פאַרטריבענע אינדערפרעמד זין.

## יאָסל לויפט אַהיים

נאָך צוויי יאָר האָט זיך יאָסלען פאַרבענקט אַהיים צו דער דוע-וועצער קרעטשמע. ער האָט אָנגעהויבן איינרעדן אַהרן-אַנטשלען אַז זיי זאָלן זיך לאָזן אַהיים קיין פּאָדאָליע. אָבער זיין יינגערער ברודער איז געווען אַזוי אָנגעשראָקן פון די כאַפּערס אַז ער האָט מורא געהאַט דאָס צו טאָן.
יאָסל האָט איבערגעלאָזט זיין ברודער אין רומעניע און אַליין אַוועק דורך בעסאַראַביע קיין פּאָדאָליע. ער האָט אַפילו נישט באַוויזן צו דערגרייכן קיין דוועוועץ. אין קאַמענעץ האָט מען אים גע'מסור'ט און כאַפּערס האָבן אים איבערגעגעבן אין רוסישע הענט.
זעקס יאָר איז ער געוועזן אין דער צאַרישער אַרמיי. זיין שפּילן פלייט האָט אַזוי אויסגענומען אַז מען האָט אים געהאַלטן אין איבער-שיקן פון איין מיליטערישער קאַפּעליע אין אַ צווייטער ביז ער האָט דערגרייכט צו דער צאַרישער קאַפּעליע אין „צאַרסקאָיע סעלאָ" און אַפילו אָפּט געשפּילט פאַר דער צאַרישער פאַמיליע.
אויפן זעקסטן יאָר האָט ער זיך פאַרבענקט נאָך זיין ברודער'ל אַהרן-אַנטשל און געמאַכט פּליטה צוריק קיין באָטאָשאַן.

## „סטראַדאַ ציגאַנימע"

ווען יאָסל איז צוריקגעקומען קיין באָטאָשאַן האָט ער און זיין ברודער'ל אַהרן-אַנטשל, דער שניידער-געזעל, זיך באַזעצט אין קלעז-מער-הויף אויף סטראַדאַ ציגאַנימאַ (די ציגיינער גאַס). יאָסל איז געוואָרן זייער באַליבט אין באָטאָשאַן אַלס דער בעסטער פלייטן-שפּילער. דער יידישער צימבאַליסט און פאָלק-זינגער יאַנקעוו פּסאַנטער מיט זיין ציגיינער-קאַפּעליע פלעגט מיט אים אַרומ-טרעטן אויף קאָנצערטן אין די גאָרטן-שענקען און די אַפּישן פלעגן אים אָנאָנסירן אַלס „יאָסל דער רוסישער" דער וואונדערלעכער פלייטיסט און זיין נאָמען האָט גע'שמ'ט אין גאַנץ מאָלדאַוויע און

וואַלאַכיע. יאָסלען איז געווען זייער גוט אין רומעניע. ער האָט חתונה געהאַט און אַרומגעוואַנדערט פֿון שטאָט צו שטאָט מיט פּאַנטערן און די בראָדער זינגער.

נאָך נײַן יאָר אָפּדינען בײַ דעם רומענישן שנײַדער האָט אַהרן־אַנטשל זיך געזעגנט מיט זײַן ברודער יאָסל און האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן צוריק קײַן פּאָדאָליע.

ווען ער איז איינמאָל אין אַ פּרײַוואַטיק אָוונט אָנגעקומען צום ברעג דניעסטער אין דער שיינער שטאָט סאָראָקי איז ער אַרײַן אין דער שנײַדערשער שול דאַוונען. ווען דער עולם האָט זיך דערוואוסט אַז דאָס גייט דער יינגערמאַן אַזש פֿון רומעניע קײַן פּאָדאָליע, האָט מען זיך מיט אים פֿאַראינטערעסירט.

שלמה־זלמן דער שנײַדער האָט אים אויסגעדונגען בײַ אַלע אַנדערע שנײַדער, מיט אַ גרויסן „שנתן" פֿאַר דער שול און געבראַכט צו זיך אַלס אורח. דער שנײַדער האָט געהאַט זײַן דירה אין הויז פֿון דער אַלמנה, די ציגעלמאַכערין, וועלכע האָט געוואוינט אין הויז מיט איר טאָכטער חיה־שׂרה.

דער אורח איז שטאַרק געפֿעלן געוואָרן דעם שנײַדער און ער האָט אים צוגערעדט אַז ער זאָל בײַ אים בלײַבן אַרבעטן אַ זמן. נאָכדעם ווי ער וועט אָנזאַמלען אַ סומע געלט וועט ער קענען פֿאָרן ווײַטער.

אַהרן־אַנטשל איז געבליבן אַ סאָראָקער און חתונה געהאַט פֿאַר דער שיינער און שטאַלטנער חיה־שׂרה דעם ציגעלמאַכערס. און חיה־שׂרה האָט אַהרן־אַנטשלען באַגליקט מיט זעקס זין און דרײַ טעכטער און איך בין איינער פֿון זייערע אייניקלעך.

אַזוי אַרום ציט זיך מײַן שטאַם פֿון דעם ווילנער גאונ׳ס שטעטל סעלץ, ביז דעם בעשט׳ס שטעטל מעזשיבעש, דורך רומעניע קײַן בעסאַראַביע.



# באָבע־מעשיות

מײַנע בײדע באָבעס האָבן געטראָגן דעם נאָמען שׂרה. דער מאַמע׳ס מאַמע האָט געהײסן שׂרה־עלקע און דעם טאַטנ׳ס מאַמע — חיה־שׂרה.

די באָבע שׂרה־עלקע האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿאַמיליע למדנים אין דער ערד־אַרבעטער קאָלאָניע זגוריצע. די באָבע חיה־שׂרה האָט גע־שטאַמט פֿון אַ פֿאַמיליע פֿאַרמעגלעכע ציגל־מאַכער בײַ אונדז אין סאָראָקי.

די באָבע שׂרה־עלקע איז געװען אַ קלײנינקע, רירעװדיקע, שפּרודל־דיקע, באַרעדעװדיקע און פֿרײלעכע ײִדענע. זי איז געװען גוט און צוגעלאָזן צו מענטשן און אַ שטרענגע בלױז בנוגע אָפּהיטן ײִדישקײט. בײַ איר האָט מען געמוזט װאַשן די הענט און אָפּדאַװענען אײדער מען זעצט זיך עסן פֿרישטיק און אין אָװנט האָט זי געטריבן אין שול אַרײַן דאַװענען מינחה און מעריבֿ אײדער מען עסט װעטשערע.

די באָבע חיה־שׂרה איז געװען אַ הױכע, שטאַלטנע, האָנעראָװע און שװײַגנדיקע ײִדענע. זי איז געװען פֿאַרטאָן אין איר הױז־געזינד און אין איר צוױבערדיקער באַלעבאַטישקײט. זי האָט מער הנאה געהאַט פֿון זאַכן װי פֿון מענטשן.

די באָבע שׂרה־עלקע האָב איך שטאַרק ליב געהאַט צוליב איר גוטסקײט, פֿאָלקסטימלעכער חכמה, דערצײלערישער קראַפֿט און נײגונג צו לערנען און אָנװײַזן.

פֿאַר דער באָבען חיה־שׂרה האָב איך מורא געהאַט. אין איר אָנװע־זנהײַט בין איך געװען פֿאַרלױרן, שטום און מינדערװױכטיק. זי פֿלעגט שטענדיק זיך בײזערן אױף מײַן אָפּגעלאָזענעם ײִנגלשן הולך, מײַנע באַשטױבטע שיך װאָס פֿלעגן פֿאַרפּיליען אירע טעפּיכער, מײַנע אומ־רואיקע הענט װאָס האָבן אַלעס געװאָלט אָנרירן. זי האָט נישט גערעדט, נאָר באַפֿױלן, זי האָט נישט געלערנט, נאָר געשטראָפֿט.

## די זגוריצער למדנית

די באָבע שׂרה-עלקע האָט גע׳שמ׳ט מיט אירע קענטעגישן אין דאַוועגען, פּסוקים פֿון תנ״ך און לשון-קודש׳דיקע ווערטלעך. זי האָט זיך דאָס אויסגעלערנט פֿון איר טאַטן און ברידער — שמשים און בית-מדרש-ייִדן.

ווען די באָבע שׂרה-עלקע פֿלעגט יעדן ווינטער קומען קיין סאָראָקי און אָפּזײַן עטלעכע חדשים בײַ אונדז אין הויז, פֿלעגט זי נישט אויפֿהערן צו רעדן מיט גלײַכווערטלעך און דערציילן מעשׂיות פֿון דער אַגדה און די הייליקע ספֿרים.

ווען זי האָט אַמאָל פֿאַרטשעפּעט די באָבע חיה-שׂרה מיט עפּעס אַ שאַרפֿן פּסוק, האָט זיך יענע אָנגעבלאָזן און געזאָגט מיט שטראָף:

— מיט צופֿיל וויסן טאָר מען זיך נישט גרויסן.

די קלייניקע באָבע איז צוגעגאַנגען צו דער הויכער באָבען און מיט שמייכלענדיקע אויגן, אַרויפֿקוקנדיק צו איר, געזאָגט:

— האָט נישט קיין פֿאַראיבל, מחותנת׳טע, מײַן ווייניקייט מוז נאָך אַלץ אַרויפֿקוקן צו אײַך!

## דער זינגעוודיקער אַלף-בית

אין די ווינטערדיקע נעכט פֿלעגט מײַן מאַמע און די באָבע שׂרה-עלקע זיצן ביז שפּעט בײַנאַכט בײַ דער וואַרעמער הרובע און שטריקן צוזאַמען אָדער פֿליקן פֿעדערן און רעדן און דערציילן.

איך פֿלעג זיך אײַננורען צווישןביידן און ביז אײַנשלאָפֿן זיך צוהערן צו זייער געשפּרעך, אַפֿילו ווען איך האָב זייער ווייניק וואָס פֿאַרשטאַנען.

די באָבע פֿלעגט דאַן מיך לערנען דעם אַלף-בית דורך אַזאַ מין זינגעוודיקן אופֿן:

— זאָג יינגעלע, וואָס איז אַן אָפּגעהאַקט פֿיסעלע?
— גימל!
— אַ רינגעלע?
— סאַמעך!
— אַ טויער?
— חעס!

אָדער זי פֿלעגט מיך לערנען די לשון קודש׳דיקע ווערטער פֿון די זאַכן וואָס מען דאַרף אָנרירן ווען מען מאַכט אַ מוצא איבער ברויט:

— וואָס מיינט שולחן?
— אַ טיש!
— לחם?
— ברויט!
— סכּין?
— אַ מעסער!
— מלח?
— זאַלץ!

## אָפּשפּרעכן אַן „אָרע״

אַ גרויסע בריאה איז די באָבע שׂרה־עלקע געווען אויף אָפּשפּרעכן אַן „אָרע״ (עין־הרע). טאָמער איז עמעצער קראַנק געוואָרן אָדער פֿאַר עפּעס זיך דערשראָקן פֿלעגט זי אײַנוויקלען עפּעס אַזעלכע קרײַטעכצער אין אַ שמאַטע מיט אַ פֿליידערוויש און זאָגן עפּעס אין אַ קוידערישער שפּראַך.

איך געדענק בלויז די לעצטע צוויי זאַצן:
— דודאַלע האָט אַן „אָרע״. סעטציך פֿיילן!
— דודאַלע האָט אַן „אָרע״, סהאָטציך שוין געפֿיילט!

## דאָס אויסגיסן פֿון אַן איי

איינמאָל, איך בין דאַן אַ זעקס יאָר אַלט געווען, האָב איך דערזען דורך דער אָפֿענער טיר אַ חזיר האָט עפּעס געניסטערט בײַ אונדזער קאַנאַווע. האָב איך געכאַפּט דעם טאַטנ׳ס שנײַדערשע לאַנגע, הילצערנע ווירע און בין אַרויס פֿאַרטרײַבן דעם „אומריינעם״.

דער חזיר האָט זיך גענומען יאָגן אַרום מיר און פּלוצלינג אַדורך מיט אַ גוואַלדיקן אימפּעט דורך מײַנע צעשפּרייטע פֿיסלעך. אין איין אויגנבליק בין איך געבליבן זיצן רײַטנדיק אויף דער שאַרסטקער שאַטינער פֿעל פֿון דבר־אַחר און ער האָט מיך פֿאַרטראָגן עטלעכע הײַזער ווײַטער און אַ שלײַדער געטאָן אין דער קאַנאַווע. אַ פֿאַרשמוצטן און צענעזיקטן האָט מען מיך אַ פֿאַר׳חלש׳טן אַרײַנגעטראָגן אין הויז אַרײַן.

די באָבע שׂרה־עלקע האָט מיך גלײַך אַרומגעוואַשן און אָפּגעשפּראָכן מיטן פֿליידערוויש. דערנאָך האָט זי גענומען אַ פֿריש איי און פֿירנדיק איבער מײַנע אַלע גלידער עפּעס געמורמלט אויף איר קוידערישער שפּראַך. זי האָט גענומען אַ גלאָז מיט וואַסער און אַרײַנגע־

בראָכן דאָס איי. דאָס ווײַסל מיט געלכל האָבן זיך אונטערגעטונקען און צוויי קליינע בלעזעלעך, ווי פּערעלעך, האָבן זיך באַוויזן אויפֿן אויבערפֿלאַך און אַרומגעשוואומען אין גלאָז.

אַלע שטוביקע האָבן דאָס באַטראַכט מיט שטוינענדיקן וואונדער און די באָבע האָט באַדײַטנדיק דערקלערט:

— אָט דאָס זײַנען צוויי קעפּעלעך. דאָס קליינע בלעזעלע איז דודאַלע און דאָס גרעסערע בלעזעלע איז, להבֿדיל, דער דבֿר־אַחר.

— פֿו! פֿו! צו מײַנע שׂונאים! זאָל דאָס קינד געזונט ווערן, אָמן!

## שדים, שרייטאַלעך און פּיפּערנאָטערס

פֿאַנטאַסטישע מעשׂה׳לעך פֿלעגט די באָבע שׂרה־עלקע מיר דערציילן וועגן גוטע־ייִדן וואָס האָבן מיט גאָטס־וואָרט פֿאַרטריבן שדים וואָס לויערן אויף מענטשן, וועגן שרייטאַלעך און פּיפּערנאָטערס וואָס באַזעצן זיך אין הײַזער וואו מען האַלט נישט ריין און כּשר; וואו מען שנײַדט רחמנא־לצלן די נעגל פֿון די פֿינגער און מען וואַרפֿט אויף דער ערד; וואו מען עסט אומגעוואַשנט און פֿרויען היטן נישט אָפּ די דינים פֿון ריינקײַט און וועגן דעם דאָמאָוואָי וואָס פּײַניקט און פֿאַרט רײַטנדיק אויף די פֿערד און רינדער אַ גאַנצע נאַכט אין שטאַל.

## די באָבע יאַכנע

די אָנפֿירערין פֿון אַלע נישט־גיטע, האָט זי דערציילט, איז די אַלטע באָבע יאַכנע, וועלכע וואוינט אין אַ חורבֿה אין געדיכטן וואַלד און האַלט־אויף אַלע שדים, שרייטאַלעך און פּיפּערנאָטערס.

יעדן אָוונט, גלײַך נאָכדעם ווי די זון פֿאַרגייט און עס באַווײַזן זיך די ערשטע שטערן, קאָכט זי אָפּ אַ גרויסן טאָפּ מיט בימערע און טערפּקע קרײַטעכצער און קאָרמעט אָן די שדים־כאַליאַסטרע און שיקט זיי אַרויס צו פֿאַרפֿירן, נייטן און פּײַניקן די שוואַכזיניקע און אָפּטריניקע פֿון גאָט׳ס וועגן אין די דערפֿער און שטעט.

זיי רעדן אײַן מענטשן צו טרינקען בראָנפֿן, שפּילן אין קאָרטן און הולטיאַײַעווען מיט אויסגעלאַסענע פֿרויען.

איך געדענק צוויי שפּריכווערטלעך וואָס די באָבע פֿלעגט זייער אָפֿט באַנוצן:

— אַז פֿאָטער און מוטער זײַנען שדים קומען אַרויס קינדער ווי די רוחות.

— אַ בייזע שנור און אַ ווייסטער איידעם זײַנען ווי צוויי שדים.

## לילית די פֿאַרפֿירערין

דעם שווידערליכסטן איינדרוק פֿלעגן אויף מיר מאַכן אירע מעשׂיות וועגן אשמדי און זיין געליבטער די אויסגעלאַסענע לילית, וועלכע איז האַלב־שלאַנג און האַלב־פֿרוי און פֿאַרשטעלט זיך אַלס שיינע פֿאַרפֿירערישע מיידל. זי פֿאַרלייגט זיך שטענדיק אויף יונגע ערליכע בחורים און פֿירט זיי אַראָפּ פֿון וועג. אַזעלכע גוטע בחורים הערן אויף צו דאַווענען, שערן זיך אָפּ באָרד און פּאות, שניידן אונטער זייערע קאַפּאָטעס און הערן אויף רעדן יידיש. מיט דער צייט גייען זיי אַוועק פֿון יידישקייט און ווערן פֿאַרפֿאַלן אין די טראַקטירן און די שאַנד־הייזער.

אַ שווידער פֿלעגט מיך אַרומכאַפּן פֿון אַט די מעשׂיות וואָס די באָבע שׂרה־עלקע פֿלעגט דערציילן אין די שפּעטע ווינטער־אָוונטן בשעת זי פֿלעגט זיצן ביי דער צעזשאַרעטער הרובע און פֿליקן פֿעדערן און איך פֿלעג זיך אַ דערשראָקענער טוליען צו איר.

## ווייבערשע סודות

איבערהויפּט פֿלעג איך ווערן פֿאַראינטערעגירט פֿון די געשפּרעכן וואָס די באָבע שׂרה־עלקע און די מאַמע ציפּע פֿלעגן פֿירן צווישן זיך וועגן פֿרויען און זייער פֿאַרהייראַטן לעבן.

איך פֿלעג זיך אָנהערן פֿון שווידערלעכע מעשׂיות וועגן די ניט־גיטע וואָס לויערן איבער חתן־כּלה דעם טאָג פֿון זייער חתונה און איבער־הויפּט אין דער חתונה־נאַכט. וויאַזוי אַ חתן איז איינמאָל פֿאַרשוואונדן ווען מען האָט פֿאַרגעסן לאָזן אַ שומר מיט אים. וויאַזוי אַ כּלה האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד, וויאַזוי אַ שד מיט אַ ציגן־בערדל און אַ פּעלערינע האָט זי פֿאַרפֿירט און זי איז אַרונטער פֿון זינען.

די באָבע שׂרה־עלקע פֿלעגט שטענדיק אַ קרעכץ טאָן און זאָגן:

— דאָס באַווייזט אַז מען מוז האַלטן אַן אויג אויף חתן־כּלה און די פֿאַרקנאַסטע יונגע מיידלעך. און מען דאַרף אויסהיטן אַ נאַרוואָס פֿאַרהייראַטע ווייבל אַז אויסוואורפֿן זאָלן זי ניט פֿאַרפֿירן.

## די באָבע דערקענט אין מיר

ווען איך האָב איינמאָל אין אַזאַ פֿאַל אַרויסגעוויזן צופֿיל נייגע־ריקייט, האָט די באָבע אויפֿגעהערט רעדן, אָנגעשטעלט אירע פֿאַרשנ־דיקע קלוגע אויגן אויף מיין בלייכן דערשראָקענעם געזיכט און געזאָגט דער מאַמען:

— טאָכטער, איך האָב מורא, אַז דער ילד איז מבֿין כּל דיבור.
און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ פּלעצל אין געזעמס און געטריבן גיין שלאָפֿן אין אַנדערן צימער.

איך פּלעג זיך איַינגורען אין מיַין וואַרעמער קאָלדרע אָבער מיַין האַרץ און אויערן זיַינען געווען אָנגעשטרענגט אויפֿצוכאַפּן דעם מוזי־קאַלישן קלאַנג פֿון דער באָבע'ס שטימע און די שוידערליכע באָבע־מעשׂיות וואָס פּלעגן מיך אי שרעקן אי אַריַינפֿירן אין אַ פֿאַנטאַסטישער וועלט פֿון צויבער און דערציילערישן וואונדער.



# מײַן זײדע און זײַנע בנים

די ליכטיקסטע פֿיגור אין די ערשטע נײַן יאָר פֿון מײַן לעבן איז געווען מײַן זײדע אַהרן־אַנטשל פֿון סאָראָקי. ער האָט אויפֿגעלויכטן מיט זײַן װײַסער באָרד און זילבערנע ברעמען אין מײַנע קינדערשע אויגן ווען איך בין נאָך אַ פּיצל קינד געווען, און ער איז אַ שטראַליקער אויסגעגאַנגען פֿאַר מײַנע אויגן, דעם ערבֿ יום־כּיפּור אָוונט פֿון 1913, ווען איך בין דער איינציקער שומר געזעסן בײַ זײַן קראַנקן בעט.

די באָבע חיה־שׂרה און אַלע אירע קינדער און אייניקלעך זײַנען דאַן אין שול געווען צו כּל נדרי, בעטנדיק אַ רפֿואה שלימה פֿאַר אים, און איך, אַ נײַן־יאָריקער, בין געזעסן און געהאַלטן זײַן האַנט, וועלכע האָט זיך אויסגעלאָשן אין מײַנע פֿינגער.

דער זײדע האָט מיט זײַנע קלוגע אויגן און ציטערדיקע ווערטער פֿאַר מיר אַנטדעקט דעם גרויסן סוד פֿון לעבן — ניט מורא האָבן פֿאַרן טויט.

— ווייִן נישט, דודעלע, שטאַרבן איז אַ שלאָף פֿון וועלכן דער גוף שטייט נישט אויף און די נשמה גייט אין האַרצן און אין זכּרון פֿון די לעבעדיקע...

— געדענק, דודעלע, שטאַרבן איז אַ שלאָף... אַ... און דער זײדע איז אויף אייביק אײַנגעשלאָפֿן.

מיט אַ יעכץ בין איך געלאָפֿן אין שול אַרײַן אָנזאָגן די פֿינצטערע בשׂורה.

### ראש חבֿרה־קדישא

מײַן זײדע איז ביז זײַן נפֿטר ווערן געווען דער ראש פֿון דער חבֿרה־קדישא און חבֿרה־נושׂאי המיטה אין שטעטל. בײַם זײדן אין אַ

קעמעריל פון הויף איז געשטאַנען די מיטה, דאָס טהרה־ברעט און דער שוואַרצער צודעק מיטן שוואַרצן גאַרטל.

זיך מתעסק־זײַן מיט די פאַרשטאָרבענע איז בײַ מײַן זיידען געווען אַ הייליקע אַרבעט. דער טײַערסטער שאַץ בײַ אים אין ספרים־שראַנק איז געווען דער אַלטער פינקס פון דער חבֿרה־קדישא אין וועלכן ער פלעגט מיט דריבנע ייִדישע אות׳עלעך פאַרשרײַבן די נפטרים און צוגעבן זײַנע געציילטע קאָמענטאַרן.

ביז הײַנט טוט מיר באַנג וואָס איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט גענוג יאָרן און פאַרשטאַנד צו פאַרהיטן און אָפּשרײַבן די בלעטער פון יענעם פינקס, וועלכער איז יאָרצענדליק געווען אין באַזיץ פון אונדזער משפחה און איז פאַרלוירן געגאַנגען.

בײַ שׂימחה׳לעך פון דער קליינער איבערגעגעבענער „סאָראָקער חבֿרה־קדישא״ פלעגט דער זיידע אָפּט פאַרלייענען פון פינקס וועלכער איז אָפּגעהיט געוואָרן אין שטעטל פאַר עטלעכע הונדערט יאָר.

איין שווידערלעכע מעשׂה האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זיכּרון. עס האָט זיך דערציילט וועגן אַ ישיבֿה־בחור וועמען מען האָט אַרויס־געטריבן פון דער גרויסער שול פאַר פירן אַ ליבע מיט אַ באַלעבאַטישער טאָכטער, וועמענס פאָטער האָט געמאַכט אַ טומל אין שול. אַלס פּראָ־טעסט און ווייטיק האָט דער בחור זיך אויפגעהאַנגען מיט זײַן זײַדענעם גאַרטל צום הענג־לאָמפּ אין פּאָליש.

די פּני פון שטעטל האָבן באַפוילן אים באַערדיקן „מאחורי־הגדר״ (פון יענער זײַט פּלויט), וואו מען באַערדיקט ווידערשפּעניקער און זעלבסט־מערדער.

די חבֿרה־קדישא פון יענער צײַט האָט זיך אָנטזאָגט דאָס דורכצו־פירן און אים דווקא באַערדיקט אינמיטן פעלד אויף אַן אָנגעזעענעם אָרט.

דער זיידע פלעגט זייער אָפּט פאַרלייענען יענע שווידערלעכע מעשׂה און שטענדיק פאַרענדיקן:

— רחמים איז די גרעסטע מצווה!

— מדת הרחמים איז הייליקער פון מדת הדין!

### אַ טראַגישער נקמה־אַקט

און דאָך האָט פּאַסירט אַ טראַגישער נקמה־אַקט אַרום דער לוויה פון מײַן זיידן, וואָס די באָבע חיה־שׂרה און אירע פינף בנים האָבן

דורכגעפֿירט און וואָס דער זיידע אַליין וואָלט דאָס זיכער נישט דערלויבט.

איך וועל דערציילן אַזוי ווי מײַן טאַטע און זײַנע פֿיר ברידער, אהרן-אַנטשל׳ס בנים, פֿלעגן דאָס איבערדערציילן.

דער זיידע אהרן-אַנטשל און די באָבע חיה-שׂרה מיט זייערע פֿינף בנים און דרײַ טעכטער האָבן געוואוינט אין אַ הילצערן שטיבל מיט אַ שינדלנעם דאַך אין סאַמע עק פֿון שטאָט, לעבן קלויסטער, בײַם בריקל וואָס טיילט אָפּ דאָס שטעטל פֿון דערבײַיאיקן דערפֿל. זייער אָרעם שטיבל האָט זיך קוים אויסגעטיילט פֿון די פּויערשע כאַטעס דערבײַ. מען האָט דעם זיידן גערופֿן „דער גויעשער-שנײַדער", ווייל די מערסטע קונים זײַנען געווען די פּויערים.

די שנײַדערשע משפּחה האָט זיך קוים דורכגעדרייט מיט פּרנסה, אָבער זי האָט געדאַנקט גאָט וואָס דאָס שטיבל איז זייערס, אַפֿילו ווען זיי זײַנען שולדיק אַזויפֿיל געלט משה „סאָלדאַט" דעם פּראָצענט-ניק אין שטעטל.

דער זיידע פֿלעגט זיצן טאָג-און-נאַכט בײַ דער אַרבעט, און איבערטראַכטן. ער האָט זיך געזאָרגט טאָמער נעמט מען בײַ אים צו דאָס שטיבל אויף די וועקסלען וואָס ער איז שולדיק. ער האָט געפֿילט אַז עפּעס קאָן געטאָן ווערן צו פֿאַרזיכערן, אַז מען זאָל בײַ אים נישט צונעמען דאָס שטיבל, אָבער ער האָט נישט געוואוסט בײַ וועמען זיך פֿרעגן אַן עצה.

## דער בן־הרבֿ

אין שטעטל האָט געוואוינט רעב שלום בן-הרבֿ, וועלכער אָנשטאָט זיך אָפּגעבן מיט רבנות, ווי זײַן פֿאַרשטאָרבענער פֿאָטער האָט עס געטאָן, האָט ער זיך בעסער באַשעפֿטיקט מיט מעקלערײַ און געבן עצות די רײַכע באַלעבאַטים אין זייערע געשעפֿטן און לעגאַלע דרייע-נישן. ער האָט געהאַט אַן אײַזערנעם מוח, געשטודירט עקסטערנע יוריספּרודענץ און געשריבן „פּראָשעניעס" (פּעטיציעס) און לעגאַלע פּאַפּירן אין פֿינף שפּראַכן.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן טאָג, ווען דער זיידע האָט שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן פֿון ערגערניש, האָט ער אַוועקגעלייגט זײַן אַרבעט און איז אַוועק צו רעב שלום, בײַ אים בעטן אַן עצה.

רעב שלום האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט:

— רעב אהרן-אַנטשל, אויב איר ווילט פֿאַרזיכערן אַז מען זאָל

ביי אײַך ניט צונעמען דאָס שטיבל, דאַרפֿט איר דאָס איבערשרײַבן, שטילערהייט, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, אויף אַן אַנדערנס נאָמען. אַזוי, אַז ווער עס זאָל נישט האָבן קיין וועקסלען געגן אײַך, זאָל זיי נישט קאָנען באַנוצן קעגן אײַער שטיבל.

דער זיידע האָט זיך דערפֿריידט מיט דער עצה און געבעטן דעם בן־הרבֿ, אַז ער זאָל אים טאָן די טובֿה און איבערשרײַבן דאָס שטיבל אויף זײַן אייגענעם נאָמען, רעב שלום בן־הרבֿ, אַזוי וועט קיינער אויסער זיי ביידן, נישט וויסן וועגן דעם.

— איך געטרוי אײַך, רעב שלום, ווי איך וואָלט געטרויט מײַן אייגענעם פֿאָטער.

דער בן־הרבֿ האָט איבערגעשריבן דאָס שטיבל אויף זײַן אייגענעם נאָמען, און אָנגעגעבן דערבײַ אַז רעב אַהרן־אַנטשל איז אים געווען שולדיק אַ גרויסן חובֿ און דערפֿאַר האָט ער הײַנטיקן טאָג אַוועקגע־שטעלט זײַן חתימה אַלס אַ באַשטעטיקונג אַז דאָס שטיבל געהערט צו אים.

דער בן־הרבֿ האָט אַרײַנגערופֿן אַ קריסטלעכן נאָטאַריוס און מיט טריפֿ־וואַקס איז פֿאַרזיגלט געוואָרן דער שטעמפּל און מיט אַ גער־בעווער מאַרקע באַשטעטיקט די אונטערשריפֿטן.

— גייט אַהיים, רעב אַהרן־אַנטשל און פֿאַרגעסט וועגן גאַנצן ענין. איך וועל דערווײַל באַהאַלטן אָט דאָס פּאַפּיר אין מײַן אײַזערנער קאַסע.

דער זיידע איז אַהיימגעקומען יענעם נאָכמיטיק אַן אויפֿגע־לייגטער און מיט פֿרייד זיך פֿאַנאַנדערגעזונגען בײַ דער ארבעט.

### אין אַ פֿראָסט און זאַווערוכע

יענעם ווינטער האָט געבושעוועט אַ שוידערלעכע זאַווערוכע. אין זיידנ׳ס שטיבל איז געווען וואַרעם און דאָס געזינדל האָט זיך גענעם־טיקט אַרום דעם אָנגעהייצטן אויוון. מיטאַמאָל איז געקומען נאַטשאַל־סטווע און באַפֿוילן אײַנצאָלן דירה־געלט אָדער זיך אַרויסציען פֿון בן־הרבֿ׳ס שטיבל.

וואָס דער זיידע האָט נישט פּרובירט איבערצײַגן אַז דאָס לעגאַלע איבערשרײַבן פֿון שטיבל איז געווען בלויז אַן אָפּמאַך צווישן אים און רעב שלום, האָט ניט געהאָלפֿן. דער זיידע איז געלאָפֿן צום רבֿ פֿון שטעטל און מען האָט פֿאַררופֿן אַן אַסיפֿה אין בית־דין שטוב. וואו עס האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די פּני.

דער זיידע האָט געשוואוירן בײַ אַן אָפֿענער ספֿר־תּורה, אַז דאָס

וואָס ער זאָגט איז אמת. דאָס זעלבע האָט געטאָן רעב שלום. ער האָט אויך באַוויזן דאָס לעגאַלע פּאַפּיר און דער קריסטלעכער נאָטאַריוס האָט עדות געזאָגט אַז ער האָט אָוועקגעשטעלט דעם שטעמפּל און פֿאַרזיגלט מיט טריף־וואַקס און באַשטעטיקטביידע חתימות.

דער רבֿ און די פּני האָבן דערקלערט, אַז ווי זיי זאָלן נישט וועלן גלייבן דעם גאָט־פֿאַרכטיקן שנײַדער און זײַן שבֿועה בײַ דער אָפֿענער ספֿר־תּורה, מוזן זיי זיך אונטערוואַרפֿן דעם לעגאַלן פּאַפּיר.

דער זיידע האָט זיך אַנטזאָגט צו צאָלן דירה־געלט און די שנײַדער־פֿאַמיליע האָט געקראָגן אַ וואָך צײַט זיך אַרויסציען.

אַ פֿרײַנט פֿון זיידן, דער סטאָליער רעב נאָטע, האָט אַרײַנגענומען די משפּחה צו זיך אין הויז אַרײַן ביז זיי וועלן קריגן אַ שטענדיקע דירה און דער בן־הרבֿ האָט צוגענומען דאָס שטיבל.

## די שבֿועה פֿון אַ הימלישער דין־תּורה

פֿון ערגערניש איז דער זיידע קראַנק געוואָרן און אַז עס האָט שוין געהאַלטן שמאָל האָט מען געשיקט רופֿן דעם רבֿ און אָפּגעזאָגט ווידוי. אַלע קינדער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט און מיט טרויער געוואַרט אויפֿן אומגליק.

אַזוי שנעל ווי דער רב איז פֿאַרטיק געוואָרן האָט די באָבע חיה־שׂרה אויסגעבראָכן אין אַ היסטערישן געוויין און צופֿאַלנדיק צום גוסס האָט זי מיט באַנומענע קולות גענומען שרײַען:

— אַהרן, פֿאַרגעס ניט מיטנעמען רעב שלום בן־הרבֿ אויף יענער וועלט צו אַ דין־תּורה. עס איז נאָך דאָ אַ גאָט אין הימל! פֿאַרגעס ניט, אַהרן, פֿאַרגעס ניט!...

דער רבֿ איז דערבײַ געשטאַנען אַ דערשטוינטער און בלייכער און זיך געבעטן בײַ די קינדער אַוועקנעמען די מאַמע. אָבער די בנים האָבן צאָרנדיקע אַרומגערינגלט די יאָמערדיקע מאַמען און געזאָגט דעם רבֿ:

— אויב ס׳איז פֿאַראַן אַ גאָט אין הימל, וועט זײַן אַ דין־תּורה!

דער רבֿ איז אַ פֿאַרכמורעטער אַוועק אַהיים.

דער זיידע איז אָבער געזונט געוואָרן.

יאָרן זײַנען געלאָפֿן. דער זיידע האָט אויסגעגעבן אַלע זײַנע קינדער און געוואוינט אין אַ גרויסער אייגענער הויז.

די שׂינאה צו רעב שלום בן־הרבֿ האָט געטליעט אין האַרצן פֿון חיה־שׂרה און אירע בנים. יעדן שׂימחת־תּורה נאָך די הקפֿות פֿלעגן

אַהרן־אַנטשל׳ס בּנים, אונטערן אויסרייד פֿון זײַן אַביסל בּגלופֿין, זיך אַרויסלאָזן איבער דער שטאָט זוכן רעב שלום בּן־הרבֿ׳ס קינדער און דערלאַנגען קלעפּ און ברעכן שויבן.

### ער וויל בעטן מחילה

יענעם ערבֿ יום־כּיפּור, ווען דער זיידע איז נפֿטר געוואָרן, איז דער אַלטער רבֿ געקומען צו דער באָבען, חיה־שׂרה, און געפֿאָדערט על־פּי־דין, אַז מען זאָל דערלויבן רעב שלום בּן־הרבֿ קומען בעטן בײַם זיידן מחילה.

די באָבע חיה־שׂרה און אירע בּנים האָבן זיך אָבער אײַנגעשפּאַרט, אַז ניין און ניין.

דער רב האָט אָבער אויף שנעל אַרײַנגערופֿן דעם שמש און אים באַפֿוילן לאָזן וויסן רעב שלום׳ען אַז ער מוז קומען בעטן בײַם מת מחילה.

דערווײַל איז געוואָרן אַ טומל אין שטעטל. און די מעשׂה מיט דעם צוגענומענעם שטיבל איז ווידער געלאָפֿן פֿון מויל צו מויל.

ווען רעב שלום בּן־הרבֿ איז אָנגעקומען האָט דער רבֿ זיך אָנגעטאָן זײַן קאַפּאָטע מיטן שטרײַמל און נעמענדיק רעב שלום׳ען אונטערן אָרעם איז ער מיט אים אַוועק צום הויז פֿון זיידן אויפֿן „פּרעאולאָק”.

אָבער בײַם אַרײַנגאַנג צום הויז און אַרום דעם הויז האָבן זיי אָנגעטראָפֿן אַהרן־אַנטשל׳ס בּנים און טעכטער און אייניקלעך מיט געבײלטע פֿויסטן און די אַלטע חיה־שׂרה איז געשטאַנען אין דער טיר:

— ער וועט קיין מחילה ניט קאָנען בעטן — האָט די אַלטע אַרויסגעיעכצעט — ער וועט מוזן גיין צום יום־הדין!

וואָס דער רבֿ האָט איר נישט געבעטן, מיט גוטן און מיט בייזן, האָט נישט געהאָלפֿן. רעב שלום האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די לוויה און גיין צום רבֿ אין הויז אַרײַן.

בשעת די לוויה איז פֿאָרגעקומען און די יידן מיט׳ן רבֿ בּראָש האָבן אַוועקגעטראָגן דעם נפֿטר צום בּית־עולם אויפֿן באַרג און אים אַוועקגעלייגט אין זײַן אייביקער רו, איז רעב שלום בּן־הרבֿ אַ בלאַסער אַרומגעגאַנגען אין צימער פֿון רבֿ. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרויקן. פֿון צײַט־צו־צײַט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין רבֿ׳ס שטול און זיך אָנגעכאַפּט בײַם האַרץ.

ווען דער עולם איז צוריקגעקומען פֿון בּית־עולם און דער רבֿ איז

אַהיימגעקומען און אַרײַן צו זיך אין צימער האָט ער געטראָפֿן שלום׳ען אַ טויטן אין שטול, מיט אויסגעלאָשענע אויגן.

— ברוך דיין אמת — האָט דער רבֿ אַרויסגעזיפֿצט פֿון זײַנע ליפּן.

— רעב אַהרן־אַנטשל האָט אים מיטגענומען צו אַ דין־תּורה אין הימל! — האָבן ייִדן אויסגעשריגן מיט שרעק און געלאָפֿן איבערן שטעטל צעטראָגן די שרעקלעכע נײַעס.

## די שוידערלעכע נקמה

ווען אויף מאָרגן נאָכן זיידנ׳ס לוויה האָט מען געדאַרפֿט פֿירן רעב שלום בן־הרבֿ צו דער אייביקער רו, איז שוין מײַן עלטערער פֿעטער אַבֿרהם, דעם זיידנ׳ס בכור, געווען דער ראָש פֿון דער חבֿרה־קדישא. אַזוי ווי לויטן דין זיצט מען ניט קיין שיבֿעה ווען עמעצער שטאַרבט ערבֿ יום־כּיפּור, האָט ער און זײַנע ברידער און זייערע נאָענטע פֿרײַנד פֿון דער חבֿרה קדישא, זיך גענומען צו דער אַרבעט.

דאָס מאָל, אַנשטאָט אָפּוואַרטן צו נעמען אַ שנעפּסל נאָך דער לוויה, האָבן זיי געשטעלט פֿאַר דער חבֿרה אַ פֿלאַש בראָנפֿן נאָך איידער מען איז געגאַנגען צו דער לוויה. חבֿרה איז אַוועק אויפֿן בית־עולם, אונטערגעטרונקען דעם קבֿרת־מאַן און אים באַפֿוילן גראָבן אַ קבֿר אויף אַ געמיינערן אָרט.

מען האָט פֿאַרצויגן די לוויה ביז שפּעט אין אָוונט און אַזוי אַרום דורכגעפֿירט די נקמה.

ווען דאָס שטעטל האָט זיך אויף מאָרגן געכאַפּט אַז אַזאַ שיינעם ייִדן ווי רעב שלום האָט מען באַגראָבן אויף אַזאַ געמיינעם אָרט איז געוואָרן אַ בהלה.

נאָכדעם ווי מיט דער הילף פֿון דער פּאָליציי האָט מען אויפֿגעעפֿנט דעם קבֿר און דעם מת איבערגעפֿירט אויף אַ מער בכּבֿוד׳יקן אָרט האָט דער רבֿ באַפֿוילן אַז אַהרן־אַנטשל׳ס בנים זאָלן זיך צוריקציען אויף שטענדיק פֿון דער חבֿרה־קדישא. מען האָט בײַם פֿעטער אַבֿרהם צוגענומען דעם פּינקס און אַזוי אַרום זײַנען די בני אהרן־אַנטשל אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון זייער טאַטנ׳ס הייליקער אַרבעט פֿון הלוויית־המת.

אָבער זיי האָבן פֿאָרט דורכגעפֿירט זייערס און די שטאָט האָט געזאָגט:

— ברוך דיין אמת!

# לאַסקע

דעם זיידן אַהרן־אַנטשל'ס הילצערן שטיבל איז געשטאַנען אַנגעשפּאַרט אין שטיינערנעם מויער פֿון שטאָטישן קלויסטער. די צוויי גלחים פֿון קלויסטער, דער רוסישער „אָטעץ" (פֿאָטער) וואַסילי און דער מאָלדאַוואַנער „פּערענטעלי" (פֿאָטער) אַגאַטי, פֿלעגן אַלע טאָג דורכגיין און זיך באַגריסן מיטן זיידן.

דער רוסישער גלח איז געווען אַ הויכער, געפּאַקטער מיט אַ גרויער באָרד און זײַן שוואַרצע זײַדענע „ריאַסע", הויכער צילינדער־הוט און דער זילבערנער גרויסער צלם האָבן געגלימערט אין דער זון. ער איז געווען אַן אַריסטאָקראַט און זיך בלויז אָפּגעגעבן מיט דער רוסישער אַריסטאָקראַטיע און אינטעליגענץ.

דער מאָלדאַוואַנער גלח איז געווען אַ קליינינקער און זשוואַווער מיט אַ געל ציגן־בערדל און לאַנגער פֿלאַקסענער שעוועליורע וואָס האָט אַרונטערגעהאַנגען פֿון אונטער זײַן ברוין קליין קוטשמעלע און געפֿאַלן איבער דער פּלייצע פֿון זײַן ברוינער אָפּגעבליאַקעוועטער „פּאָדריאַסע" וואָס האָט אים געפּאַסט ווי אַ בעקעשע און איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ ברוינעם געפֿלאָכטענעם גאַרטל. ער האָט געטראָגן איבער דער ברוסט אַ קליינעם מאַטעווען בלײַענעם צלם. ער איז געווען דער אָרעמאַנסקי גלח און גערעדט בלויז מאָלדאַוואַניש, נאָר געזאָגט זײַנע „מאָליטוועס" (תּפֿילות) אין דער אַלט־סלאַוויאַנישער שפּראַך. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די אָרעמע מאָלדאַוואַנעס און פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער.

„אָטעץ" וואַסילי פֿלעגט זיך אָפּשטעלן רעדן בלויז דאַן ווען מען האָט געוואָלט מיט אים רעדן. „פּערענטעלע" אַגאַטי איז געווען אַ פּלאַפּלער און ער פֿלעגט איבערליגן בײַם זיידן אין שנײַדער־שטיבל,

רעדן רומעניש און אויסהערן די מעשׂיות פֿון דעם זיידן וועגן די נײַן יאָר פֿון זײַן יוגנט אין דער רומענישער שטאָט באָטאָשאַן.

איבערהויפּט איז ער פֿאַראינטערעסירט געוואָרן פֿון דעם זיידנ׳ס דערציילן וויאַזוי זײַן מאַמע רחל האָט אים און זײַן עלטערן ברודער יאָסל אַרויסגע׳גנבֿ׳עט פֿון דער קרעטשמע אין פּאָדאָליער דאָרף דועוועץ, אויפֿן טראַקט צווישן קאַמענעץ און מעזשעביש און מיט זיי אַריבער דעם דניעסטער קײַן בעסאַראַביע און דערנאָך דעם פּרוט קײַן רומעניע.

אַזוי אַרום האָט זי געראַטעוועט אירע צוויי יינגלעך פֿון די הענט פֿון די כאַפּערס, וואָס האָבן געוואָלט זיי איבערגעבן אין „פּאָנים" הענט און זיי וואָלטן געקענט פֿאַרפֿאַלן ווערן אַלס קאַנטאָניסטן (קינ־דער־סאָלדאַטן) אין צאַר ניקאָלײַ דעם ערשטנ׳ס אַרמיי.



ווען דער זיידע האָט איינמאָל דערציילט וויאַזוי מען האָט אים אַ 12־יעריקן אָנגעדונגען אין באָטאָשאַן צו אַ שנײַדער, און אַז ער האָט בײַ אים אָפּגעאַרבעט 9 יאָר מיט וואוין־און־קעסט, איז דער גלח געוואָרן פֿאַראינטערעסירט.

ער האָט דערציילט דעם זיידן אַז זײַן שוועסטער, אַן אַלמנה, איז געשטאָרבן אין דאָרף סלאָבאָזעי און איבערגעלאָזט אַ 16־יעריקן יינגל ווי אויפֿן וואַסער. ער קלײַבט זיך אים ברענגען קײַן סאַראָקי און ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט אים. אפֿשר וואָלט דער זיידע אים

גענומען צו זיך אַלס אַ לערן־ייִנגל מיט וואוין־און־קעסט פֿאַר עטלעכע יאָר.

דער זיידע האָט זיך פֿאַרטראַכט און געזאָגט דעם גלח אַז ער זאָל ברענגען דאָס סלאָבאָזייער ייִנגל אין הויז אַרײַן פֿאַר צוויי וואָכן און אַז אויב ער וועט דערנאָך פֿרײַוויליק וועלן בלײַבן, וועט ער שרײַבן אַן אָפּמאַך.

## לאַסקע

ווען אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט „פּערענטעלי״ אַגאַטי אַרײַנגעבראַכט דעם שיינעם בלאָנדן ייִנגל מיט די פֿלאַקסענע האָר און בלויע אויגן, האָט דער זיידע אים אַוועקגעזעצט אויפֿן פּוס־בענקעלע לעבן זײַן גרויסן שטול וואו ער איז געזסן און געסטריגעוועט אַן אַרבל.

דער זיידע האָט זיך אײַנגעבויגן צו אים און אַרײַנשמייכלענדיק אין די בלויע קינדערשע אויגן געפֿרעגט:

— וויאַזוי רופֿט דיך „פּערענטעלי״ אַגאַטי?

— לאַזאַריאָן.

— און אין דאָרף וויאַזוי האָבן דײַנע חבֿרים דיך גערופֿן?

— לאַזאַר.

— און די מאַמע דײַנע, וויאַזוי האָט זי דיך גערופֿן?

— לאַסקע.

— גוט, מיר וועלן דיך אויך רופֿן — לאַסקע.

און פֿון דעמאָלט אָן האָט מען בײַ מײַן זיידן אין הויז גערופֿן דאָס נײַע שנײַדער־ייִנגל — לאַסקע.

## דער קאָנטראַקט

נאָך די צוויי וואָכן האָט דער זיידע געשיקט רופֿן „פּערענטעלי״ אַגאַטי, דעם קאַזיאָנע־ראַבינער בראָנשטיין און אַ נאָטאַריוס. דאָס ערשטע האָט ער צוגערופֿן לאַסקען און אים אין אַלעמענ׳ס געגנוואַרט געפֿרעגט:

— וואָלסט וועלן בלײַבן בײַ אונדז אין הויז אַלס לערן־ייִנגל פֿאַר פֿינף יאָר?

— יאָ, „דעדושקאַ״ אַראָן.

דאַן האָט דער זיידע דערקלערט אַז ער איז וויליק אונטערשרײַבן אַ לעגאַלן קאָנטראַקט אויף פֿינף יאָר. ער פֿאַרפּליכטעט זיך צו לערנען און אויסהאַלטן לאַסקען מיט אַלעמען, וואוין־און־קעסט, הוצאות פֿאַר

באַקליידן און באַשוכן און אַז יעדן חודש וועט ער אויף לאַסקעס נאָמען אָוועקלעגן אין קליינעם „בענקל" (ליי־און־שפּאָר קאַסע) 10 רובל פֿון ערשטן חודש אָן, ביז סוף יאָר. און פֿון דאַן אָן און ווייטער וועט ער געבן אַ „דאָבאַוואָקע" (אַ צוגאָב) פֿון 5 רובל אַ חודש יעדן יאָר ביזן סוף פֿון די פֿינף יאָר, ווען לאַסקע וועט זײַן גרייט גיין אין מיליטער־דינסט.

דער גלח „פּערענטעלי" אַגאַטי האָט צוגעשטימט צו אַלע פּרטים אויסער איינעם: ער האָט געפֿאָדערט אַז דאָס געלט זאָל בײַ אים אײַנגעלייגט ווערן. דער זיידע איז באַשטאַנען אויף זײַנעם אַז בלויז לאַסקע זאָל זײַן דער באַלעבאָס איבער זײַן אייגן געלט. ער וועט אָבער נישט קענען אַרויסציען אָדער אויסגעבן זײַן געלט אָן דער גוט־הייסונג פֿון „פּערענטעלי" אַגאַטי און דעם זיידן אַהרן־אַנטשל.

אַזוי איז באַשטימט געוואָרן און דער ראַבינער בראָנשטיין און דער נאָטאַריוס האָבן באַשטעטיקט דעם קאָנטראַקט און די חתימות און פֿאַרזיגלט מיט טריף־וואַקס.

און אַזוי איז עס געבליבן ביזן סוף פֿון ערשטן יאָר ווען לאַסקע האָט שוין געהאַט איבער הונדערט רובל אין באַנק.

### דאָס גלח'ל בונטעוועט זיך

פּונקט צום יאָר האָט „פּערענטעלי" אַגאַטי גענומען דרוקן אויף לאַסקע'ן אַז ער זאָל זיך אַרויסציען פֿון זיידן און קומען וואוינען מיט אים אין זײַן בחור'שער וואוינונג, דאָס גלח'ל האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט.

לאַסקע האָט זיך קעגנגעשטעלט און זיך געקומען קלאָגן צום זיידן אַז דער פֿעטער דערגייט אים די יאָרן. ער מוז צוליב יענעמ'ס יאַדעניש אויפֿהערן גיין אין קלויסטער אַרײַן.

דער זיידע האָט לאַסקע'ן געראָטן נישט אײַנרײַסן זיך מיטן פֿעטער, גיין אין קלויסטער אַרײַן און זאָגן דעם פֿעטער דעם אמת, ווי ער פֿילט.

איינמאָל איז „פּערענטעלי" אַגאַטי געקומען צום זיידן אין הויז אַרײַן און געמאַכט אַ סקאַנדאַל, לאַסקע'ן אין די אויגן. ער האָט באַשולדיקט דעם זיידן אין אָפּפֿרעמדן דאָס יינגל פֿון קריסטלעכן גלויבן און אים וועלן מאַכן פֿאַר אַ ייִד.

דער זיידע האָט אויפֿגעפֿאָדערט לאַסקע'ן צו באַשטימען, גלײַך אויפֿן אָרט, צי וויל ער גיין מיטן פֿעטער, צי וויל ער בלײַבן, ווי ביז איצט, בײַם זיידן אין הויז.

לאַסקע איז געוואָרן אויפֿגערעגט און זיך שטאַרק צעוויינט. ער האָט באַשולדיקט זײַן פֿעטער אין וועלן בײַ אים אויסנאַרן דאָס געלט און געבעטן דעם זיידן נישט נאָכגעבן דעם פֿעטער׳ס סטראַשונקעס:

— איך וויל, זיידע אַראָן־אַנטשל, בלײַבן דאָ אין הויז. דאָס איז מײַן איינציקע היים.

## לאָזט מיך צאָלן אַ חובֿ

די באָבע חיה־שׂרה און דעם זיידנ׳ס בנים און דרײַ טעכטער האָבן געפּרובירט באַוועגן דעם זיידן אַז ער זאָל נאָכגעבן דעם גלח און לאָזן לאַסקע׳ן זיך אַרויסקלײַבן. זיי האָבן גע׳טענה׳ט אַז דעם גלח׳ס ווירקונג אויף די אַרומיקע קריסטלעכע שכנים קען חלילה ברענגען צום שלעכטן.

דער זיידע האָט זיי געדולדיק אויסגעהערט און דערנאָך געזאָגט מיט האַרץ:

— חיה־שׂרה לעבן, קינדער טײַערע, לאָזט מיך צאָלן אַ חובֿ. איך אַליין אַ צוועלף יעריקער ייִנגל, פֿאַרוואָרפֿן אינדערפֿרעמד, אין רו־מעניע, אָן טאַטע־מאַמע און אָן אייגענע, בין אָנגעדינגען געוואָרן צו דינען זײַן יאָר בײַם באָטאָשאַנער שנײַדער, אַ רומענער, וועלכער האָט מיך מקרבֿ געווען און איז געווען גוט צו מיר ווי אַ טאַטע. אויב דער קריסטלעכער שנײַדער האָט זיך ניט געקווענקלט צו האָבן בײַ זיך אַן אָרעם ייִדיש ייִנגל, פֿאַרוואָס זאָלן מיר מורא האָבן צו האַלטן בײַ זיך אָט דאָס גוטע און וואוילע קינד וואָס פֿאַרדינט זײַן שטיקל ברויט מיט זײַן ערלעכער אַרבעט?

— איך האָב פֿאַרן גלח און זײַן העצע נישט קיין מורא.

און אַזוי אַרום איז לאַסקע געבליבן בײַם זיידן און געדינט נאָך פֿיר יאָר און זיך אײַנגעלעבט אין הויז ווי אַן אייגן קינד.

## הערש־יאַנקעוו און זײַן משורר

דעם זיידנס שנײַדער־געזעל הערש־יאַנקעוו האָט אַרײַנגענומען דאָס ייִנגל אין דער אַרבעט. ער האָט אים אויסגעלערנט מאַכן אַ שטיקל שנײַדערײַ: אויסשלייפֿן די שענסטע לעכלעך, אויסבעטן קישעלעך, אויסטריגעווען, אויסשטעפּן און אויספּרעסן אַ לאַץ אַז ער זאָל שײַנען און אַרונטערזינגען פֿון דער ברוסט. איבערהויפּט האָט ער אים אויס־געלערנט זינגען בײַ דער אַרבעט.

ווען הערש־יאַנקעוו פֿלעגט זיך פֿאַרגײַן מיט זײַנע חזנ׳ישע שטיק־

לעך האָט לאַסקע אים אונטערגעהאַלטן מיט זײַן שײנעם טענאָר און דער זײדע פֿלעגט מיט פֿרײד זײ צובאַמקען מיט זײַן מורמלען.

דער גלח „פּערענטעלי״ אַגאַטי האָט זיך אָבער נישט אײַנגעשטילט. ער איז אַוועק זיך קלאָגן צו „נאַטשאַלסטווע״ (שטאָטישע באַאַמטע), אַז די ייִדן ווילן אָפּפֿרעמדן זײַן פּלימעניק פֿון קריסטלעכן גלויבן. עס איז דערגאַנגען אַזש צום „גאָלאָוואַ״ (הויפּט פֿון שטאָט) סאָלטוז, אַ ליבעראַלער און גוטהערציקער מענטש.

דער „גאָלאָוואַ״ האָט געשיקט זײַנעם אַן אָנגעשטעלטן צום זײדן און באַפֿוילן אַז לאַסקע זאָל צו אים אַריבערקומען און מיטברענגען דעם קאָנטראַקט.

דער זײדע האָט געהײסן לאַסקע'ן זיך אָפּפּוצן די שטיוול און אים צוגערופֿן און בשעת ער האָט אים צוגעשפּיליעט דאָס העלדזל פֿון זײַן שוואַרצער אויסגענייטער „קאָסעוואָראָטקע״ און שיין פֿאַרבונדן דעם געפֿלאָכטענעם גאַרטל מיט די טראָלדן, אים געזאָגט:

— לאַסקע, זאָג דעם „גאָלאָוואַ״ וואָס דײַן האַרץ גליסט. נישט איך און נישט דײַן פֿעטער „פּערענטעלי״ אַגאַטי קענען דיך צווינגען עפּעס טאָן קעגן דײַן ווילן.

און דער זײדע האָט אים איבערגעגעבן דעם קאָנטראַקט:



— אָט דאָס פּאַפּירל קען צעריסן ווערן אויב דו ווילסט.

דער „גאַלאָוואַ" סאָלטוז האָט אין זײַן קאַבינעט אַוועקגעזעצט דאָס יינגל לעבן זיך און אויסגעפֿרעגט:

— ביסטו צופֿרידן אין הויז פֿון אַראָן אַבראַמאָוויטש?

— יאָ, אײַער עקסעלענץ.

— וואָלסטו וועלן איבערבײַטן דײַן אַרבעט און וואוינען אין אַ קריסטלעכן הויז?

— ניין, אײַער עקסעלענץ, דער זיידע אַראָן איז גוט צו מיר און איך פֿיל זיך בײַ אים אין הויז ווי דאָס וואָלט געווען מײַן היים.

— דײַן פֿעטער זאָגט, אַז דו ווערסט אָפּגעפֿרעמדט פֿון קריסט-לעכן גלויבן, איז דאָס אמת?

— ניין, אײַער עקסעלענץ, דער זיידע אַראָן לאָזט מיך גיין צו אַלע „מאָליעבנס" (געבעטן אין קלויסטער) און אָפּהיטן אַלע „טאַבעל-נע" (לעגאַל-פֿײַערלעכע) טעג.

— הייסט עס אַז דו ווילסט נישט וואוינען מיט דײַן פֿעטער, פּערענטעלי אַגאַטי?

— ניין, אײַער עקסעלענץ!

— גוט, קענסט גיין אַהיים, איך וועל דיר שוין לאָזן וויסן דעם באַשלוס. דעם קאָנטראַקט לאָז דערווײַל איבער מיט מיר.

## דער אומדערוואַרטער באַזוך

אויף מאָרגן איז דער „גאַלאָוואַ" סאָלטוז צוגעפֿאָרן מיט זײַן בריטשקע צום זיידנ'ס שנײַדער-שטיבל. ווען ער האָט זיך באַוויזן אין דער טיר איז דער זיידע געזעסן און געשלייפֿט אַ לעכל. הערץ-יאַנקעוו און לאַסקע זײַנען געזעסן אויפֿן גרויסן טיש, מיט זייערע פֿיס אונטער זיך ווי די טערקן, און צוזאַמען געסטריגעוועט אַ גרויסע בורקע. זיי האָבן צוזאַמען געזונגען אַ חזנ'ישן ניגון הויך אויפֿן קול און דער זיידע האָט זיי אַרויסגעהאָלפֿן.

ווען זיי האָבן דערזען דעם גאַלאָוואַ אין טיר האָט דער זיידע זיך אויפֿגעשטעלט, אַזש דאָס שטיקל אַרבעט איז אַרונטערגעפֿאַלן צום דיל און די צוויי שנײַדער-געזעלן זײַנען אַרונטערגעשפּרונגען צעטראָגענע פֿון טיש.

דער גאַלאָוואַ סאָלטוז האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— אַ גוטן טאָג. דאָרט וואו מען זינגט פֿון דער ביבל, דאָרט שוועבט גאָט'ס גײַסט.

די באָבע חיה־שׂרה האָט זיך באַוויזן אין דער טיר פֿון דער קיך און אַ דערשראָקענע געגומען פֿאַרריכטן איר געלן קאָפּן־טיכל.

דער גאַלאָוואַ סאַלטוז האָט גאַלאַנט אַ שאָקל געטאָן צו איר מיט'ן קאָפּ און געבעטן לאַסקע'ן אים ווײַזן זײַן וואוין־צימער.

לאַסקע האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין קליינעם אַלקער, לעבן דער קיך, מיט די צוויי פֿענצטער צום הויף. די זון האָט געשײַנט און גע־וואָרפֿן אַ העל ליכט אויף דער רויטער אויסגעשטעפּטער וואַטאָווער קאָלדרע אויפֿן בעט און די ווײַסע גלאַנצנדיקע לײַלעכער און ציכטיקע צוויי קישעלעך וואָס זײַנען געלעגן צוקאָפּנס איינס אויפֿן צווייטן.

פֿון דער וואַנט האָט אויפֿגעהעלט דער גרויסער רוסישער קאַלענ־דאַר מיט'ן בילד פֿון די דרײַ „באָגאַטירן" (לעגענדאַרע פֿאָלקס־העלדן) אויף זייערע פֿערד און בלישטשענדיקע כּלי־זיין. אויפֿן טישל איז גע־שטאַנען אַ קעראָסין לעמפּל און אַן אַלטער אײַנגעבונדענער באַנד פֿון דער „יעוואַנגעליע".

סאַלטוז האָט אַ שמייכל געטאָן און אַרויסקומענדיק צוריק אין דער „ראַבאָטשע" (שנײַדער־צימער) געזאָגט דעם זיידן:

— אַראָן אַבראַמאָוויטש, אַזוי ווי דאָס יינגל האָט דאָ אַ באַקוועמע היים, און לעבט זיך דאָ אײַן, וועט ער בלײַבן אַזוי לאַנג ווי אים וועט געפֿעלן און אײַך וועט ער נישט פֿאַלן צו לאַסט. איך בין זיכער אַז איר וועט ערנהאַפֿטיק אָפּהיטן דעם קאָנטראַקט.

און ער האָט דעם זיידן צוריקגעגעבן דעם קאָנטראַקט.

דער זיידע איז אים נאָכגעגאַנגען צו דער טיר און געמורמלט:

— „ספּאַסיבאָ וואַשע בלאַגאָראָדיע". (אַ דאַנק אײַך, אײַער הויכ־געבורט).

### פּערענטעלי'ס טויט

לאַסקע איז געבליבן בײַם זיידן פֿאַר נאָך פֿיר יאָר. ער האָט זיך אײַנגעלעבט ווי אַן אייגן קינד. ער האָט זיך אויסגעלערנט רעדן יידיש ווי אַ ייִד און געזונגען בײַ דער אַרבעט צוזאַמען מיט הערץ־יאַנקעלע'ן אַלע חזנ'ישע שטיקלעך און געזונגען זמירות פֿרײַטיק־צו־נאַכטס בײַם זיידנ'ס טיש.

אויפֿן צווייטן יאָר איז „פּערענטעלי" אַגאַטי געשטאָרבן און דער זיידע האָט געראָטן לאַסקע'ן גיין צום גלח „אָטעץ" וואַסילי און אים געבן צושטײַער אויף אַ „פּאַנעכידע" (ספּעציעלע צערעמאָניע) און שטעלן אַ שטיין דעם פֿעטער.

אין אָוונט איז „אַטעץ" וואַסילי געקומען צום זיידן און אים באַדאַנקט פֿאַר זײַן פֿאַרשטענדעניש און גוטער עצה. ער האָט געזאָגט אַז די 50 רובל וואָס לאַסקע האָט אים איבערגעגעבן זײַנען זייער אַ שיינער אויסדרוק פֿון ליבע פֿון אַ פּלימעניק פֿאַר זײַן פֿעטער.

## דער שנײַדער פֿון רעגימענט

ווען נאָך די פֿינף יאָר איז געקומען לאַסקע'ס ריי צו גיין אין מיליטער־דינסט האָט דער זיידע אים געקויפֿט אַ גרויסן שוואַרצן בלעכענעם קאַסטן מיט מעשענע טשוועקעס און אַ גרויסן שלאָס. ער האָט אים אויך געקויפֿט אַ פּאָר שטאַלטנע גלאַנציקע שטיוול.

די באָבע חיה־שׂרה און די טעכטער האָבן אים אויסגעשטריקט וואָלענע לאַנגע זאָקן און גרויע באַוועלנע הענטשקעס.

לאַסקע האָט דאַן געהאַט אויף זײַן באַנק־ביכל אַרום פֿיר הונדערט רובל. פֿאַרן פֿאָרן האָט ער געקויפֿט דעם זיידן אַ ווינטער־היטעלע פֿון קאַטיק און דער באָבען אַ שוואַרצן קווייטנדיקן טערקישן שאַל.

לאַסקע איז אַוועק אין דראַגונער־פּאָלק (רעגימענט) אין אָדעס און יעדע וואָך געשיקט דעם זיידן אַ שיינעם „וויד" (פּאָסט־קאַרטל מיט בילדער). ער איז גלײַך אַרײַן אין דער שנײַדערײַ — די „שוואַלניע" — פֿון זײַן פּאָלק און זײַן אַדרעס האָט געטראָגן דעם טיטל — „פּאָלקאָוואָי פּאָרטנאָי" (דער שנײַדער פֿון רעגימענט).

דער זיידע האָט זיך געגרויסט מיט זײַן „פּאָלקאָוואָי פּאָרטנאָי" און איינמאָל ווען דער פֿעטער אַבֿרהם איז געפֿאָרן קײַן אָדעס קויפֿן שניט־סחורה האָט די באָבע חיה־שׂרה מיטגעשיקט „דעם קינד" אַ סלאָי מיט אַליינגעפּרעגלטער „פּאָווידלאָ" (פֿלוימען־געקעכטס).

## צוגאַסט אויף פּסח

אויף פּסח איז לאַסקע געקומען אַהיים קײַן סאָראָקי און אײַנגע־שטאַנען בײַם זיידן אין הויז, אין זײַן אַלטן קאַמער. דער זיידע האָט פֿאַררופֿן אַ לעקעך־און־בראָנפֿן חול־המועד־פּסח לכּבֿוד לאַסקע'ן און דער פֿעטער, דער חזן, לייב שוחט האָט געזונגען שיר־השירים און דער גאַנצער עולם האָט געהאַט גרויס הנאה פֿון הערן־יאַנקעוו'ס און לאַסקע'ס זינגען חזנ'ישע שטיקלעך.

לאַסקע'ן איז ניט געווען צו דערקענען. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט אין זײַן שיינעם דראַגונער מונדיר, אין זײַנע גרינע הויזן מיט רויטע ליאַמפּאַסן, פֿאַרוואָרפֿענעם היטעלע אָן אַ דאַשיק און

געהאַלטן אין איין מכבד זײַן יעדן איינעם פֿון זײַנע באַקאַנטע מיט אַ טרונק בראָנפֿן אָדער ווײַן. עס ווײַזט אויס אַז ער האָט געהאַט אַ סך געלט מיט זיך.

פֿאַרן אַוועקפֿאָרן האָט ער אין איינעם פֿון די יוּוועליר-געשעפֿטן אין שטאָט געקויפֿט אַ שיינעם חנוכּה-לאָמפּ פֿאַרן זיידן אַ מתּנה. מען האָט געשמועסט אין שטאָט אַז ער האָט באַצאָלט אַן אַפּותיקי פֿאַר דעם.

דער זיידע האָט אַ צעשטראַלטער אַוועקגעשטעלט דאָס שיינע לעמפּל אויפֿן גלעזערנעם קרעדענץ און דערקלערט אַז דאָס איז די טײַערסטע מתּנה.

## נאָכן זיידנ'ס טויט

ווען דער זיידע איז ערבֿ יום-כּיפּור 1913 נפֿטר געוואָרן האָט מײַן טאַטע אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו לאַסקע'ן קײַן אָדעס.

אין עטלעכע וואָכן אַרום זײַנען די גבאים פֿון דער שנײַדערשער שול אַרויסגערופֿן געוואָרן אין דער „קאַזנאַטשעיסטוואָ" (רעגירונגס געלט-באַנק) און מען האָט זיי אויסגעצאָלט 50 רובל מיט אַ בריוו וואָס האָט זיך געלייענט:

„זײַט אַזוי גוט און שטעלט אַ נר־תּמיד און פֿאַרטיילט דאָס געלט צווישן אָרעמע לײַט אויפֿן נאָמען פֿון דעם זיידן אַהרן־אַנטשל, דעם שנײַדער.

— לאַסקע."

לאַסקע האָט זיך שוין מער נישט באַוויזן אין סאָראָקי. ער האָט שוין נישט געהאַט צו וועמען צו קומען.

# אינפירן פלעגן זיי זיצן

אינפּירן פֿלעגן זיי זיצן יעדן נאָכמיטאָג ביי מיין זיידן אין שניידער־הויז, געטרונקען טיי, געגעסן עפּל און זיך קריגעריש געוווערטלט.

איך ווייס נישט צי די שמעקעדיקע, שיינע און געשמאַקע עפּל, אָדער דער נייגער נאָך די געפּילפּולע און קלינגענדיקע ווערטער און די אומפֿאַרשטענדלעכע געדאַנקען־שטריינט האָבן מיך אַלעמאָל אַזוי געמאַניעט.

איין זאַך ווייס איך, אַז עס איז מיר פֿאַרבליבן פֿאַרן גאַנצן לעבן אַ טעם־בענקשאַפֿט נאָך יענעם אַראָמאַט פֿון די עפּל און אַ קלאַנג־באַגער נאָך די איינפֿערדיקע, ווירברירנדיקע און נשמה׳דיקע ווערטער.

### אַ שעה פֿאַר מינחה

יעדן נאָכמיטאָג, אַ שעה פֿאַר מינחה, איידער די זון פֿלעגט זיך זעצן, פֿלעגט דער זיידע אַהרן־אַנטשל אָוועקלעגן זיין אַרבעט, צוגיין צום גרויסן קאַסטן, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער וואַנט, ניט ווייט פֿון זיין בעט, און אַרויסנעמענדיק די קליינע שליסעלעך פֿון זיין זשי־לעט־קעשענע עפֿענען דעם מעשענעם שלאָס, אויפֿהויבן דעם באַ־שלאָגענעם מיט מעשענע בליאַכעס און טשוועקעס צודעק און אַרויס־נעמען דריי גרויסע שיינע שמעקעדיקע עפּל.

די באָבע חיה־שׂרה פֿלעגט דאַן אַריינטראָגן אַ טשייניק הייסן אָקריפּ און אַ קליין טשייניקל מיט טיי־סענץ. דערנאָך פֿלעגט זי אַרויס־טראָגן אויף אַ טאַץ פֿיר גרויסע פֿינקלדיקע גלעזער אין ווייסע בליש־טענדיקע שאָלן און אַ געלע צוקערניצע מיט מעליץ. פֿאַר מיר פֿלעגט זי אַרויסטראָגן אַ גרין פֿאַרציליינען טשאַשקעלע מיט אַן אויעריל פֿון וועלכן איך פֿלעג טרינקען. הייסע גלעזער טיי פֿלעגן מיר ברענען די פֿינגער און די באָבע האָט מיר נישט געטרויעט קיין גלאָז.

אין שנײַדער־הויז זײַנען שוין דאָן געווען דעם זיידנ׳ס שנײַדער־געזעל הערץ־יאַנקעוו, און דער באָבע׳ס קוואַרטיראַנט, וועלכער האָט בײַ איר געוואוינט „קאַמערינע", איר שוועסטער־קינד פֿון דער קאָלאָניע דאָמברעווען, דער געלער מאיר־וואָלף, אַ געוועזענער מלמד וואָס איז דערהויבן געוואָרן צום אַמט פֿון שטאָט־משגיח בײַ אונדז אין סאָראָקי. אַ ייִד אַ כּעס׳ן און שלעכטער, איבערהויפּט צו חדר־ייִנגלעך. דער פֿערטער איז געווען דער מוכר־ספֿרים׳ניק און איידעלער מענטש רעב חיים בעלינסקי, וועלכער פֿלעגט צעטראָגן אין די הײַזער, איבערהויפּט צו אַרבעטער און דינסט־מיידלעך די קאָלירטע קליינע ביכעלעך וואָס מען האָט גערופֿן „זשאַרגאָנישע ליטעראַטור". ער פֿלעגט שטענדיק אַרײַנקומען פּונקט אין צײַט ווען דער זיידע האָט שוין אָנגעשניטן מיט זײַן פּערלמוטערן קליינעם מעסערל די זעקס העלפֿטלעך עפּל און די באָבע האָט אַרײַנגעטראָגן די פֿיר גלעזער און איין טשאַשקעלע.

## דעם זיידנ׳ס קאַסטן

דעם זיידנ׳ס קאַסטן איז פֿאַר מיר געווען דער גרעסטער וואונדער און פֿאַרבאָרגער פֿון צויבערדיקע סודות. ער איז שטענדיק געווען פֿאַרשלאָסן, בלויז ווען דער זיידע פֿלעגט אים עפֿענען אַרויסצונעמען די עפּל פֿלעג איך כאַפּן אַ קוק. נישט איינמאָל פֿלעג איך באַטאַפּן דעם קאַסטן מיט מײַנע ציטערדיקע פֿינגער און חלומ׳ען אַמאָל קענען באַטראַכטן און האַלטן אין די הענט די געהיימניספֿולע זאַכן וואָס ליגן דאָרטן פֿאַרבאָרגן.

מען האָט דערציילט אַז דעם קאַסטן האָט דער זיידע מיטגעבראַכט פֿון באַטאַשאַן, רומעניע, מיט איבער פֿופֿציק יאָר צוריק, אַז דעם זיידנ׳ס עלטערער ברודער, דער פֿלייטן־שפּילער „יאָסל דער ריסישער", האָט דעם קאַסטן נאָך געבראַכט קײַן רומעניע פֿון דער צאַרישער „מוזיקאַלנער קאָמאַנדע" בשעת ער איז אַנטלאָפֿן פֿון דער אַרמיי און אַריבער דעם פּרוט קײַן באַטאַשאַן.

דער זיידע האָט דעם קאַסטן מיטגעבראַכט אויף זײַן וועג צוריק אַהיים צו זײַן טאַטע־מאַמע׳ס קרעטשמע אין דעם דאָרף דוועווען, צווישן קאַמענעץ און מעזשעביש אין פּאָדאָליע. דער זיידע מיטן קאַסטן זײַנען קיינמאָל נישט דערפֿאָרן קײַן פּאָדאָליע. זיי זײַנען שוין אויף שטענדיק געבליבן בײַ אונדז אין סאָראָקי, וואו דער זיידע האָט געטראָפֿן די באָבע חיה־שׂרה און מיט איר חתונה געהאַט.

אין קאַסטן פֿלעגט מען זאָגן ליגן דעם זיידנ׳ס דאָקומענטן, די

בריוו פֿון זײַן מאַמען, רחל׳ע די מעזשעבישער, וואָס זי פֿלעגט וועכנט־לעך שרײַבן צו די קינדער קײַן רומעניע, בריוו אָנגעפּיקעוועטע מיט העברעאישע פּסוקים און אויסצוגן פֿון דער רוסישער און אוקראַיִנישער פּאָעזיע; זײַן זילבערנער זייגער וועלכן ער פֿלעגט טראָגן נאָר צו חתונות און יום־טובֿים; דער פּינקס פֿון דער חבֿרה־קדישא; אַ פּאָר אַלטע ספֿרים, איינער דער „ערבֿי נחל״ פֿון אונדזער סאַראָקער רבֿ ר׳ דוד־שלמה; אַן אַלטער פֿלייט וואָס זײַן ברודער יאָסל האָט אים מיט־געגעבן אַלס מתּנה; זײַן וואָכעדיקער און יום־טובֿ׳דיקער טליתים; עטלעכע אַלטע זילבערנע און גאָלדענע „אַנטיקן״ וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אין ארץ ישׂראל; דאָס קעסטעלע מיט די עפּל און אַ קרישטאָלן פֿלעשל מיט אימפּאָרטירטן ווישניאַק.

קיינער האָט זיך נישט געטאָרט צורירן צו זײַן קאַסטן, אַפֿילו די באָבע האָט קיינמאָל אַהין נישט אַרײַנגעשמעקט. איך האָב גע׳חלומ׳ט פֿון ירשנ׳ען דעם קאַסטן אָדער אַז איך וועל אויסוואַקסן זיך קויפֿן אַזאַ שיינעם קאַסטן.

## די פֿיר וואָס פֿלעגן זיצן

עס איז געווען אַ פּרעכטיק בילד ווען פֿיר מאַנסבילן פֿלעגן זיך זעצן עסן די שטיקלעך עפּל, פּאַרטרינקען מיט הייסער ברוין־רויט אָנגעצויגענער טיי, זיך אַמפּערן און אַרײַנזאָגן איינער דעם צווייטן; אַ קינד וואָס פֿלעגט זיצן צופֿוסנס דעם גרייז־גרויען זיידן און מיט אָפֿענע אויגן און פֿאַרנעמענדיקע אויערן אויפֿכאַפּן יעדער געזיכט־צוג און יעדער קלאַנג; די הויכע שטאַלטנע פֿרוי אין גרינעם פֿאַרטוך און געלער פֿאַטשיילע, וועלכע פֿלעגט שטיין אַן אָנגעשפּאַרטע אין דער אָפֿענער קיך־טיר מיט געמיטלעך־פֿאַרלייגטע הענט און זיך אײַנהערן צום געשפּרעך.

ווי פֿאַרשיידנאַרטיק און קאָלירפֿול די פֿיר געשטאַלטן זײַנען געווען. איך זע זיי ווי אין אַ שפּיל און זייערע דיאַלאָגן קלינגען מיר נאָך הײַנט ווי זיי וואָלטן אַרונטערגעקומען פֿון דער בינע.

## דער זיידע

דער זיידע פֿלעגט זיצן אין גרויסן מיט בראָקאַט באַצויגענעם שטול. ער האָט איבערן זילבערנעם קאָפּ האָר געטאָרגן זײַן פּלאַטשיק פּלושן יאַרמולקאַלע און זײַן געקרייזלטע ווײַסע פּירעקעדיקע באָרד איז אים געפֿאַלן ווי שטראָמען צו דער ברוסט.

ער האָט געטראָגן זײַן וואָרעם בלוי זשילעטל מיט די פֿיר קעשינ־קאָלעך און בלישטשענדיקער ריי פֿון פּערלמוטערנע קנעפּלעך; זײַנע בלויע, גלאַנציקע, אָפּגעריבענע, נאָר נעט פֿאַרפּרעסטע הויזן; זײַנע גרינע פּעלטענע לאַטשעס איבער די ווײַסע זאָקן און געצויגן מיטן רעכטן אָרבל פֿון זײַן קלאָר־ווײַסן העמד, געסטריגעוועט די פּאָלע פֿון אַ ראָק.

דער זיידע האָט ליב געהאַט דעם מענטשן און מיטגעליטן מיט זײַנע ליידן און זיך מיטגעפֿריידט מיט זײַנע פֿריידן. ער האָט געהאַלטן פֿון מדת־הרחמים, געשטרעבט נאָך שלום, טוען מעשׂים טובֿים און מאַכן יום־טובֿ אינדערוואָכן.

ער האָט פֿײַנט געהאַט די געלט־גײַציקע גבֿירים און די געמאַכטע צדקות פֿון די צבֿוע׳קעס. עס האָט אים געצויגן צו די חסידים און זייער פֿריידיקן אופֿן פֿון לעבן.

## הערץ־יאַנקעוו

הערץ־יאַנקעוו, דעם זיידנ׳ס שנײַדער־געזעל, פֿלעגט זיצן אויפֿן גרויסן מיט געוואַנט איבערגעצויגענעם טאַפּטשאַן ווי אַ טערק, מיט די פֿיס אונטער זיך, אין די גרויע צעריסענע זאָקן און צוגעדעקט מיטן שטיקל אַרבעט אין וועלכן ער פֿלעגט שלייפֿן אַ לעכל.

זײַן פּאַרוסינענע קעפּקעלע מיט קנעפּעלע אין סאַמע מיטן און קורצן דאַשיקל פֿון דער זעלבער סחורה איז אים געלעגן אויף אַ זײַט פֿון זײַן פֿליכעוואַטן קאָפּ מיט פֿרענדזעלעך האָר בלויז אַרום די זײַטן וואָס גיסן זיך צונויף מיט די פּאות צו דער רונדער אונטערגעשוירענער, שאָרסטקער, ברוין־גרויער באָרד ווי אַ פֿונטל טוטין.

ער האָט געטראָגן זײַן געשטריקט גרוי, צעלעכערט, וואָרעם שפּענצעריל, וואָס זײַן ווײַב כאַנצעלע האָט אים אויסגעאַרבעט, איבער די אַלטע גרינע, אָפּגעבליאַקעוועטע סאָלדאַטסקע הויזן. זײַנע שקראָבעס, צוויי אַלטע צעריסענע און צעדרייטע פּאָר שטיוול אָן די כאָלעוועס זײַנען געשטאַנען פֿאַר׳יתום׳טע אונטערן טאַפּטשאַן.

הערץ־יאַנקעוו איז געווען אָן אמת׳ער עמך. ער האָט זיך אויסגעלעבט אין אחדות פֿון זײַנע גוטע־ברידער באַלמעלאָכעס אין שנײַדערשן שולכל און להבֿדיל בײַ אַבֿרהם־איצלען אין שענקל. ער האָט פֿײַנט געהאַט די שטאָט־באַלעבאַטים וואָס שינדן אַ הויט פֿון פֿאָלק און זייערע סטראַפּטשעס די כּלי־קודש וועלכע געוועלטיקן אין גאָט׳ס נאָמען.

## דער געלער וואָלף

דער געלער מאיר־וואָלף מיטן געל־רויטן ציגן־בערדל פֿלעגט זיצן אויף דער סאָפֿע לעבן פֿענצטער אין זײַן סאַטינען אָפּגעריבן רונד יאַרמולקאַלע, אין טשימטשאַנען כאַלאַטל פֿאַרבונדן מיטן גאַרטל און זײַנע ווײַסע זאָקן אין ווייכע אויסגעבעטע לעדערנע טופֿלים. אין די הענט האָט ער אַלעמאָל געטראָגן דעם זעלבן ספֿר דעם „יורה דעה". אַז ער פֿלעגט זיך באַווײַזן פֿון זײַן אַלקיר מיטן ספֿר אין האַנט פֿלעגט דער זיידע מיט אַ שמייכל זאָגן:

— אָט גייט שוין דער „איסור והיתר"!

דער געלער וואָלף איז געווען אַ פֿאַרברענטער מתנגד און גע־האַסט חסידים. ער איז געווען אַ שטרענגער משגיח אָנגעשטעלט פֿון די שטאָט־גבאים און ער האָט אומעטום אַרײַנגעשטעקט די נאָז און אַלעם געוואָלט וויסן. זײַן געווער איז געווען מסור און שטראָף־רייד.

אַלע האָבן פֿאַר אים געציטערט. אַפֿילו די שטאָטישע שיינע באַלעבאַטים, די רבנים און שוחטים האָבן מורא געהאַט פֿאַרן שטרענגן וואָרט זײַנעם. ער איז געווען פֿײַערדיק ווי אַ ברענענדיקע הבֿדלה און קאַלט ווי אַ שאַרפֿער חלף.

## רעב חיים בעלינסקי

רעב חיים פֿלעגט אַרײַנקומען שטענדיק אַ פֿאַרסאָפּעטער פֿון דער גאַס. ער איז געווען אַ זקן אין די יאָרן. זײַן שטרויענער קאַפּעליוש איבער זײַנע צעפֿלאָסענע זילבערנע קודלעם און די לאַנגע שניי־ווײַסע באָרד איז אַזש דערגאַנגען צום גאַרטל פֿון זײַן אַלפּאַגענעם שוואַרצן רעקל. זײַנע שוואַרצע געוואַנטענע הויזן זײַנען געווען פֿון דינסטן און טײַערסטן מאַטעריאַל וואָס דער זיידע האָט אים געמאַכט. ער האָט געטראָגן ווייכע כראָמעווע שפּאַנישע שטיוולעטן מיט גומעלאַסטיקע בײַ די זײַטן. אין איין האַנט האָט ער געטראָגן זײַן שטעקן און אין דער אַנדערער זײַן טשעמאָדאַנטשיק מיט ספֿרים און „זשאַרגאָנישע ביכלעך" וואָס ער פֿלעגט צעטראָגן אין די באַלעבאַטישע הײַזער און צו די שנײַדער־און־דינסט־מיידלעך.

רעב חיים בעלינסקי איז געווען אַ ייד אַ משכּיל וואָס האָט גע־גלויבט אין אויפֿקלערונג, אין זײַן מיט מענטשן גלײַך, דערברעכן מיט מאַמע־לשון אַ פֿענצטער פֿאַרן פּשוט'ן פֿאָלק צו דער וועלט־קולטור, אָפּשלאָגן פֿאַנאַטיזם און אַבערגלויבן און לערנען די יוגנט

דעם טעם פֿון ערלעכער אַרבעט און אַ געפֿיל פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע פֿליכטן.

### דער הייסער ויכּוח

איין ויכּוח צווישן די פֿיר וועל איך קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. ער האָט פֿאַר מיר אַרויסגעבראַכט די פֿיר פֿאַרשיידנאַרטיקע געשטאַלטן, זייערע נשמות און נאַטורן.

איינמאָל איז רעב חיים אַרײַן מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער ווי געוויינטלעך. ער האָט אַ פֿאַרסאַפּעטער אַוועקגעשטעלט זײַן טשעמאָ־דאַנטשיק און שטעקן אין אַ ווינקל און זיך געגומען ווישן דעם שוויים פֿון שטערן מיט זײַן טיכעלע.

איך וועל איבערגעבן זייערע רייד און האַנדלונגען ווי אין אַ שפּיל:

רעב חיים (זיך ווישנדיק דעם שוויים): אָט, זיך אַביסל פֿאַר־האַלטן אויף דער פּאָסט. אַרײַנגעקראָגן אַ נײַעם טראַנספּאָרט מיט יִדישע ביכער פֿון אָדעס.

דער געלער: צען מײַל פֿון אָדעס ברענט דער גיהנום.

הערץ־יאַנקעוו: ער סטראַשעט שוין ווידער מיטן גיהנום, דער וואָלף? זאָל ער כאָטש אַמאָל צוּוואַרפֿן עמעצן אַ שטיקל גן־עדן!

וואָלף: דײַן גן־עדן איז גיין אין שענקל אַרײַן און זויפֿן ווײַן.

הערץ־יאַנקעוו: איך וועל גיכער גיין אין שענקל צווישן גוטע־ברידער איידער אין דײַן גן־עדן מיט די פֿליאַסקעדריגעס.

וואָלף: זעט נאָר, רעב חיים, וואָס עם־הארצים לערנען אַרויס פֿון אייערע משׂכּילים'שע און חסיד'ישע נאַרישקייטן.

רעב חיים: איך זע נישט, וועלוועלע, אַז דײַנע שיינע און רײַכע באַלעבאַטים זאָלן זײַן איידעלער און געלערנטער. איך קען זיי אַפֿילו נישט פֿאַרקויפֿן קיין ספֿר.

וואָלף: זיי דאַרפֿן נישט אײַערע ספֿרים. זיי קענען די דינים פֿון דער תּורה אויסנווייניק.

רעב חיים: אויסן־ווייניק, אינעון גאָרנישט!

דער זיידע: זאָג מיר נאָר, וואָלף, מיט וואָס זײַנען משׂכּילים'שע און חסיד'ישע געדאַנקען נאַרישקייטן? עס וואָרנט דאָך די תּורה אַליין קעגן די וואָס פּרעדיקן מן השׂפה ולחוץ, פֿון די ליפּן אַרויס און נית פֿון האַרצן. און די תּורה לויבט דאָך חסידים ואנשי מעשׂה.

וואָלף: אַז גאָט וויל שטראָפֿן אַן עם־הארץ לעגט ער אים אין מויל אַרײַן אַ לשון־קודש וואָרט. אַן עם־הארץ טאָר ניט הויך דאַוונען!

דער זיידע האָט אַוועקגעלעגט זײַן שטיקל אַרבעט. זײַנע שטענ־דיקע מילדע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. ער האָט אַ פֿאָך געטאָן מיט די צוויי ווײַסע אַרבל פֿון זײַנע הענט און צום ערשטן מאָל האָב איך דערהערט שטרענגע און בייזע ווערטער פֿון זײַן מויל:

— אוי, דו וויסטער דאָמבראָווענער מלמד, וואָס ביזסט דערהויבן געוואָרן צו ווערן אַ שטאָטישער משגיח. דער פֿריערדיקער משגיח איז כאָטש געווען אַ מענטש. קהל האָט מיט דיר אויסגעביטן אַ שוחט אויף אַ שינדער. מען האָט דיך דאָך פֿײַנט אומעטום. דײַנע שטאָטישע באַלעבאַטים זאָגן: „אוי, איז דאָס אַ געלער!" און די פּשוט'ע ייִדן זאָגן: „אוי, איז דאָס אַ וואָלף!" און איך זאָג, אַז דו ביזסט אַפֿילו נישט קיין וואָלף. דו ביזסט אַ כּלבֿ בצורת וואָלף!

דער געלער איז געבליבן זיצן בײַם פֿענצטער מיט פֿאַרביסענע ליפּן. זײַן רויט געזיכט און קאַרק זײַנען נאָך רויטער געוואָרן.

הערץ־יאַנקעוו האָט מיט פֿרייד געריבן זײַן נאָדל מיטן פֿאָדעם אין גלאַנציקן פֿליך. דער איידעלער רעב חיים האָט זיך צעפֿרידן געגלעט די לאַנגע שיינע באָרד.

און אין דער טיר פֿון דער קיך האָט געשײַנט די זון. די באָבע חיה־שׂרה איז געשטאַנען מיט פֿאַרלייגטע הענט און איר פּנים האָט געשטראַלט פֿון נחת.



# מײַן טאַטע

מײַן טאַטע איז געווען אַן אָרעמער שנײַדער אין שטעטל סאָראָקי בײַם טײַך דניעסטער אין בעסאַראַביע, אָבער דאָס גאַנצע דאָרף קורעשניצע איז געווען „זײַנס". די גרויסע „וויװעסקע" (שילד) איבער אונדזער הויז האָט זיך טאַקע געלייענט: „מוזשעסקי, דוכאַווני אי וואָיעני פּאַרטנאָי" (מענערישער, גלח׳ישער און מיליטערישער שנײַדער), אָבער געבליבן איז ער בלויז אַ „מוזשיצקי" שנײַדער — אַ פּויערשער שנײַדער.

פֿון זינט איך געדענק זיך איז אונדזער גרוים הויז אין סאָראָקי געווען פֿול מיט מאָלדאַוואַנעס פֿון די אַרומיקע דערפֿער. איבערהויפּט פֿון דעם דאָרף קורעשניצע, און דאָס וואָלעכישע לשון איז געווען אַזוי נאַטירלעך ווי דאָס ייִדישע.

אַז אַ פּויער פֿלעגט צום ערשטן מאָל קומען אין שטעטל זיך נייען אַ פּאָר הויזן אָדער אַ פּעלצל, איז זײַן אָנפֿראַגע בײַם ערשטן באַגעגנטן ייִדן געווען:

„זשעפּוני, אונדע אַשעל קראַיטאָר קאַרע קאָסע פּאַרע פּאַראַלע?"
(הער, וואו וואוינט יענער שנײַדער וואָס נייט אַן געלט?).

— האָט מען אים טאַקע גלײַך אָפּגעשיקט צו יאָסעלע סאָראָקער — מײַן טאַטן.

מײַן טאַטע פֿלעגט זעלטן נעמען מזומן געלט. ער פֿלעגט אָפּפֿאָרן דאָנערשטיק אָוונט אין דאָרף אַרײַן מיט די גרויסע וועגענער פֿון די „גראַדינאַרן", די גרינס און אויבסן-הענדלער, די „בולגאַרן" וואָס ברענגען יעדן גאַנץ פֿרי פֿאַרן מאַרק די פֿאַרשיידענע גרינסן און אויבסן, און פֿאָרן צוריק אין אָוונט. ער פֿלעגט איבערנעכטיקן אין דאָרף, אָפּגעבן די פֿאַרטיקע מלבושים און אָננעמען נײַע. פֿאַר דעם פֿלעגט ער קריגן עופֿות און גרינסן, „ראַזבאָיען" — אויסגעשטריקטע

בונטע טעפּיכער, און אָפּטמאָל אַפילו בעלי־חיים — אַ ציג אָדער אַ לעמל (ביי אונדז אין הויף פּלעגן זיך כאָוון עטלעכע ציגן מיטאַמאָל), וואָס ער פלעגט פּרייַטיק פּרי ברענגען אַהיים. זייער אָפּט פּלעגן איך און מיין קלענער ברודערל „הערשעלע מזיק" מיט אים מיטפאָרן און איבערנעכטיקן אין דעם שיינעם דאָרף בייַם ברעג פון דניעסטער.

### דאָס דאָרף ביי אונדז אין הויז

די פּויערים, וואָס פּלעגן קומען צו מיין טאַטן, פּלעגן ביי אונדז אין הויז איבערנעכטיקן. דער טאַטע האָט זיי נישט געלאָזט נעכטיקן אין דער אַכסניה.

ווען עס פּלעגט זיך שטעלן דער יאַריד, אָדער מען פלעגט זיך קומען שטעלן צום פּריזיוו, איז אונדזער הויז געוואָרן איבערגעפּילט. די גרויסע „ראַבאָטשע" (אַרבעט־צימער) און דער אַלקער, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט דער הרובע ווי אַ וואַנט, אין וועלכע עס איז געווען אַן אָפענער קווערער לאָך ווי אַ פענצטערל, זייַנען שטענדיק געווען פול מיט מענטשן און מיט רויך, מיט ריחות פון שוויים און געזאַלצענער „סאַלאָ".

מיין באַליבט זיץ־פּלאַץ איז געווען אין פענצטערל פון דער הרובע. עס איז דאָרטן געווען אי וואַרעם, אי באַקוועם. איך פלעג זיצן שעה'ן־לאַנג און מאַכן מיינע שול־אויפגאַבן און דערביי זיין אַ שטילער באַאָ־באַכטער איבער אַלץ וואָס עס קומט־פאָר אין דער „ראַבאָטשע", צווישן די צוויי געזעלן און דעם מיידל, העניע, די נייטאָרן, צווישן טאַטן און זייַנע מאָלדאָוואַנעס, און וואָס עס קומט־פאָר אין אַלקער אָנגעפּילט מיט פּויערים פון פאַרשיידענע דערפער.

אַזוי שנעל ווי שפּעט אין אָוונט פלעגט זיך אָפּשטעלן דער געטאַנץ פון די זינגער־מאַשינען און די געזעלן פּלעגן אַהיים גיין, פּלעגט דער טאַטע אַוועקרוקן דעם שמאָלן וואַרשטאַט און דעם גרויסן טאָפּטשאַן, פון וועלכן ער פלעגט אַראָפּנעמען דעם גרויסן „בלאַט" און אויפשטעלן צו דער וואַנט, אַוועקשטעלן די לאַנגע שמאָלע בענק ביי די ווענט, און אינמיטן גרויסן צימער אויסבעטן מיט ברעזענטן און אַלטע געוואַנטן.

די מאָלדאָוואַנעס פלעגן זיך אויסלייגן אין אַ קרייַז צוגעדעקט מיט זייערע סוקמאַנעס אָדער שאָפענע פּעלצלעך, אַוועקשטעלן אַ גרויסן קעראָסינענעם לאָמפּ אינמיטן, וואָס פלעגט אינדערפינצטער פינקלען ווי אַ שייַטער. זיי פלעגן פאַררויכערן זייערע ציגאַרן מאַ־כאָרקע, געוויקלטע אין קוקורוזענער שאָלעכץ אָדער ציען זייערע

ליולקעס ציבעק, אָפּט שפּילן אין קאָרטן, אָבער מערסטנס באַלאַקען, זינגען לידער און זיך דערציילן צוויבער־מעשׂיות אין דער שיין־קלינגענ־דיקער וואָלעכישער שפּראַך.

## זינגער פון לידער

אין אַזעלכע אָוונטן פלעגן מײַנע עלטערן מיר דערלויבן שלאָפן אין אַלקער צוזאַמען מיט נאַלאַטיע׳ן דעם שרײַבער פון דאָרף, וועלכער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער זינגער פון לידער און אַ דערציילער פון מעשׂיות.

די שלאָף־צימערן, וואו מײַנע עלטערן און מיר, זעקס קינדער, פלעגן שלאָפן, זײַנען געווען אין צווייטן פליגל פון הויז, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן אַלקער און „ראַבאָטשע" מיט אַ לאַנגן קאָרידאָר. אין דעם קאָרידאָר איז געשטאַנען די רויטע שאַפע מיט ברויט, סלאָיעס אײַנגעמאַכטס און אײַנגעזײַערטס און די געשירים, אַ דייזשקע וואַסער איבערגעדעקט מיט אַ ציכטיקער שטיק פאַרוסינע און אַ ברעט, אויף וועלכער עס זײַנען געשטאַנען צוויי צינענע קווערטלעך און אַ גרויסער שעפ־לעפל. אויך איז דאָרט געשטאַנען אַ לאַנגער און הויכער קאַסטן, אין וועלכן עס איז געלעגן דאָס אויסגעוואַשענע און אויסגעפּרעסטע בעט־געוואַנט.

איך פלעג ליגן ביז זייער שפּעט לעבן נאַלאַטיע׳ן, אַן אײַנגעענו־רעטער אין דער וואַרעמער קאָלדרע און איך פלעג האָבן דאָס געפיל, אַז איך בין אין דעם דאָרף קורעשניצע אַרום אַ וואָלעכישן שײַטער אין פרײַען פעלד און פאַרנעמען דעם קלאַנג פון די מעשׂיות און דעם שטילן דויער פון דעם וואָלעכישן געזאַנג.

ניט אומזיסט איז וואָלעכיש מיר אַרײַן אין בלוט און איז מיר אַזוי נאָענט ווי מאַמע־לשון.

## יאָסעלע „זשימזשאַק"

גערופן האָט מען מײַן טאַטן אויך „זשימזשאַק", צוליב זײַן שטענדיק זײַן פאַרהאַוועט און פאַרטאָן. מײַן טאַטע איז קיינמאָל נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, ער פלעגט זעלטן באַנוצן דעם טראָטואַר, ווײַל די דורכגייער פלעגן אים פאַרהאַלטן. האָט ער זיך געטראָגן איבער דער ברייטער ברוקירטער גאַס, געבריזגעט מיט דער בלאָטע און זײַנע שטיוול זײַנען שטענדיק געווען פאַרבלאָטיקט. און אפשר טאַקע דער־פאַר איז זײַן באַליבט ווערטל צו איבערצײַגן, אַז מען דאַרף טאָן אַרבעט

דורך פּערזענלעכן קאָנטאַקט פֿון הויז-צו-הויז, געווען: — „אַז משה רבינו האָט געוואָלט, אַז וואָס מער ייִדן זאָלן אָננעמען גאָט׳ס תורה, האָט ער געמוזט אַרומלויפֿן פֿון הויז-צו-הויז אין זײַנע פֿאַרבלאָטיקטע שטיוואַלעס.

אינדערוואָכן האָט מײַן טאַטע שטענדיק געטראָגן דעם זעלבן „נאַריאַד”, אַ שוואַרץ געוואַנטן לײַבל מיט פֿיר קעשענקעלעך, ווי אַ זשילעט, מיט אַ שטייענדיק שטײַף קעלנערל מיט קײַלעכדיקע שפּיצן. די אַרבל, פֿון דער זעלבער סחורה, פֿאַרשפּיליעט מיט קנעפּעלעך בײַ די געלענקן. די פּלייצע איז געווען פֿון שוואַרצן סאַטין, אָנגעפּילט מיט דער בעסטער וואַטע און געקעסטלט אויסגעשטעפּט. הויזן האָט ער געטראָגן פֿון ווייכן אימפּאָרטירטן גרויען געוואַנט, אַרײַנגעשטעקט אין הויכע שטיוול, וואָס צוליב דער בלאָטע האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט זייער קאָליר. עטלעכע מאָל אַ וואָך פֿלעגט ער אַראָפּשאָבן די פֿאַרדאַרטע בלאָטע, אַרײַנשפּרינגען ערגעץ אויפֿן מאַרק אין אַ באַקאַליי-קלייטל אין אַ באַליע מיט טריאָן און די שטיוול פֿלעגן ווערן ווידער פֿריש צום פֿאַרבלאָטיקן. געטראָגן האָט ער אַ שוואַרץ גע־קרײַזלט קאַראַקולן-קוטשמעלע, וואָס פֿלעגט בײַ אים שטענדיק ליגן אויף אַ זײַט ווי בײַ אַ סטראַזשניק. קיין בערדל האָט מײַן טאַטע נישט געטראָגן, בלויז קליינע רויטלעך-בלאָנדע וואָנצעלעך, וואָס זײַנען נאַכלעסיק געפֿאַלן איבער דער אונטערשטער ליפּ, וועלכער ער פֿלעגט אָפֿט אַ וויש טאָן מיטן צײַג-פֿינגער.

## דער קהל׳שער קאָך־לעפֿל

קהל׳ן זיך איז געווען מײַן טאַטנ׳ס באַרוף. ער איז געווען דער „טשליען-סאָוויעט” אין דעם „קליינעם רעמעסלענעם באַנקל” (ליי און שפּאַר-קאַסע) פֿאַרטרעטנדיק די שנײַדער, שוסטער, סטאָליאַרס און אַנדערע האַנט-ווערקער. אין דער שנײַדערישער שול איז ער עטלעכע מאָל געווען דער גבאי, ווי אויך דער אָנפֿירער פֿון דעם באַרימטן שטרײַט אַרום דער דערוויילונג פֿון אַ „קאַזיאָנע ראַבינער”, ווען בלוט האָט זיך געגאָסן און מײַן טאַטע האָט געקראָגן אַ צעשניטענע ליפּ פֿון אַ קרעמערישער שאַרפֿער ווירע און איך האָב צום ערשטן און איינציקן מאָל געזען מײַן טאַטן זיך שלאָגן און פֿירן אַ מענגע ייִדן אין שלאַכט.

צוליב דעם, וואָס מײַן טאַטע פֿלעגט נייען פֿאַר נאַטשאַלסטווע, האָט ער געהאַט גרויס אײַנפֿלוס און פֿלעגט טאָן אַ סך טובֿות, איבער־

הויפּט בײַם שטעלן זיך צום פּריזיוו און בײַם איבערפירן מענטשן מיטן עטאַפּ און העלפן די פאַרשפּאַרטע אין גרויסן אויעזדנעם אָסטראָג.

## קלעפּ און תּפֿיסה

צוויי פאַלן וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן טאָג האָט דער „נאַדזיראַטעל", וואָס האָט זיך געניים בײַ מײַן טאַטן אַ נײַעם שינעל, דערציילט, אַז אין אָוונט קומט־אָן אַ גרויסער עטאַפּ איבערגעכטיקן אין שטאָט און אַז צווישן די אַרעסטאַנטן זײַנען פאַראַן פערצן ייִדן, אַ טייל פון זיי פּאָליטישע, אויפן וועג אויף קאַטאָרגע. אַז מײַן טאַטע האָט דערהערט פערצן ייִדן, איז ער געוואָרן אַ פאַרציטערטער. עס האָט ניט גענומען לאַנג — און מײַן טאַטע האָט אַ צעוויג געטאָן די שטאָט. מען איז געלאָפן וואו מען דאַרף און געקראָגן אַ דערלויבעניש צו קענען ברענגען די אַרעסטאַנטן עסן און קליינקייטן. מײַן טאַטע און צוויי פון זײַנע פרײַנט זײַנען אַרומגעלאָפן פון הויז־צו־הויז און געזאַמלט וואו געלט און וואו זאַכן.

יענעם אָוונט בין איך מיטגעגאַנגען מיטן קאָמיטעט און געהאָלפן טראָגן צו דער קאַזאַרמע פון „וואָיענסקי נאַטשאַלניק" די זאַכן. די ייִדן־אַרעסטאַנטן האָבן זיך דערפרייט מיט אונדז. זיי האָבן געכאַפּט די וואַרעמע וועטשערע און די פּאַפּיראָסן און מיט פרייד זיך געטיילט מיט די קריסטלעכע אַרעסטאַנטן און מיט שטאָלץ געוויזן אויף מײַן טאַטן און זײַנע פרײַנט.

טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען מענטשן געקאָוועטע אין קייטן.

ווען מײַן טאַטע און איך זײַנען אַהיימגעקומען, האָבן מיר אויסגעפונען, אַז די ייִדן האָבן געבראַכט נאָך זאַכן צו אונדז אין הויז אַרײַן. האָט מײַן טאַטע גלײַך באַשלאָסן, אַז למען השם מאָרגן קאַיאָר, איידער דער עטאַפּ לאָזט זיך אין וועג אַרײַן, קײַן בעלז, וועט ער און איך זיך אַרויסלאָזן צו דער קאַזאַרמע און איבערגעבן די זאַכן פאַר די „עטאַפּניקעס".

גאַנץ פרי זײַנען מיר שוין געווען בײַ די קאַזאַרמעס, אָנגעלאָדן מיט פּעק. אַזוי שנעל ווי דער קאָנוואָי האָט זיך באַוויזן, האָט מײַן טאַטע גענומען אויסטיילן יעדן איינעם פּאַפּיראָסן און אַנדערע קליי־ניקײַטן, נאָר אַזוי ווי די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נעמען און געבראָכן דעם „סטראָי", איז איינער פון די סאָלדאַטן אַרײַן אין

דער רציחה און מיט דער קאַלבע פֿון דער ביקס געגומען שלאָגן מײַן טאַטן. די אַרעסטאַנטן האָבן אָנגעהויבן אַ געוואַלד און געזידלט דעם סאָלדאַט. דער עלטסטער האָט געגעבן אַ באַפֿעל זיך רירן און זיי זײַנען אַוועק מיטן וועג, איבערלאָזנדיק מײַן טאַטן אַ צעשלאָגענעם אויף דער ערד און מיך אַ וויינענדיקער איבער אים.

מײַן טאַטע איז אָפּגעלעגן אַ טאָג-צוויי אין בעט. מײַן מאַמע האָט זיך געהאַלטן אין איין בעטן בײַ אים, אַז ער זאָל אַ נדר געבן מער זיך ניט מישן אין קהל'ישע זאַכן. אָבער אַ נעכטיקער טאָג. אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די פֿיס, איז ער געבליבן יאָסעלע „זשימזשאַק".

דער צווייטער פֿאַל איז געווען זייער אַ טראַגישער און איז געווען איינע פֿון די אורזאַכן, פֿאַרוואָס מײַן מאַמע האָט געגומען איבערקערן אַ וועלט, אַז מיר זאָלן פֿאָרן קיין אַמעריקע.

## חבֿרה שלאָגט אַ גאָראָדאָוואָי

געווען איז דאָס אין 1916, בשעת דעם ערשטן וועלט-קריג. די געזעצן קעגן ציווילע מענטשן פֿאַר ווידערשטעלן זיך פּאָליציייסקע זײַנען געווען זייער שטרענג. פּאַסירט, אַז בײַ אונדז אין גאַס איז געווען אַ צירולניע, אָנגעפֿירט פֿון אַ יונגער יִדישער חבֿרה, וואָס פֿלעגן אָפּט שפּילן קאָרטן. אַ געוויסער גאָראָדאָוואָי פֿלעגט בײַ זיי נעמען לאַפּקע-געלט, אָבער אַזוי ווי ער איז איינמאָל געוואָרן צו־חוצפּה'דיק און איז נאָך דערבײַ געווען אונטערן גלעזל, האָבן דרײַ פֿון דער חבֿרה אים אָנגעבראָכן די ביינער, אַרויסגעוואָרפֿן און פֿאַר־שלאָסן די טיר. דער גאָראָדאָוואָי האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָל־ווער, אויסגעשאָסן אינדערלופֿטן און זיך צעסווישטשעט אויף וואָס די וועלט שטייט. זײַנען אָנגעלאָפֿן נאָך פּאָליציי, אויפֿגעבראָכן די טיר, צעשלאָגן און אַוועקגעפֿירט די דרײַ יונגען אין אוטשאַסטאָק.

נו, איז דאָס געוואָרן אַ טרעוואָגע אין שטאָט. די עלטערן פֿון די דרײַ חבֿרה-לײַט זײַנען גלײַך אַרײַן צו מײַן טאַטן:

— געוואַלד, רעב יאָסל, ראַטעוועט!

טראַכט מײַן טאַטע נישט קיין סך און ער האָט שוין אַ פּלאַן. ער שלאָגט- פֿאָר, אַז דרײַ אָנגעזעענע באַלעבאַטים פֿון שטעטל זאָלן גיין צום איספּראַווניק און עדות-זאָגן, אַז דער גאָראָדאָוואָי איז געווען שיכּור (און דאָס איז דאָך געווען דער אמת) און אַז ער האָט געשאָסן אין דער לופֿטן אָן שום פּראָוואָקאַציע. און אַליין שלאָגט ער זיך פֿאָר

צו זײַן אײנער פֿון די דרײַ... עס האָט ניט גענומען לאַנג און אַן אַנגע־זעענער סוחר, אַ באַקאַנטער פּראָוויזאָר און מײַן טאַטע זײַנען אין זײערע יום־טובֿ׳דיקע בגדים אַװעק צום איספּראַװניק. נאָכדעם װי מען האָט אַ „שמיר״ געטאָן, האָט מען זײ אַרײַנגעלאָזט צום הױפּט. ער האָט זײ אױסגעהערט העפֿלעך, דער „פּיסאַר״ האָט פֿאַרשריבן אַלץ װאָס זײ האָבן געזאָגט און מען האָט זײ פֿאַרזיכערט, אַז אַזױ שנעל װי דער פּראָטאָקאָל װעט אַװעק אין דער גובערנסקער שטאָט, קעשע־נעװ, װעט זיך אַלץ אױסלאָזן גוט.

אָבער עס האָט פּאַסירט אײן קלײניקײט. אַנשטאָט דער שרײַבער זאָל פֿאַרצײכענען, אַז די דרײַ יוגנטלעכע װערן באַשולדיקט אין צע־שלאָגן אַ פּאָליציײסקע און אַז די דרײַ חשובֿ׳ע באַלעבאַטים זײַנען עדות, האָט ער פֿאַרשריבן אַז אַלע זעקס װערן באַשולדיקט אין צעשלאָגן דעם גאָראָדאָװאָי.

אין דרײַ װאָכן אַרום, דאָס איז געװען אַ טאָג פֿאַר פּסח, איז אָנגעקומען פֿון קעשענעװ דער אורטײל, אַז אַלע זעקס זאָלן פֿאַר־שפּאַרט װערן אין אָסטראָג אױף דרײַ חדשים.

אין שטאָט איז געװאָרן אַ בהלה. אױף אַזאַ חורבן האָט זיך קײנער ניט געריכט. מײַנע צװײ פֿעטערס און די קינדער און די קרובֿים פֿון די אַנדערע צװײ רײַכע ייִדן האָבן גלײַך געכאַפּט די ערשטע דראָשקעס און נאָשפּיץ אַװעק קײַן קעשענעװ „כאַדאַטײַסטװעװען״ און איבער־צײַגן אין דעם אומגליקלעכן טעות, װאָס איז געמאַכט געװאָרן. עס האָט אָבער גענומען אַ צען טעג און מײַן טאַטע און זײַנע צװײ פֿרײַנט האָבן פֿאַרבראַכט דעם גאַנצן יום־טובֿ פּסח אין „חד־גדיה״.

װען זײ זײַנען אַלע דרײַ אַרױסגעקומען, האָט מען אין שטעטל גענומען רעדן, אַז שױן, דאָס איז דאָס לעצטע מאָל װאָס יאָסעלע „זשימזשאַק״ װעט זיך קהל׳ן.

אָבער עס לאָזט זיך גאָר ניט אױס, — עס הױבט זיך ערשט אָן.

שבת שמיני, דעם ערשטן שבת אינדערהײם, האָט מײַן טאַטע, אַן אױסגעצערטער און אַ בלײכער, פֿאַררופֿן זײַנע בעסטע פֿרײַנט און חבֿרים צו אַ לעקעך־און־בראָנפֿן צו אונדז אין דער שײנעם „זאַל״ (אױפֿנאַמס־צימער) און צו דער איבעררעשונג פֿון יעדן אײנעם זײ דערלאַנגט אַזאַ מין דרשה:

— חבֿרה, װײסט איר, אַז אין אונדזער אָסטראָג אױפֿן באַרג זײַנען איצט פֿאַראַן עטלעכע און צװאַנציק ייִדישע פֿאַרװאָגלטע פֿון אַלע עקן רוסלאַנד? זײ האָבן אַפֿילו ניט קײן מנין און קריגן ניט קײן כּשר׳ן

ביסן אין מויל אריַין, שוין אָפּגערעדט פֿון פּאַפּיראָסן אָדער אַנדערע נויטווענדיקייַטן. איך שלאָג-פֿאָר, אַז מיר לייגן זיך צוזאַמען און שאַפֿן אַ קאַסע פֿאַר פּאַפּיראָסן און אַנדערע קלייניקייַטן. אַז מיר נעמען יעדערער אויף זיך צו קאַרגן אַ מאָלצייַט איינמאָל אַ וואָך פֿאַר אַ יידישן אַרעסטאַנט.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און אין שטעטל האָט זיך געשאַפֿן אַ חבֿרה, וואָס האָט געשאַפֿן געלט און צוגעשטעלט מאָלצייַטן, וואָס איך און מייַנע ברידער און נאָך דריַי פֿון אונדזערע חבֿרים, זין פֿון מייַן טאַטנ׳ס פֿרייַנט, פֿלעגן טראָגן יעדן טאָג אין אָסטראָג אריַין, דאָרטן אויפֿן באַרג, אויפֿן וועג קייַן בעלז.

פֿיר יאָר ביז אונדזער אָפּפֿאָרן קייַן אַמעריקע, איז מייַן טאַטע געווען די טרייַב-קראַפֿט פֿון דער קליינער חבֿרה „אַנשי מאָלצייַטן”, וואָס האָט געטראָגן פֿרייַנטשאַפֿט און ליכט אין פֿינצטערן אָסטראָג אריַין.



# מאַמאַליגע

בעסאַראַבער רעטעניש:
וואָס איז דאָס —
מען מישט מיט אַ דריק;
מען שנײַדט מיט אַ שטריק;
מען עסט ווי אַ ביק,
און מען בענטשט ווי אַ פֿליג?
— אַ מאַמאַליגע!

פֿון אַלע צונעמען, וואָס מען האָט מיר געגעבן אין מײַן קינדהייט, האָט זיך בלויז איין נאָמען צוגעקלעפּט: דודאַלע מאַמאַליגע.

און מאָדנע — אַנשטאָט עס זאָל מיך פֿאַרדריסן, האָט מיר גאָר דער נאָמען אַלעמאָל פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגעניגן.

געווײנלעך איז דאָס וואָרט מאַמאַליגע אַ ביטול־וואָרט, אַ שטעך־וואָרט קעגן די בעסאַראַביער. מען וויל מיט דעם ווײַזן ווי פֿאַרגרעבט זיי זײַנען, אַזוי ווי זייער פּיסגע און טרוקן שטיקל מאַמאַליגע.

מען ווייסט זייער ווייניק ווי טײַער אָט־דער נאָמען איז יעדן בעסאַראַבער. עס קלינגט ממש ווי — מאַמע־ליבע.

דער נאָמען מאַמאַליגע האָב איך געקראָגן אַלס אַ שטראָף, און געשען איז דאָס אָט ווי אַזוי:

בײַ אונדז אין שטעטל סאָראָקי איז געווען אַ וואַסער־פֿירער רעב הערש. ער איז געווען אַ הויכער געזונטער ייִד מיט אַ גרויער צע־שויבערטער באָרד און מיט גרויסע שוואַרצע ברעמען אונטער אַן אָפּ־געבליאַקעוועטער שוואַרצער שאַפּענער קוטשמע. ער האָט שטענדיק געטראָגן אַ וואַטאָווע לײַבל מיט ברייטע פֿאַרוסינענע הויזן, וואָס שטעקן אין גרויסע כראָמעווע שטיוואַלעס. ער האָט שטענדיק אַרומ־געטראָגן זײַן בײַטשל. אַפֿילו ווען ער האָט אַרײַנגעטראָגן אין הויז

אַרײַן די צוויי עמער וואַסער מיטאַמאָל, פֿלעגט ער אַרײַנשטעקן דאָס בײַטשל אין דער כאָליעווע פֿון זײַן רעכטן שטיוול.

געטריבן האָט ער זײַן געפֿלעקטע געלע שקאַפּע, וועלכע איז געווען אײַנגעשפּאַנט אין זײַן מיט-בליאַכעס-אַרומגעסטאַמפּעוועט הילצערן פֿעסל אין אַ וועגעלע אויף בלויז צוויי רעדער. ווען דאָס פֿעסל איז געווען פֿול האָט זיך אָפּט געדוכט, אַז אָט וועגט עס אַריבער און וועט אויפֿהויבן דיבאָם דאָס פֿערדל אויף די צוויי דישעלעס.

מיר, קינדער, האָבן זייער ליב געהאַט אַרויסצולויפֿן אין גאַס אַרײַן אַזוי שנעל ווי רעב הערש מיט זײַן שקאַפּע האָבן זיך באַוויזן און שרײַען:

— הערש מאַמאַליגע! הערש מאַמאַליגע!

רעב הערש פֿלעגט שטענדיק שווײַגן, ביז ער פֿלעגט דערזען עטלעכע מענטשן זיך אָפּשטעלן און לאַכן. דאַן פֿלעגט ער ווערן אין כּעס, אַ כאַפּ טאָן דאָס בײַטשל און זיך צעשרײַען אויפֿן קול:

— אַ רוח אין אײַער טאַטן אַרײַן, שקצים!

ער פֿלעגט זיך אַ יאָג טאָן, גרייט דורס זײַן עמעצן. מיר פֿלעגן זיך צעלויפֿן.

גראָדע איז רעב הערש געווען זייער אַ שטילער מענטש. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. פֿאַרוואָס מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן מאַמאַליגע האָט קיינער ניט געוואוסט.

איינמאָל האָב איך דערזען ווי רעב הערש מיט זײַן שקאַפּע פֿאַר־פֿאָרן אין אונדזער געסל. בין איך אַרויס פֿון דער טיר און אַ געשריי געטאָן:

— הערש מאַמאַליגע!

ווי אַ ווילדע חיה האָט ער אַ רעווע געטאָן:

— ממזר, איך וועל דיר ממית׳ן!

און ער איז אַרײַן אין הויז אַרײַן נאָך מיר. איך בין אַנטלאָפֿן צו דער מאַמען אין קיך. די מאַמע האָט זיך דערשראָקן פֿון מײַן אויסזען און ווען זי האָט דערהערט רעב הערש׳ס יעכץ: „וואו איז ער, דער תּכשיט? איך וועל אים ווײַזן וואָס הייסט מאַמאַליגע!", האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיטביידע הענט און אויסגערופֿן:

— אַ ווייטיק איז מיר! רעב הערש, גאָט איז מיט אײַך! דאָס האָב איך געשיקט דאָס קינד אײַך אַרײַנרופֿן צו פֿאַרזוכן פֿון מײַן מאַמאַליגע. קומט עסן, רעב הערש!

דער וואַסער-פֿירער איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרגאַפֿטער. ער האָט נישט געוואָלט גלויבן זײַנע אויערן. ער האָט מיט פֿאַרדאַכט אַ קוק געטאָן אין די קלוגע שמייכלענדיקע אויגן פֿון דער מאַמען און שנעל אַ קוק געגעבן אויפֿן פּריפּעטשיק און אַז ער האָט דערזען, אַז עס זידט טאַקע אַ מאַמעליגע, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן אויף צוריק, אַרײַנ-געשטעלט דאָס בײַטשל אונטער דער פּאַכווע און רײַבנדיק ביידע לאַדאָניעס האָט ער מיט אַ פֿאַרנעגנדיקער שטימע אַרויסגעזאָגט:

— מהיכא תיתי, ציפּע לעבן, פֿאַרוואָס ניט? ווער קען זיך דאָס אָפּזאָגן פֿון אײַערע געשמאַקע מאַמאַליגעס?

## די מאַמאַליגע

די מאַמע האָט אים געבעטן זיך זעצן און האָט אַ נעם געטאָן די קאַטשעלקע. בײַ מיר איז דאָס האַרץ אײַנגעפֿאַלן, און איך האָב דער-וואַרט אַ קלאַפּ. זי האָט אָבער אַרײַנגעשטעקט די קאַטשעלקע אין קײַלעכדיקן קעסעלע פֿון דער מאַמאַליגע און אָנגעהויבן מישן. ווען די מאַמאַליגע האָט אָנגעהויבן זיך האַרטעווען און בלאָזן מיט ליפּעלעך אָטעם — אַ סימן אַז זי איז פֿאַרטיק, האָט די מאַמע אויסגעשפּרייט אַ ווײַסן סערוועטקעלע אויפֿן טיש, אָנגענומען דאָס קעסעלע מיט צוויי פּילקעלעך בייקע און אַרויסגעוואָרפֿן די געלע, גאָלדענע מאַמאַליגע אויפֿן טיש. זי האָט אָפּגעריסן אַ ווײַסן שטאַרקן פֿאָדעם פֿון דעם קלעצעלע מאַקראַ און אָפּגעשניטן אַ גרויס רייפֿטל פֿאַר רעב הערש'ן. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ טעלערל צעלאָזענע פּוטער און באַ-שפּרינקלט רעב הערש'ס רייפֿטל מיט געזאַלצענער „ברינדזע" — שאָפֿענע קעז.

רעב הערש האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק מאַמאַליגע אין מויל אַרײַן, אַז ער האָט זיך אַזש אָפּגעבריט. זײַן צעשויבערטע באָרד האָט געציטערט פֿון קוויקעניש. אַז ער איז גרייט געוואָרן פֿאַרן צווייטן שטיק מאַמאַליגע, האָט ער געוואָרפֿן אַ מילדן בליק צו מיר אין ווינקל פֿון פּריפּעטשיק און מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— נאַ, דודאַלע, האַלט דאָס בײַטשל.

אַזאַ גליק האָב איך נישט דערוואַרט. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס בײַטשל און בין אַרויס אינדרויסן שמײַסן אין דער לופֿטן.

פֿון דעמאָלט-אָן האָט די מאַמע מיך גערופֿן „דודאַלע מאַמאַליגע". מיר איז אָבער ליב געבליבן דער מאַמעס קלוגער אײַנפֿאַל און דאָס גליק מיטן בײַטשל.

## אַ גליק מיט מאַמאַליגע

אַ צווייט מאָל האָט מיט מיר פּאַסירט אַ גליק מיט מאַמאַליגע, ווען איך בין געווען אַ דרײַצן־יעריקער. דאָס איז געווען בשעת דעם ערשטן וועלט־קריג אין 1917. איך האָב נאָכן ענדיקן די תּלמוד־תּורה אויסגעהאַלטן מײַן עקזאַמען פֿאַרן ערשטן קלאַס פֿון דער גימנאַזיע, אָבער צוליב די פּראָצענט־נאָרמע נישט אַרײַנגענומען געוואָרן. מיר, זעקס יִידישע יִינגלעך, האָבן זיך געפֿילט אומגליקלעך: אויסגעהאַלטן און דאָך נישט אַרײַנגענומען געוואָרן. האָט אָבער פּאַסירט אַ גליק. די עסטרײַכער זײַנען אַרײַן אין דער שטאָט כאָטין לעבן בוקאָווינע, און די רוסישע רײַכע זינדעלעך מיט אַ טייל לערער פֿון דער כאָטינער גימנאַזיע האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין סאָראָקי.

די אינטעליגענציע פֿון אונדזער שטעטל האָט אויפֿגענומען די פּליטים מיט אָפֿענע אָרעמס. מען האָט זיי איבערגעגעבן אונדזער גימנאַזיע אין די אָוונטן, און אַזוי ווי זיי האָבן געהאַט אַ קליינע צאָל שילער און זייער אַן אָרעמע קאַסע, האָט מען אונדז, זעקס יִידישע קינדער, אַרײַנגענומען לערנען פֿאַר אַ באַשטימטער סומע געלט.

דער דאַמען־קאָמיטעט פֿון שטאָט האָט יעדן אָוונט סערווירט פֿרײַע טיי מיט צוקער און מיר, סטודענטן, האָבן געדאַרפֿט ברענגען אונדזערע אייגענע מאָלצײַטן. די מערסטע סטודענטן האָבן געבראַכט „בוטערבראָטן", סאַרדינקעס, סאָסיסקעס, קעזן און געבעקסן. מיר, אָרעמע יִידישע קינדער, פֿלעגן מיטברענגען אַ שטיקל קעז מיט ברויט אָדער אַ לעבערל אָדער פּופּיקל, וואָס די מאַמע פֿלעגט אָפּשפּאָרן.

איינמאָל האָט מײַן מאַמע גאָרנישט געהאַט וואָס מיר צו געבן, סײַדן אַ שטיקל מאַמאַליגע. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך איר דאָס צוריקגעגעבן:

— איך שעם זיך דאָס צו ווײַזן פֿאַר דער וועלט!

— ווייסטו וואָס, איך וועל עס דיר צופּרעגלען.

און זי האָט דאָס שטיקל מאַמאַליגע צעפֿערטלט, ארומגעשיילט און אַרומגעשניטן די שפּיצן, די שטיקלעך אײַנגעטונקן אין צעלאָזענער פּוטער און אײַנגעפּרעגלט ברוין און לויטער.

איך האָב עס אײַנגעוויקלט אין פּאַפּיר און געטראַכט, אַז איך וועל עס עסן אַזוי, אַז מען זאָל קיינמאָל נישט זען וואָס דאָס איז.

פּאַסירט, אַז איך צעעפֿן מײַן פּעקעלע, און אַלע פֿיר שטיקלעך מאַמעליגע צעפֿאַלן זיך אויפֿן טיש, אַרום וועלכן מיר האָבן געגעסן

אונדזער מאָלציַיט. אַ דאַמע האָט גראַדע דאַן מיר צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי. זי האָט אַ נעם געטאָן אַ שטיקל געלע מאַמאַליגע אין אירע ווייסע פֿינגער און אַ זאָג געטאָן:

— קאַק פּריאַטנאַ! וואָס פֿאַר אַ געפּרעגלטס איז דאָס? מעג מען פֿאַרזוכן? — האָט זי געפֿרעגט מיט שפּאַס.

— פּאַזשאַלויסטאַ! — האָט זיך פֿון מיר אַרויסגעכאַפּט.

זי האָט אָפּגעבראָכן אַן עק און פֿאַרזוכט. זי האָט זיך אַזש באַלעקט. אין איין אויגנבליק זיַינען נאָך צוויי דאַמען און אַ לערער צוגעקומען און פֿאַרזוכט. יענעם אָוונט האָב איך געגעסן אימפּאָרטירטע סאַרדינקעס און צוויי שטיקלעך טאָרט.

נאָכדעם האָט די מאַמע מיר יעדן אָוונט מיטגעגעבן אַ טוצן שטיקלעך געפּרעגלטע מאַמאַליגע, און מיר, די זעקס יִדישע יִינגלעך, האָבן געגעסן פֿון די בעסטע „לאַקאָמקעס", וואָס מיר פֿלעגן אויסבײַטן בײַ די רײַכע פּריצישע זינדעלעך, ווען מען האָבן פֿאַרשמעקט די גאָלדענע שטיקלעך מאַמאַליגע.

אַזוי אַרום איז דער נאָמען מאַמאַליגע מיר געבליבן טיַיער ביז היַינטיקן טאָג.

# שימעלע מסור

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקער קאַלטער נאַכט, ווען מײַן טאַטע און איך האָבן איבערגענעכטיקט אין דעם דאָרף קורעשניצע, בײַם דאָרף־שרײַבער נאַלאַטי, איז געוואָרן אינמיטן נאַכט אַ טומל.

מען האָט געהערט פֿון דרויסן, כמעט הינטער די פֿענצטער, יעכצן פֿון אַ מענטשן, גלײַך ווי מען וואָלט אים געקוילעט, און דאָס שילטן פֿון אַ סך מענטשן וואָס שלאָגן און ממית׳ן עמעצן.

נאַלאַטי האָט אַרויסגעכאַפּט אויף זײַנע גאַטיעס דעם שעפּסענעם פּעלץ, אָנגעוואָרפֿן די קוטשמע, אַרײַן מיט די באָרוועסע פֿיס אין די גרויסע פּושטן, געכאַפּט דעם אָנגעצונדענעם פֿאַנאַר אין איין האַנט און זײַן ביקס אין דער צווייטער און אַרויס אין שניי און זאַווערוכע.

ווען ער איז געקומען צוריק האָט ער דערציילט אַז אַ כאַפּטע פּויערים האָט דערשטאָכן, לעבן זײַן פּלויט, אַ דאָרפֿס־יונג פֿאַר מסור׳ן צוויי יונגע מאָלדאַוואַנער צו דער „סיגוראַנצע" (רומענישע געהיים־פּאָליציי).

איך האָב שוין יענע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפֿן. עס האָט מיך געוואָרפֿן פֿון קעלט און שרעק. איך האָב זיך אײַנגענורעט נעענטער צום טאַטן אונטער דער קאָלדרע און מיטאַמאָל געפֿרעגט:

— טאַטע, זײַנען דאָ ייִדן מוסרים?

— יאָ.

— הרג׳עט מען זיי אויך?

— גאָט שטראָפֿט זיי.

און דער טאַטע האָט מיר דערציילט, יענע נאַכט, אָט די שווידער־לעכע מעשׂה:

ווען סאָראָקי איז געלעגן אונטער'ן יאָך פֿון דעם בייזן פּריץ יאַ־געלע, אַ שׂונא ישׂראל, האָט זיך ניט דאָ געדאַכט אַרײַנגעכאַפּט אַ מסור, וועלכער פֿלעגט אָנטאָן געבראָטענע צורות. וואָס נאָר די ייִדן האָבן געטאָן כּדי אָפּצוהיטן זייערע דינים און קאָנען לעבן אַלס אַן אָרגאַניזירטע קהילה, פֿלעגט דער מסור אָפּטראָגן צום פּריץ. אַזוי אַרום האָט ער געבראַכט איין אומגליק נאָך אַ צווייטן אויפֿ'ן קאָפּ פֿון דער געמיינדע. עלטערע ייִדן פֿלעגט יאַגעלע אַרײַנוואַרפֿן אין קאַרצער און די יונגוואַרג געשמיסן ביז בלוט.

איינמאָל האָט דער מסור עפּעס אָפּגעטראָגן צום פּריץ וועגן אַן אסיפֿה פֿון דער יונגוואַרג אין שטעטל. יאַגעלע האָט געפֿאָדערט מען זאָל אים אַרויסגעבן די אָנפֿירער פֿון דער אסיפֿה. ווען דרײַ יונגעלײַט האָבן זיך פֿרײַוויליק איבערגעגעבן דעם פּריץ, האָט מען זיי אַזוי געשמיסן איבערן בלויזן לײַב, אַז איינער איז אויסגעגאַנגען אונטער די שמיץ.

ווען מען האָט דעם יונגן קרבן געבראַכט אויף דער מיטה, אין שול־הויף אַרײַן, האָט דער רבי, רעב דוד־שלומה, וואָס האָט געוואוינט און געדאַוונט אין דער ווײַסער שול, באַפֿוילן, אַז קינד און קייט מוזן זיך פֿאַרזאַמלען צו דער לוויה. אַז אַלע זײַנען שוין געווען פֿאַרזאַמלט, איז דער רבי אַרויסגעקומען פֿון דער שול אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן קיטל און מיט צוויי ברענענדיקע ליכט אין די הענט.

— ווער פֿעלט? — האָט ער שטרענג געפֿרעגט.

— קיינער ניט, רבי.

— מאַכט זיכער אַז קיין איין נפֿש פֿעלט ניט.

— אַלע זײַנען דאָ, רבי.

דאַן האָט זיך דער רבי געווענדעט צום עולם און געזאָגט:

— אָט דאָ צווישן אונדז געפֿינט זיך אַ מסור וועלכער האָט פֿאַרגאָסן אומשולדיק בלוט. דאָס איז אַ מערדער וואָס ברענגט זײַנע אייגענע ברידער אויפֿ'ן פֿײַער. איך וועל אָט־דעם מסור אָפּזוכן און אים אויסשנײַדן פֿון צווישן אונדז. פֿון הײַנט איבעראַכטאָג זאָלן אַלע וואָס געפֿינען זיך דאָ, פֿאַרזאַמלען זיך אויפֿ'ן זעלבן פּלאַץ. איך וועל דאַן פֿאָדערן פֿון יעדן איינעם, אַז ער זאָל בפֿני כּל עם ועדה ווײַזן זײַן צונג. בײַ יעדן איינעם וועט די צונג זײַן ריין אָבער בײַם מסור וועט זי זײַן רויט און קרעציק.

נאָך דער לוויה זײַנען אַלע ייִדן טרויעריק אַוועק אַהיים. בלויז דער מסור האָט זיך נישט געקאָנט געפֿינען קיין אָרט. אַזוי שנעל ווי ער איז אַהיימגעקומען, איז ער צוגעלאָפֿן צום שפּיגל, און אַרויסגעשטעקט די צונג. אַ קאַלטער שווייס איז אים באַפֿאַלן. זײַן צונג איז געווען אָנגעצונדן און געפֿינטלט. ער איז שנעל אַוועקגעלאָפֿן צו יאַגעלע׳ן און מיט שרעק אים דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט און אַז דער רבי וועט אים זיכער אויסגעפֿינען.

דער פּריץ האָט געשיקט רופֿן דעם גלח און צו אים אַזוי געזאָגט:

— פּאַטערל, כאַפּ זיך אַריבער צום רבי׳ן, כלומר׳שט אויף אַ פֿרײַנטלעכן וויזיט, און געפֿין פּאָרזיכטיק אויס פֿון אים וואָס מען דאַרף טאָן אַז אַ רויטע צונג זאָל געזונט ווערן.

איז דער גלח אַוועק צום רבי׳ן. דער רבי האָט אים זייער העפֿלעך אויפֿגענומען און אים געפֿרעגט מיט וואָס ער קען אים דינען. האָט אים דער גלח דערציילט, אַז ער האָט געהערט וועגן דעם רבינ׳ס באַפֿעל וועגן דער רויטער און קרעציקער צונג און אַז ער וואונדערט זיך צי קאָן טאַקע אַזאַ זאַך פּאַסירן און אויב יאָ, וואָס אַ שטייגער קען מען טאָן כּדי די קראַנקע צונג זאָל צוריק געזונט ווערן.

האָט אים דער רבי דערציילט, אַז עס האָבן פּאַסירט אַזעלכע זאַכן און אַזוי שנעל ווי דער זינדיקער האָט תּשובֿה געטאָן, האָט ער געקענט אַרויסגיין אין מידבר און האַלטן זײַן צונג געגן דער זון. די זון וואָס ברענט מיט אמת און יושר איז דער בעסטער רופֿא. אַזאַ זינדיקע צונג ווערט פֿון די זונשטראַלן ברוין און אויסגעהיילט.

איז דער גלח אַוועק צום פּריץ און איבערגעגעבן דעם רבינ׳ס ענטפֿער. האָט דער פּריץ באַפֿוילן דעם מסור ער זאָל אַרוים אין פֿעלד און גאַנצע טעג היילן די צונג.

ווען דער אַכטער טאָג איז געקומען האָט דער רבי אַרויסגעשיקט דעם שמש איבער׳ן שטעטל צונויפֿרופֿן קינד און קייט אין שול-הויף אַרײַן. ווידער איז דער רבי אַרויסגעקומען פֿון שול אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן קיטל און מיט צוויי ברענענדיקע ליכט אין די הענט.

— ווער פֿעלט? — האָט ער שטרענג געפֿרעגט.

— שימעלע דער שוואַרצער!

— עס האָט בײַ אים אָפּגעדאַרט די צונג!

— ער קען ניט רעדן!

— שימעלע מסור! — האָט דער רבי אויסגעשריגן.

— גאָט האָט אים געשטראָפט פאַר זיינע זינד. קינדער, — האָט דער רבי זיך געווענדעט צו אַלע אַרומיקע — פון היינט אָן און ווייטער בין איך גוזר אַז עס זאָל אָפּגעדאַרט ווערן די צונג פון יעדן מסור און נישט קענען זאָל ער אַפילו אַרויסרעדן זיין אייגענעם נאָמען.

— אָמן! — האָט געענטפערט די עדה.

# וואַרטאָס

פֿאַר אַלעמען בײַ אונדז אין שטעטל איז וואַרטאָס געווען דער „שבת'ניק", דער וואָס פֿלעגט פֿאַרלעשן די ליכט און אײַנהייצן די אויוונס יעדן שבת, אָבער פֿאַר מיר איז ער געווען דער בעסטער סאָפּילקע־שפּילער און דער ערשטער שפּינער פֿון נאַטור־לעגענדעס און האַרציקע צויבער־ניגונים.

אויב עס וויברירט אין מיר ערגעץ אַ דיכטערישע סטרונע, איז וואַרטאָס געווען דער ערשטער, וואָס האָט זי אָנגערירט.

געווען איז וואַרטאָס אַ קליינוואוקסיקער, אָבער געפּאַקט־מוסקו־לירטער מאַלדאַוואַן מיט אַ טשופּרינע פֿלאַקסענע צעשויבערטע האָר און מיט ברוינע ביר־אויגן, וואָס האָבן געשוימט מיט אומרו. זײַן גראָב־לעכע נאָז מיט דינינקע רויטע אָדערלעך האָט געשעפּט לופֿט, ווי זי זאָל שפּירן און זוכן פֿאַרבאָרגענע ריחות.

ער האָט שטענדיק געטראָגן דאָסזעלבע ווײַסע לײַוונטענע העמד און לײַוונטענע הויזן, וואָס ער פֿלעגט אַליין אויסוואַשן אין פֿליסנדיקן דניעסטער און אויסטריקענען אין דער זון אויף די סקאַלעס אָדער ספּלאַוון בײַם ברעג. זומער האָט ער געטראָגן פּאָסטאַלעס, אָדער גאָר געגאַנגען באָרוועס.

אין ווינטער פֿלעגט ער פֿאַרוואָרפֿן איבער די אַקסלען זײַן שעפּ־סענעס סוקמאַן, אָנרוקן די שעפּסענע קוטשמע און אַרײַנרוקן זײַנע ווײַסע הויזן אין די פּעלטענע פּושטן.

געאַרבעט האָט וואַרטאָס אַלס אַ „פּאָדיאָנשטשיק" (טאָג־אַרבע־טער) וואו עס האָט זיך געלאָזט: געגראָבן גריבער, געפֿירט זאָמד אָדער געגרוזעוועט זעק בײַם פּריסטאַן. מערסטנס האָט ער אָבער געאַרבעט בײַ די באַרזשעס און ספּלאַוון פֿון קלעצער, וואָס פֿלעגן אַרונטערקומען מיטן טײַך פֿון די קאַרפּאַטן און וועלכע ער האָט

געהאָלפֿן אַרויסטאַסקען אויפֿן ברעג און העלפֿן צעזעגן אין ברעטער אויף אַ הויכער „רעשטאָוואַניע" מיט אַ גרויסער זעג, וואָס איינער פֿלעגט אָנכאַפּן אויבן און אַ צווייטער פֿלעגט שטיין אונטן און זעגן אַרויף־און־אַראָפּ.

שבת איז געווען וואַרטאָס'עם בעסטער טאָג. ער פֿלעגט אײַנהייצן די הרובעס און אויסלעשן די ליכט אין די אַכט שולן אין שול־הויף און אויך אין אייניקע פּריוואַטע הײַזער, אונדזער הויז אַרײַנגערעכנט. דערפֿאַר פֿלעגט ער קריגן עטלעכע גראָשן און ווײַסע חלה מיט צוקער, וואָס פֿלעגט אים קלעקן אויף אַ גאַנצער וואָך.

וואַרטאָס האָט שטאַרק ליב געהאַט צו טונקען די ווײַסע חלה אין הייסע און זיסע גלעזער טיי. זײַן רויטע נאָז פֿלעגט נאָך רויטער ווערן און די טראָפּנס שווייס אויף זײַן צערונצלטן שטערן פֿלעגן פֿינקלען ווי טוי.

נאָך אַזאַ מאָלצײַט פֿלעגט ער אַרויסנעמען זײַן הילצערנע סאָפּילקע, וואָס ער פֿלעגט שטענדיק טראָגן אין אַ שמאָלער און לאַנגער קעשענע אונטער דער פּאַכווע פֿון זײַן לינקן אַרבל, און שפּילן זײַנע טרויעריקע „דאַינעס" און פֿריילעכע „האָראַס".

געוואוינט האָט ער בײַם דניעסטער: זומער אויף די ספּלאַוון אָדער בערלינעס, וואָס פֿלעגן זיך וויגן פֿאַראַנקערטע בײַם ברעג, און ווינטער בײַ „נח'ן מיט דער תּיבֿה".

## „נח מיט דער תּיבֿה"

נח איז געווען אַ ייִד אַ טשודאַק. ער האָט אַליין זיך צונויפֿגעקלאַפּט אַ הילבערן שטיבל (דערפֿאַר האָט מען אים גערופֿן „נח מיט דער תּיבֿה) פֿון איין צימער, בײַם סאַמע ברעג פֿון דניעסטער, לעבן דער גרויסער שול. אין אַט־דער „תּיבֿה" פֿלעגט ער וואוינען זומער און ווינטער. אין די ווינטער־חדשים פֿלעגט ער אָנוואַרעמען זײַן טשוהונען אייוועלע מיט שפּענער, וואָס ער פֿלעגט אָנקלײַבן אַ גאַנצן זומער פֿון דער „ליעסאָפּילקע", וואו וואַרטאָס האָט געאַרבעט, אָדער פֿון דעם ברוכוואַרג, וואָס פֿלעגט אַרונטערקומען מיטן טײַך.

נח האָט שטענדיק געטראָגן דעם זעלבן פֿוטערנעם אָפּגעבליאַקעוועטן און פֿאַרצערעוועטן טולופּ, די קוטשמע און שטיוול, און שטענדיק געטראָגן אין האַנט דעם פּימסענעם שטעקן.

ער פֿלעגט שטיין שטונדנווײַז בײַם ברעג, זיך ניט רירן און זיך צוהערן צום רויש פֿון די וואַסערן, וואָס פֿלעגן דרייען די רעדער פֿון

די מילן, גלײַך ווי ער וואָלט זיך צוהערן צו די סודות, וואָס קומען פֿון ערגעץ אָן. מענטשן, וואָס פֿלעגן דורכגיין, פֿלעגן אָנווײַזן מיטן צײַג־פֿינגער אויפֿן אייגענעם שלייף און דרייען געהיימניספֿול שמייכלען.

געלעבט האָט נח פֿון די מאָלצײַטן, וואָס ער פֿלעגט אָנקלײַבן אין די הײַזער אָדער קריגן פֿאַר אַ גאַנג. אייניקע באַלעבאָטים פֿלעגן זיך מיט אים שאַפֿן און אים דערפֿאַר צואוואַרפֿן אַ פּאָר גראָשן. אָבער מערסטנס האָט ער געלעבט פֿון דעם, וואָס וואַרטאָס פֿלעגט זיך מיט אים טיילן.

וואַרטאָס און נח האָבן זיך אײַנגעלעבט. אין אַ הילצערן קעסטל אין דער „תּיבֿה" פֿלעגן זיי ביידע אָנקלײַבן זייערע „פּאַרדינסטן": ברויט, חלה, צוקער, גרינסן און פֿרוכטן. דער „טשאַיניק" מיט וואַסער אויפֿן טשוהונענעם אייוועלע האָט כּמעט שטענדיק געזאָטן, און די צוויי פֿלעגן טרינקען טיי און אײַנטונקען ברויט אָדער חלה.

יעדן פֿרילינג, ווען דער פֿאַרפֿרוירענער דניעסטער פֿלעגט זיך רירן און עס פֿלעגט ווערן אַ פֿאַרפֿלייצונג, וואָס פֿלעגט אַרײַנקומען ביז אין שול־הויף, פֿלעגט דאָס אַלעמאָל אַרונטערטראָגן נח'ס „תּיבֿה" ביזן אונטערשטן וואַלד, אַ האַלבע ווערסט די ווײַט. די גאַנצע שטאָט פֿלעגט אַרונטערקומען קוקן ווי די בורלאַקעס שלעפּן מיט שטריק צוריק אַרויף די „תּיבֿה" מיטן ברעג. נח פֿלעגט אַרומלויפֿן און קאָמאַנדעווען מיטן שטעקן, אָבער דער אמת'ער אָנפֿירער פֿון אָט־דער אַרבעט איז שטענדיק געווען וואַרטאָס, וועמען די בורלאַקעס האָבן געקענט און ליב געהאַט.

### די „דאָינע"

ווען וואַרטאָס פֿלעגט יעדן שבת גאַנץ פֿרי אײַנהייצן בײַ אונדז די הרובע און מאַכן דעם אָקריפּ פּאַר טיי, און ער און דער טאַטע און איך פֿלעגן זיצן (בשעת דער גאַנצער עולם אין הויז איז נאָך געשלאָפֿן) און טרינקען הייסע טיי, פֿלעגט דער טאַטע אַ זאָג טאָן:

— וואַרטאָס, קינטע אַ דאָינע (וואַרטאָס, שפּיל אַ דאָינע).

וואַרטאָס פֿלעגט אַרויסציען זײַן גרינע סאָפּילקע, פֿאַרוואַרפֿן די קוטשמע אין אַ זײַט, פֿאַרמאַכן זײַנע ביר־אויגן און צופֿאַלנדיק מיט די ליפּן צו דער דודע פֿלעגט ער אויסשפּילן דאָס ריזלען פֿון דניעסטער, דאָס שעפּטשען פֿון וואַלד, דאָס צוויטשערן פֿון פֿייגל און דאָס געוויין פֿון דעם פּאַסטוך, וואָס האָט פֿאַרלוירן זײַן שעפּעלע.

איך פֿלעג זיצן לעבן וואַרטאָס'ן און פֿילן, ווי די בלעזלענדיקע

קוואַלן פֿון אַ וואַסער־שטראָם נעמען מיך אַרום; ווי די ווערבעס בײַם ברעג און די דעמבעס און יאַלאָווע ביימער פֿון וואַלד שעפּטשען מיר זייערע סודות, און ווי דער גאָלדענער ווייץ און געלער פּאַפּשוי צעוויגן זייער געזאַנג, און דערהערט דאָס גאַלאָפּירן פֿון דעם זוניקן רײַטער, וואָס פֿאַרזינקט ווײַט, ווײַט, אין אויסגוס פֿון דניעסטער.

## די זילבערנע מאַרענע

אין די זומערדיקע בײַטאָגן, ווען איך פֿלעג זיך אַראָפּכאַפּן צום דניעסטער און פֿאַרבלאָנדזשען צו די ספּלאַוון, פֿלעג איך טרעפֿן וואַר־טאָס'ן זיצן מיט די באָרוועסע פֿיס און זײַנע פֿאַרקאַטשעוועטע הויזן אין וואַסער און האַלטן זײַן גרויסע פֿאָדעמדיקע נעץ, וועלכע איז געווען צוגעטשעפּעט צו אַ לאַנגן דינעם דראַנג. די נעץ האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער זײַער. אַז מען פֿלעגט אים אײַנטונקען און צוריק אויפֿהויבן, פֿלעגן די וואַסערן אַרויסרינען און די פֿיש פֿאַרבלײַבן און זיך צאַפּלען איבער די באַשטראַלטע ווײַסע פֿעדעם.

וואַרטאָס האָט ניט ליב געהאַט צו כאַפּן פֿיש מיט אַ ווענטקע און האַטשעק. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גרויזאַמער אופֿן פֿון צע־בלוטיקן און מוטשען די פֿיש. ער פֿלעגט אָנטשעפּן אין נעץ שטיקלעך ברויט און ביינדלעך פֿון אַן עוף. ווען מען האָט אַרונטערגעלאָזט די נעץ, האָט מען געקאָנט זען אין די ריינע וואַסערן, ווי די פֿיש קומען און צופּען די שטיקלעך ברויט אָדער ביינדלעך.

בלויז ווען גרעסערע פֿיש פֿלעגן אָנקומען, פֿלעגט וואַרטאָס אַ הויב־טאָן די נעץ. קליינע פֿישלעך און די זילבערנע מאַרענע האָט וואַרטאָס קיינמאָל נישט געכאַפּט. ער פֿלעגט זיי צוריק אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך.

די זילבערנע מאַרענע איז גראָדע אַ היפּשלעכער פֿיש. מען האָט דערציילט, אַז בלויז אין דניעסטער געפֿינט זי זיך. אין ערגעץ ניט איבער דער גאַנצער וועלט איז פֿאַראַן אַזאַ פֿיש ווי די זילבערנע מאַרענע.

איינמאָל האָב איך געפֿרעגט וואַרטאָסן, פֿאַרוואָס כאַפּט ער קיינמאָל ניט די מאַרענע.

— ווײַל זי איז דער גילגול פֿון אַ מיידל.

— וואָס הייסט? — האָב איך אָנגעשטעלט מײַנע אויגן, און וואַרטאָס האָט אָנגעהויבן איינע פֿון זײַנע צויבער־מעשׂיות:

— געווען אַמאָל אין מאָלדאַוויע אַ שלעכטער באָיאַר, וואָס האָט

געשונדן אַ הויט פֿון די אָרעמע מאָלדאַוואַנעס. איין מאָל האָט ער באַפֿוילן, אַז אַלע מאָלדאַוואַנעס, פֿרויען און קינדער אַרײַנגערעכנט, מוזן אים ברענגען אַ זילבערנעם „קאַפּ דע בול״ (אַ מטבע מיטן צייכן פֿון אַ קאָפּ פֿון אַ בוהאַי) אַלס צינדז פֿאַר יעדן נפֿש.

די אָרעמע פּויערים האָבן נישט געהאַט קיין גראָשן בײַ די נשמה. אָבער אַז דער באָיאַר באַפֿעלט, מוז מען אויספֿילן, אַז ניט שמײַסט מען צום טויט, אָדער מען זעצט אַוועק אַ לעבעדיקן אויף אַ שאַרפֿן שפּיציקן דראַנג און מען שטאַרבט ביסלעכווײַז פֿון ווייטיקן. האָט מען פֿאַרקויפֿט אַלץ וואָס מען האָט געהאַט, פֿאַר׳משכּונ׳ט דאָס בעט־געוואַנט און חתונה־געשאַנק און אָנגעגרייט פֿאַרן באָיאַר אַ זילבערנעם „קאַפּ־דע־בול״.

ווען דער באָיאַר מיט זײַן סוויטע זײַנען געקומען צום ברעג פֿון דניעסטער, האָבן די מאָלדאַוואַנעס פֿון אַלע דערפֿער געבראַכט די זילבערנע מטבעות אין אַ גרויס זעקל, וואָס דער עלטסטער פֿון געגנט האָט דאָס מיט ערפֿורכט צוגעטראָגן צום באָיאַר. אַ שווער זעקל מיט אַפֿשר טויזנט זילבערנע „קאַפּ־דע־בולס״.

פּלוצלונג איז דאָס יונגע מיידל מאַרענע אַרויס פֿון עולם און מיט צאָרן גענומען שילטן דעם באָיאַר פֿאַר זײַן גרויזאַמקײַט. אַרויס־כאַפּנדיק פֿון די הענט פֿון באָיאַר דאָס זעקעלע מיט די זילבערנע מטבעות, האָט זי אויסגעשריגן:

— דו וועסט נישט געניסן פֿון דעם שווייס און האָרעוואַניע פֿון אָרעמען פֿאָלק!

און זי איז אַרײַנגעשפּרונגען מיט די זילבערנע מטבעות אין דניעסטער אַרײַן, און איז פֿאַרזונקען געוואָרן.

פֿיר טעג און פֿיר נעכט האָט מען געזוכט און גענישטערט אין דניעסטער און מען האָט קיינמאָל מער נישט געפֿונען, נישט די זיל־בערנע מטבעות און נישט דאָס שיינע מאָלדאַווישע מיידל.

אָבער דעם צווייטן פֿרילינג האָט זיך אין די וואַסערן פֿון דניעסטער באַוויזן אַ זילבערנער פֿיש, וועמענס ליסקעס האָבן אויסגעזען ווי די „קאַפּ־דע־בולס״. דאָס פֿאָלק האָט אַ נאָמען געגעבן דעם פֿיש „מאַרענע״, און עס איז אַ מצווה נישט צו כאַפּן און עסן די פֿיש.

### דער רויטער צאָפּ מיטן גאָלדענעם בערדל

אין די זומערדיקע אָוונטן, ווען דאָס שטעטל פֿלעגט אײַנשלאָפֿן און איך פֿלעג זיצן בײַם אָפֿענעם פֿענצטער און קוקן צום זילבערנעם

און לבֿנה׳דיקן פֿלוס פֿון דניעסטער און פּלוצלונג דערהערן וואַרטאַס׳עס צויבערדיקע דודע, פֿלעג איך זיך שטיל אַרויס׳גנבֿ׳ענען פֿון הויז און אַרונטער צום טײַך. וואַרטאַס פֿלעגט ליגן אויפֿן ספּלאַוו אײַנגעדעקט אין זײַן סוקמאַן און שפּילן אויף זײַן סאָפּילקע.

— וואַרטאַס, ווער האָט דיך אויסגעלערנט אַזוי האַרציק שפּילן?

— דער רויטער צאַפּ מיטן גאָלדענעם בערדל.

— ווער איז ער, דער צאַפּ?

און וואַרטאַס האָט אָנגעהויבן דערציילן:

געוואוינט האָט אַ רויטער צאַפּ מיט אַ גאָלדענעם בערדל אין אויבערשטן וואַלד. יעדן גאַנץ פֿרי, ווען די זון פֿלעגט אויפֿגיין, פֿלעגט ער זיך שטעלן אויפֿן קרײַטענעם ברעג פֿון דניעסטער און שפּילן זײַן גאָלדענע סאָפּילקע.

דער וואַלד און די אַרומיקע בערג מיט די פֿעלדער און שטראָמען פֿלעגן אויפֿהויבן צוווײַגן און בלעטער און וואַסערן און זיך וויגן מיטן ריטם פֿון שפּילן.

די ציגן און לעמער פֿון די אַרומיקע דערפֿער פֿלעגן אַרויס צום דניעסטער און זיך שפּיגלען אין פּרעכטיקן צאַפּ. זיי פֿלעגן זיך אויפֿשטעלן אויף די הינטערשטע פֿיס, און פֿאַרוואַרפֿנדיק די פֿאָדערשטע פֿיס איבער יעדן איינעמס אַקסלען זיך לאָזן אַ פֿריילעכס. דער צאַפּ פֿלעגט זיך אויסקלײַבן די שוואַרצסטע און חנעוודיקסטע ציג און מיט איר אַוועקטאַנצן אין וואַלד אַרײַן.

איין מאָל איז דער קייסער דורכגעפֿאָרן דאָס דאָרף בוזשעריווקע און דערזען אַ קליין רויט ציגעלע מיט אַ גאָלדן בערדעלע בײַ איינעם פֿון די מאָלדאָוואַנעס. ער האָט געפֿרעגט:

— ווער איז דער טאַטע פֿון אָט־דעם שיינעם ציגעלע?

האָט מען אים געהייסן אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי און אַוועקגיין צום קרײַטענעם ברעג פֿון דניעסטער.

ווען דער קייסער האָט יענעם פֿאַרטאָג דערזען דעם רויטן צאַפּ מיט דעם גאָלדענעם בערדל שפּילן אויף דעם גאָלדענעם פֿאַפֿיאַל, האָט ער באַפֿוילן זײַנע יעגער אים כאַפּן. די יעגער זײַנען ווי הינט־שלעגער אַוועק מיט לאַנגע שטעקנס און פּעטליעס פֿון צוקער־שטריק און געכאַפּט דעם רויטן צאַפּ מיט דעם גאָלדענעם בערדל און אַוועקגעשיקט אין דעם זווערינעץ פֿון „צאַרסקאָיע סעלאָ“.

וואַרטאַס האָט פֿאַרענדיקט:

— ווען עס ווערט מיר אומעטיק אויף דער נשמה, דאַכט זיך מיר

אוים, אַז איך הער אים שפּילן און איך נעם אַרוים מײַן סאָפּילקע און שפּיל אים נאָך.

— אָט װער עס האָט מיך אויסגעלערנט שפּילן.

אָבער װאַרטאָס איז אײן מאָל שפּורלאָז פֿאַרשװאונדן געװאָרן. בײַם טײַך האָט מען גערעדט, אַז ער איז אַרונטערגעפֿאַלן פֿון ספּלאַװו און דערטרונקען געװאָרן. אָבער צװישן דער יוגנט האָט מען סודות׳דיק דערציילט די מעשׂה:

### קאַטאָװסקי׳ס דודאַריק

איין מאָל, אין אַן אָסיענדיקער כמורנער נאַכט, װען קאַטאָװסקי׳ס רויטע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויף דער פּאָדאָליער זײַט דערנעענטערט צום דניעסטערשן ברעג און זיך אָפּגעשטעלט אַריבערקוקן קײַן בעסאַראַביע, האָט זיך דערהערט דאָס שפּילן פֿון דער דאָינע, װאָס איז געקומען פֿון אַ ספּלאַװו בײַם סאָראָקער ברעג.

קאַטאָװסקי׳ן האָט עס אַ צופּ געטאָן בײַ דער נשמה. ער איז אַרונטער פֿון זײַן פֿערד און צוגעגאַנגען צום ברעג. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעטאָן און אַרײַן אין װאַסער און זיך געלאָזט שװימען צום ספּלאַװו מיט דעם װאונדערלעכן סאָפּילקע־שפּילער.

צוריק איז קאַטאָװסקי געקומען מיט נאָך אַ שװימער. װען ביידע האָבן זיך אַרומגעװישט און זיך איבערגעטאָן בײַם שײַן פֿון דעם פּאַרטיזאַנער שײַטער, האָט קאַטאָװסקי געזאָגט:

— װאַרטאָס, שפּיל אונדז די דאָינע!

און װאַרטאָס האָט אויסגעשפּילט זײַן צויבער־דאָינע פֿאַרן קרײַז פֿון באַװאָפֿנטע פּאַרטיזאַנער.

פֿון דעמאָלט־אָן איז װאַרטאָס געװאָרן קאַטאָװסקי׳ס דודאַריק, און ער איז אַרומגעפֿאָרן מיט די קריגער אין קאַמף פֿאַר דער באַפֿרײַאונג פֿון דניעסטערשער פּאָדאָליע.

# מײַן פעטער בערל

פונקט װי מײַן טאַטע, װעלכער שטאַמט פֿון אַ פֿאַמיליע סאָראָקער שנײַדער, אַזױ אױך שטאַמט מײַן מאַמע פֿון אַ פֿאַמיליע זגוריצער שנײַדער, אָבער מיט אַן אונטערשײד.

סאָראָקי איז געװען אַ גרױסע „אױעזדנע" שטאָט (קרײַז־שטאָט) און זגוריצע אַ קלײנע ייִדישע ערד־קאָלאָניע — אַ סטעפּ. סאָראָקי האָט געאָטעמט מיט פֿאַבריקאַציע און האַנדל, רוסיש־ייִדישער קולטור און פֿאָלקיזם; זגוריצע האָט געשמעקט מיט ערד און האָרעװאַניע, מיט לשון־קודש און ייִדישער קאָלאָניזאַציע.

מײַן זגוריצער זײדע, מאיר שנײַדער, מיט זײַן גרױסן הױז־געזינד פֿון עטלעכע טעכטער און אײן זון, האָבן פֿאַרװאַנדלט זײערע הײמען אין געצעלטן פֿון קולטור. ייִדיש, העברעאיש, רוסיש און מאָלדאַװאַניש האָבן געשװועבט פֿון אַלע מײַלער און מיטן זינגען פֿון די נײ־מאַשינען האָבן געקלונגען די האַרציקע געזאַנגען פֿון די פֿאָלקס־לידער און פּאָעזיע פֿון אַלע פֿיר ליטעראַטורן.

אין די הײַזער פֿון צװײ פֿון מײַנע פֿעטערס אין זגוריצע, יאָסל „העכט" און בערל בעקער זײַנען געשטאַנען גאַנצע װענט מיט ספֿרים און ביכער, און װען אַ פֿרישע צײַטונג פֿלעגט אָנקומען, זײַנען בײדע הײַזער אָנגעפֿילט געװאָרן מיט מענטשן און די פֿעטערס און מײַן קאָזין מאיר, — אַ נאָמען נאָכן זײדן, — פֿלעגן זיך אָװעקשטעלן און לײענען און פֿאַרטײַטשן פֿאַר אַ פֿאַרגאַפֿטן עולם װאָס פֿלעגט שלינגען יעדער װאָרט.

**דער כּוח פֿון מאַמע־לשון**

מײַן מאַמע פֿלעגט יעדן יאָר פֿאָרן אױף עטלעכע װאָכן אַהײם קײן זגוריצע, בלױז אַ טוצן װיאָרסט פֿון סאָראָקי, און מיטנעמען די קינדער. פֿאַר אונדז יונגװאַרג איז דאָס געװען דער גרעסטער יום־טובֿ. די קלײנע הײַזער מיט די גרױסע הױפֿן און גערטנער און די ברײטע פֿעלדער אין דעם טאָליקן אַרום, װאָס מען האָט גערופֿן די „טאָליקע" זײַנען געװען אונדזער צװײטע הײם. דער ריח פֿון שעפּסענע פֿעלכלעך און פֿלײש,

ווײַן, פֿרוכטן און טוטין דערמאָנען מיך אַלעמאָל אין מײַנע פֿריע קינדער־יאָרן אין זגוריצע. עס דערמאָנט זיך מיר איין עפּיזאָד, וואָס האָט געלאָזט אַ שטאַרקן רושם אויף מיר און זיך אײַנגעקריצט אין האַרצן.

איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר נײַן. דאָס הויז פֿון מײַן פֿעטער, בערל דעם שנײַדער, איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. דער פֿעטער, אַ ברייט־פּלייציקער, מוסקוליסטער, סטעפּאָווער ייִד, מיט אַ ברוין אונטערגעשוירן „בלאָנזשע״, ווי אַ נאָרוואָס־אָנגעשניטן גאָלד־ברוין פֿונטל טוטין, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט מיט ביכער, און געהאַלטן אַ רוסישע צײַטונג אין די הענט און געלייענט פֿון איר, ווי אַ וואַסער, אין ייִדיש. זײַן אַרויסלייענען אָן איבערדרײַען און אָן אָפּשטעלן זיך איז געווען אַזוי נאַטירלעך אַז קיינעם וואָלט גאָרניט אײַנגעפֿאַלן אַז דאָס לייענט ער פֿון אַ רוסישער צײַטונג און אַז ער איז פֿאַרטיק געוואָרן האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די העברעאישע צײַטונג און ווידער גענומען לייענען אין ייִדיש.

פֿאַר מיר, אַ ייִנגל וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן לערנען רוסיש און העברעאיש, און וועלכער האָט קוים געקאָנט פֿאַרטײַטשן אין ייִדיש געציילטע ווערטער, שוין אָפּגערעדט פֿון גאַנצע זאַצן אין אָט די שפּראַכן, איז דאָס געווען דער גרעסטער חידוש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב דערזען דעם צויבער פֿון פֿאַרלייענען פֿאַר אַ מאַסע, און דעם פֿאַרבאָרגענעם כּוח פֿון מאַמע־לשון וואָס קאָן געפֿינען יעדן טײַטש און זיך פֿאַרמעסטן מיט רוסיש און העברעאיש.

## חבֿר׳שאַפֿט פֿון פֿאָטער און זון

דער פֿעטער יאָסל באַרשטיין איז געווען אַ שלאַנקער שיינער ייִד מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד, מיט אַ ברייטן ליכטיקן שטערן — און אפֿשר טאָקע דערפֿאַר האָט מען אים אין זגוריצע גערופֿן „יאָסל העכט״. מײַן טאַטע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט צוליב זײַן געלערנטקייט און חכמה און ער האָט אים מיט ליבשאַפֿט גערופֿן דער „מאַרך־ביין״.

בײַ מײַן פֿעטער יאָסל אין הויז אין זגוריצע האָב איך ליב געהאַט איבערליגן. דער פֿעטער און זײַן בן־יחיד מאיר, אַ 16־יאָריקער פֿייאיקער בחור, פֿלעגן זיצן בײַם געניי, פּנים אל פּנים, אין אַ צימער פֿול מיט ביכער און זשורנאַלן און נאָר רעדן, זיך דערציילן פֿון דעם וואָס מען האָט געלייענט, ציטירן און אַרגומענטירן.

מײַן באַליבט פּלאַץ איז געווען בײַם ביכער־שראַנק בלעטערנדיק

דעם שיינעם רוסישן זשורנאַל „ניוואַ". איך האָב דערביַי באַוואונדערט די פּראַכטפֿולע האַלצשניטן און גראַווירן פֿון מענטשן, חיות און לאַנדשאַפֿטן, און בעת־מעשׂה צוגעהערט און פֿאַרנומען די געשפּרעכן פֿון פֿאָטער און זון. מאיר פֿלעגט בלויז פֿון צײַט־צו־צײַט מיך וואָרענען מיטן פֿינגער ניט רײַסן די ביכער.

איך האָב פֿריער קיינמאָל ניט געזען אַז אַ טאַטע מיט אַ זון זאָלן זיצן ווי פֿרײַנט און חבֿרים און אַזוי געמיטלעך רעדן און אַרגומענטירן און זיך לערנען איינער פֿון צווייטן. זייער לשון און דיקציע האָבן אימפּאָנירט. ניט אומזיסט איז מײַן קאָזין מאיר באַרשטיין אויסגע־וואַקסן אַן אויסגעצייכנטער פֿאַרלייענער און שוישפּילער־אַמאַטאָר אין דעם ייִדישן דראַמאַטישן קרײַז אין זגוריצע.

## דער קולטוריסט אין זגוריצע

פֿון אַלע מײַנע זגוריצער קרובֿים איז דער פֿעטער בערל געווען דער פּאָפּולערסטער און אייגנאַרטיקסטער. ווי אַזוי אַ פּשוט'ער שנײַדער אין אַ בעסאַראַביער סטעפּ האָט געקאָנט ווערן אַזאַ קולטור־קראַפֿט איז אַ נס. ער האָט ממש אײַנגעשלונגען יעדן בוך וואָס ער פֿלעגט נעמען אין האַנט אַרײַן. ער האָט זיך און אַנדערע געלערנט שפּראַכן, אָרגאַ־ניזירט לייען־קרײַזן, אַ דראַמאַטישע גרופּע און אַ קאַפּעליע וואָס האָט געשפּילט אויף קאָנצערטן און שׂימחות, און איבערהויפּט געשפּילט פֿרײַ אויף אָרעמע חתונות.

איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן אַזאַ חתונה. מײַן מאַמע האָט מיך גענומען זען דעם פֿעטער און זײַן קאַפּעליע. ער איז געשטאַנען אין זײַן אַלפּאַגאַנעם רעקל און שטרויענעם קאַפּעליוש, זײַן טיטון־בערדל פֿאַרריסן. ער האָט געדזשימדזשעט מיט די צוויי טאַצן און זײַנע זעקס אַנדערע חבֿרים האָבן געדרימפּעט אויף די פֿידלען און געבלאָזן אויף די קלאַרינעטן און איינער האָט געקלאַפּט אין פּויק אַרײַן. ווען דער פֿעטער האָט אונדז דערזען, האָט ער זיך צעטאַנצט מיט די פֿיס און אַ גליקלעכער געשמייכלט צו אונדז.

דער פֿעטער בערל האָט אין זגוריצע אָרגאַניזירט די ערשטע גרופּן פֿאַר די ציוניסטישע קאָנגרעסן און אַ גרופּע פֿאַר דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין 1908. ער האָט אָפֿט געשריבן אונטער פֿאַרשיי־דענע פּסעוודאָנימען, קאָרעספּאָנדענצן צו דער רוסיש־ייִדישער פּרעסע און איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג.

די קרוין פֿון זײַן אַרבעט איז געווען דער „עספּעראַנטאָ קלוב"

וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אין זגוריצע און די גרופּע וואָס איז צוזאַמען מיט אים אַוועק זוכן פֿרייע ערד אין דער ווייטער אַרגענטינע.

### די צוויי גוטע־ברידער

דער בעסטער פֿריינט און חבֿר פֿון מיין פֿעטער בערל פֿון זגוריצע איז געווען דער ישיבֿה־בחור יהודה־לייב פֿון דער ייִדישע קאָלאָניע מאַרקולעשט. זיי זיינען צוזאַמען דערצויגן געוואָרן, זיך געלערנט און זיך ליב געהאַט, אָבער אידייאיש זיינען זיי זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, געווען מחולק. שאַרף זיינען געווען זייערע חילוקי־דעות און אַספּי־ראַציעס.

דעם בחור יהודה־לייב האָט געצויגן די רבנות און טעאָקראַטיע. דעם שניידער בערל האָט געצויגן צו ערד־אַרבעט און דעמאָקראַטיע. יהודה־לייב האָט געשטורעמט מיט געטלעכקייט און געפֿינגערט אין הימל אַריין. בערל האָט געפּרעדיקט מענטשלעכקייט און אָנגעוויזן אויף די פּרוכט פֿון דער פֿעטער שוואַרצער ערד. דער מאַרקולעשטער רבנ׳ישער אַספּיראַנט האָט געפֿאָדערט תּורה און צוריק קיין ציון. דער זגוריצער פֿאָלקיסט האָט געפֿאָדערט סאָציאַלן יושר און אַ טעריטאָריע פֿאַר קאָלאָניזאַציע פֿון ייִדן אין אַלע עקן וועלט.

### אַרגענטינע און רבנות

מיין פֿעטער בערל איז אַוועק מיט זיין גרופּע זוכן פֿרייע ערד אין אַרגענטינע. די באַראָן־דע־הירש צוזאָגענישן האָבן אים פֿאַר־וואָגלט אין די פּאַמפּאַס פֿון דער קאָלאָניע „סאַן אַנטאָניאָ" אין דער אַרגענטינער פּראָווינץ „ענטרע ריעס". קיין פֿרייע ערד האָט ער ניט באַקומען. זיין נחלה איז בלויז — ניין איילן ערד ערגעץ אויף אַ ייִדישן בית־עולם.

יהודה־לייב פֿון מאַרקולעשט איז ענדלעך אַרויף על כּסא הרבנות אין שטעטל אונגען אין בעסאַראַביע און דערנאָך עולה געווען קיין ישׂראל און שפּעטער געוואָרן איינער פֿון די ערשטע מיניסטאָרן אין ערשטן ישׂראל־קאַבינעט. ער שטורעמט נאָך היינט פֿאַר געטלעכ־קייט און טעאָקראַטיע און תּורה־ייִדישקייט.

אָבער ביי מיר אין האַרצן קלינגט נאָך וואַרעם און ליב מיין פֿעטער בערל׳ס שיינע באַריטאָן־שטימע פֿאַר מענטשלעכקייט, פֿאַר דעמאָקראַטיע, סאָציאַלער גערעכטיקייט און ייִדישער וועלטלעכער קולטור.

# ציגעלע־מיגעלע

ביי אונדזערע עלטרן זיינען מיר קינדוויַיז געווען זעקס קינדער און אַ וויַיסע ציג מיט ציגעלעך. אין איינעם פֿון אונדזערע „מאַגזאַנען" (שייַערן) האָבן מיר געמאַכט אַ הילצערן שטעלכל וואו די ציג און די ציגעלעך פֿלעגן זיך אויפֿהאַלטן.

דער טאַטע האָט אַ נאָמען געגעבן דער ציג: „ציגעלע־מיגעלע" און אַז ער פֿלעגט ווערן אין כּעס אויף עמעצן פֿון די קינדער איז זיַין שאַרפֿסטער אויסדרוק געווען:

— ציגעלע־מיגעלע, גיי קיַין שטרוי!

מיר, קינדער, זיַינען אַזוי צוגעוואַקסן געוואָרן צו דער ציג און אירע ציגעלעך אַז ווען מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרקויפֿן אַן אונטערגע־וואַקסן ציגעלע איז געוואָרן אַ יללה אין הויז. איבערהויפּט איז געוואָרן תּשעה־באָבֿ ווען מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרקויפֿן אַ צאַפּיקל צו דער שחיטה, דעמאָלט זיַינען די קולות געגאַנגען ביז אין הימל אַריַין.

מיר, קינדער, פֿלעגן זיך איַינטיילן מיט דער אַרבעט אַרום דער ציג און אירע ציגעלעך.

### דער שוואַרצער צאַפּ

איינמאָל, ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר אַכט, האָט דער טאַטע מיר געגעבן דאָס שטריקל מיט דער ציג אין האַנט אַריַין און געזאָגט:

— נעם, דודאַלע, און פֿיר די ציג צו רעב חיים קרופּניק אין הויף אַריַין. ער וויים שוין וואָס איך וויל.

איך האָב אָנגענומען דאָס שטריקל פֿון אונדזער וויַיסער ציג און בין מיט איר אַוועק איבער דער שוסטער־גאַס צום שול־הויף וואו רעבּ חיים קרופּניק האָט פֿאַרקויפֿט קרופּניק, היי און שטרוי און געהאַלטן אין זיַין הויכן פֿאַרצאַמטן הויף אַ בייזן שוואַרצן צאַפּ.

ווען איך בין צוגעקומען צום הויף פֿון רעב חיים איז ער מיר געגאַנגען אַנטקעגן. ער איז געווען אַ קליינער קײַלעכדיקער קאַראַ־פּוזיק מיט אַ רויטן פּנים, אַ גראָבער נאָז און אַ שטעכעדיקער אונטער־געשוירענער באָרד ווי אַ באַרשט מיט שוואַרצער פֿאַרב. ער האָט מיט חוזק באַטראַכט אונדזער איידעלע ווײַסע ציג, אויפֿגעעפֿנט דאָס טירל פֿון זײַן הילצערנעם טויער און זי אַרײַנגעטריבן מיטן פֿוס.

דאָס האָט מיך גלײַך פֿאַרדראָסן. די ציג איז געבליבן שטיין אין הויף אַ דערשראָקענע און עפּעס זיך אָנגעהויבן רוקן אויף צוריק. פֿון ערגעץ אונטער אַ הויפֿן ברעטער האָבן זיך באַוויזן צוויי געדרייטע הערנער מיט אַ ציגן־בערדל און דער שוואַרצער באָק האָט, מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ צו דער ערד, זיך גענומען רוקן צו אונדזער ווײַסער ציג, וועלכע איז געשטאַנען ווי אַ פֿאַרגליווערטע מיט דער־שראָקענע וואַסערדיקע אויגן.

דער באָק האָט אָנגעהויבן גיין שנעלער און שנעלער און מיטאַמאָל זיך אַ יאָגעטאָן צו דער ציג און איר אַ דוצקע געטאָן אין שטערן אַז עס האָט אַזש אַ קלאַפּ געטאָן ווי ביין אויף ביין. די ווײַסע ציג איז דערציטערט געוואָרן און זיך ווי אײַנגעגראָבן אין דער ערד. דער שוואַרצער באָק איז אַן אָנגעדרודלטער אַרומגעגאַנגען אַרום איר אַזאַ בייזער און היציקער און מיטאַמאָל אַרויפֿגעשפּרונגען מיט זײַנע פֿעדערשטע פֿיס אויף אונדזער ציג.

איך האָב דאָס שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און בין אַוועק אַ לויפֿנדיקער אַהיים מיט אַ יעכץ. ווען איך בין אַרײַן צו אונדז אין דער שנײַדער־„ראַבאָטשי" איז דער צימער געווען פֿול מיט מענטשן. די מאַמע האָט אַ דערשראָקענע באַטראַכט מײַן געוויין און אויסזען:

— אַ וויטיק איז מיר, וואָס האָט מיט דיר געטראָפֿן, דודאַלע?

איך האָב אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס געוויין:

— רעב חיים'ס צאַפּ שלאָגט אונדזער ציג!

עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויס געלעכטער.

מײַן פֿעטער מאָטל האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און מיט באַדײַטונגספֿולע פֿײַערלעך אין זײַנע אויגן געזאָגט:

— דודאַלע, ווײַז נאָר וויאַזוי האָט רעב חיים'ס צאַפּ געשלאָגן אונדזער ציג.

איך האָב זיך געלאָזט אָפּווישן די טרערן און דערנאָך געוויזן וויאַזוי דער שוואַרצער באָק האָט זיך ספּאַלאַשעט און אַ דוצקע געטאָן

דער ציג. ווען איך האָב געוויזן וויאַזוי דער באָק האָט אַ שפּרונג געטאָן מיט זײַנע פֿעדערשטע פֿיס איז ערשט געוואָרן אַ געלעכטער.

פֿאַר אַ לאַנגער צײַט פֿלעגן נאָכדעם די צוויי שנײַדער־געזעלן ברוך און העניע מיך פֿאַרטשעפּן מיט אַ שמייכל:

— ווײַז נאָר דודאַלע וויאַזוי דער צאַפּ שלאָגט די ציג.

## געצל שמש

קיין גראָזן זײַנען בײַ אונדז אין הויף אָדער אין די דערבײַאיקע הויפֿן נישט געווען. דער איינציקער גרויסער הויף וואָס האָט געהאַט שיינע גרינע לאָנקעס גראָז איז געווען דער הויף פֿון דער גרויסער שטיינערנער שול וועלכער איז געווען אַרומגעסטאָמפּעוועט מיט אַ הויכן שטיינערנעם מויער פֿון דרײַ זײַטן און מיט אַן אײַזערנעם געפֿלאָכטענעם טויער און שטאַכעטן מיט אַ טירל פֿון דער פֿאָדערשטער מעריבֿ׳דיקער זײַט.

געצל שמש, דער אויפֿזעער פֿון דער גרויסער שול, איז געווען זייער אַ שטרענגער ייִד. ער האָט זייער אָפּגעהיט די שיינע גראָזן און זיי באַוואָסערט און געיעטעט פֿון ווילד־פֿלאַנצן ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע אירע טײַערע קילימעס און טעפּעכער. בײַ אויסנעמען און צווישן מינחה און מעריבֿ פֿלעגן עטלעכע שיינע באַלעבאַטים אַרומשפּאַצירן איבער די סטעזשקעס, צווישן די גראָזן, אָדער זיך זעצן אין זייערע טליתים אויף די לאַנגע שטיינערנע בענק. אונדז יונגוואַרג אָדער אַפֿילו די גרעסערע בחורים פֿלעגט ער טרײַבן פֿון גראָז.

## הערשעלע מזיק

מײַן ברודערל הערשל איז געווען מיט צוויי יאָר ייִנגער פֿון מיר, אָבער דערפֿאַר איז ער געווען אַזאַ ברען און שלעגער אַז מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן „הערשעלע מזיק". ער און מײַן נאָך ייִנגערער ברודערל שמיל האָבן געהאַט די עובֿדא אַוועקצופֿירן יעדן בײַטאָג די ציג צום דניעסטער און זי לאָזן זיך פּאַשען איבער די ווילדע גראָזן בײַם ברעג.

אָבער יעדעס מאָל ווען די צוויי יאַטן פֿלעגן דורכפֿירן די ציג פֿאַרבײַ די שיינע לאָנקעס פֿון דער גרויסער שול און זי האָט דערזען און דערשמעקט די שיינע פֿרישע גראָזן, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, פּרובירט דורכשטופּן איר קאָפּ צווישן די אײַזערנע שטאָבן פֿון שטאַכעט און זיך וויינענדיק צעמעקעט.

איינמאָל איז הערשל געפֿאַלן אויף אַן המצאָה. ער האָט געהייסן שמיל׳ן זיך אָנשפּאַרן מיט די הענט אין דער וואַנט פֿון דעם שול-צוים און איַינבעגן די פּלייצע ווי אַ פּלאַטפֿאָרמע. ער האָט אַ טריַיבגעטאָן די ציג אויף שמיל׳ס פּלייצע און איר באַפֿוילן שפּרינגען. אין איין אויגן-בליק איז די ציג אַריבער די וואַנט און זיך צוגעכאַפּט צום געשמאַקן גראָז.

די צוויי חבֿרה זיַינען אויך אַריבער דעם פּלויט און אַז די ציג האָט זיך גוט אָנגעגעסן האָבן זיי ווידער, שוין פֿון דער אינעווייניק-סטער זיַיט, דורכגעפֿירט די זעלבע צערעמאָניע. שמיל האָט זיך איַינ-געבויגן און הערשל האָט אַ יאָג געטאָן די ציג איבער זיַין פּלייצע און אַזוי אַרום געמאַכט פּליטה אַהיים.

דאָס איז אַזוי דורכגעגאַנגען אַ שטיקל ציַיט ביז געצל שמש האָט זיי געכאַפּט ביַי דער אַרבעט. ער איז אָנגעלאָפֿן מיט זיַין שטעקן און געגוואַלדעוועט. ביז אָבער ער האָט אויפֿגעעפֿנט מיט זיַין שליסל דאָס איַיזערנע טירל און ביז ער איז אַריַין אין הויף אַריַין האָבן שוין די דריַי באַוויזן אַריבערשפּרינגען די וואַנט און זיַינען שוין געלאָפֿן אַהיים.

## געצל קומט זיך קלאָגן

ווען געצל האָט דערזען דעם גרויסן חורבן וואָס די ציג און אירע צוויי פּאַסטוכער האָבן אָנגעמאַכט איבער זיַין שיינער לאָנקע, איז ער געקומען צום טאַטן זיך קלאָגן.

דער טאַטע האָט אים געבעטן זיך זעצן און אַריַינגערופֿן די צוויי מזיקים פֿאַרן צימבל.

הערשעלע האָט גע׳טענה׳ט אַז ער קען נישט קאָנטראָלירן די ציג וואָס שפּרינגט אַליין אַריבער אַלעמאָל די וואַנט. כּדי זי צו צווינגען צוריק אַריבערשפּרינגען מוז ער אַלעמאָל אַליין אויך אַריבערשפּרינגען.

דער טאַטע האָט זיי באַפֿוילן מער קיינמאָל נישט פֿירן די ציג פֿאַרביַי דעם שול-הויף, וועט אַזוי אַרום די ציג נישט קענען אַריבער-שפּרינגען.

געצל שמש איז אַוועקגעגאַנגען אַ צופֿרידענער, אָבער נישט אויף לאַנג. אויף מאָרגן זיַינען שוין מיַינע ברידער מיט דער ציג ווידער געווען אין שול-הויף און צעטראָטן און אויסגעצופּט דאָס גראָז.

האָט מען ווידער זיך געקלאָגט, האָט מען ווידער באַפֿוילן און מען איז ווידער געשפּרונגען איבער דער וואַנט, ביז געצל שמש איז מילדער און קלוגער געוואָרן.

ער האָט אָפּגעצאַמט אַ קליין שטיקל פּלאַץ לעבן דער סאַמע מיזרח־וואַנט פֿון שול און דעם ווײַטסטן שטיינערנעם פּלויט, פּונקט דאָרטן וואו דער דרויסן פֿון אָרון־קודש געפֿינט זיך. אין יענעם פֿאַר־וואָרפֿענעם ווינקל קומט קיינער נישט און מען קען אַפֿילו נישט אַרוים־זען וואָס דאָרטן טוט זיך צוליב די גרויסע ווילדע גראָזן. ער האָט אַרײַנגערופֿן הערשעלע מזיק און מיט אים געמאַכט אַן אָפּמאַך:

— הערשעלע, איך וועל דיר אָפּגעבן אָט יענעם פּלאַץ פֿאַר דיר און אײַער ציג, זאָל זי עסן דאָרטן וויפֿל איר האַרץ גליסט. איך וועל פֿאַר אײַך לאָזן אָפֿן דאָס אײַזערנע טירל, אָבער גיב מיר דײַן וואָרט אַז דו וועסט קיינמאָל נישט לאָזן אײַער ציג אָנרירן די שיינע אָפּגע־שניטענע גראָזן. גיב מיר דײַן האַנט אַז דו וועסט האַלטן וואָרט.

הערשעלע האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט און געשלאָסן דעם אָפּמאַך.

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגן הערשל און שמיל פֿירן אונדזער ווײַסע ציג אין שול־הויף אַרײַן דורכן אָפֿענעם טירל און הערשעלע מזיק פֿלעגט זיך מיט שטאָלץ באַרימען:

— אונדזער ציגעלע־מיגעלע פּאַשעט זיך אין סאַמע מיזרח־וואַנט פֿון דער גרויסער שול!

# מיינע דאָרפישע פעטערס

פון אַלע שיינע נאַטור-פלעצער פון אונדזער סאַראָקער געגנט האָט ביי מיר אין האַרצן זיך איינגעקריצט דאָס דאָרף טראַכטעוואָץ, וואו מיינען פעטערס שמואל און לייב, די איינציקע צוויי ייִדישע פאַמיליעס האָבן געוואוינט.

מיין פעטער שמואל איז געווען אַ הויכער ברייט-פלייציקער זקן, און זיין זון לייב אַן אמת'ער סטעפּאָווער גיבור.

ווען איך האָב קינדווייז אַמאָל געפרעגט דער מאַמען, פאַרוואָס זיינען אונדזערע טראַכטעוואָצער פעטערס אַזעלכע שטאַרקע, איז איר ענטפער געווען:

— דערפאַר וואָס זיי זיינען די איינציקע ייִדן אין גאַנצן דאָרף. זיי מוזן קענען זיך שטעלן צוריק.

און זיך שטעלן צוריק האָבן מיינע פעטערס געקענט.

די פויערים פון דאָרף האָבן שטאַרק ליב געהאַט מיינע פעטערס — דעם פעטער שמואל פאַר זיין גוטסקייט און גרייטקייט שטענדיק יענעם מיט עפּעס צו העלפן, און מיין פעטער לייב'ן פאַר זיין אַרבעטזאַמקייט, גרויס וויסן אין אַגראָנאָמיע, פרוכט-צוכט, ערד-אַרבעט און גרייטקייט יעדן איינעם אַרויסהעלפן מיט ראַט-און-טאַט.

ווי אַזוי אַ ייִדישער דאָרפס-יונג, וועלכער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען אין קיין שקאָלע, האָט געקאָנט אין זיך איינזאַפּן אַזוי פיל אַגראָנאָמישן וויסן איז געווען אַ וואונדער.

זיינע טרויבן און פרוכטן זיינען געווען פון די בעסטע און גרעסטע אין געגנט. ער פלעגט עטלעכע מאָל אַ וואָך קומען קיין סאַראָקי און איבערליגן שטונדן אין דעם בארימטן פרוכט-„פיטאָמניק" אויפן באַרג, דער זעלבער „פיטאָמניק" וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן אַגראָנאָם עקיבאַ עטינגער, וועלכער האָט אויפגעטאָן וואונדער אין

ארץ ישׂראל. דער דעמאָלטדיקער אַגראָנאָם פֿרײַמאַן האָט געקענט דעם פֿעטער לייב פֿון טראַכעוואָוץ און זײַן אַרבעט אַרום די פֿרוכטן און ווײַנטרויבן. ער האָט געהאַלטן פֿון אים אַ וועלט. ער פֿלעגט זאָגן, אַז לייב פֿון טראַכעוואָוץ איז איינער פֿון זײַנע בעסטע שילער.

ווען איך פֿלעג קומען קיין טראַכעוואָוץ אויף עטלעכע טעג, פֿלעגט דער פֿעטער לייב מיך פֿירן צווישן זײַנע טופּעס ווײַנטרויבן און זײַנע אָנגעלאָדענע ביימער מיט פֿרוכטן, וואָס האָבן זיך געצויגן אין שערענגעס ביזן סאַמע ברעג פֿון דניעסטער. דאָרט, אויף אַ קליינעם אינזל, אפֿשר צוויי דעסאַטין די גרויס, האָט ער געהאַט זײַנע בעסטע ווײַנטרויבן, מיט וועלכע ער פֿלעגט עקספּערימענטירן לויט דעם וואָס ער האָט געלערנט אין סאָראָקער „פּיטאָמניק". דאָרטן אין אַ „קאָליבע" (אַזאַ צווײַגן־בײַדל באַדעקט מיט שטרוי) פֿלעגט ער אָפֿט נעכטיקן און האַלטן אַן אויג, מען זאָל נישט באַ'גנבֿ'ענען אָדער צעשטערן זײַן אַרבעט. דאָרטן פֿלעגט ער ליגן אויפֿן פֿרישן היי, רויכערן זײַן ליולקע, און מיר דערציילן וואונדער פֿון דעם אַגראָנאָם עטינגער און זײַנע פֿרוכטן. ער פֿלעגט מיר אויך דערציילן צויבער־מעשׂיות וועגן די פֿרוכטן, בלומען און פֿייגל פֿון גן־עדן.

## דאָס קעסטעלע מיטן גרויסן שופֿר

יעדן יאָר, ערבֿ יום־טובֿים, פֿלעגט דער פֿעטער שמואל קומען אַ דרײַ טעג פֿריער צו אונדז אין סאָראָקי און דערווײַל גיין שפּאַצירן איבער דער שטאָט און באַזוכן אַלע קלויזן און שטיבלעך וואו ייִדן פֿלעגן דאַווענען. די פּאָר טעג פֿלעגט דער פֿעטער זיך אויסרוען בײַ אונדז אין „זאַל". די מאַמע פֿלעגט אים אויסבעטן אויף דער פּלושענער סאָפֿקע.

די מומע ראָסי און דער פֿעטער לייב מיט זײַן פֿרוי ליבע און טעכטער פֿלעגן קומען אַ טאָג פֿאַר ראש־השנה.

יענעם פֿאַר יום־טובֿ האָט דער טאַטע און זײַן בעסטער פֿרײַנט משה־לייב כינקעס, געקויפֿט דעם ערשטן גראַמאָפֿאָן אין שטעטל. אַז מען פֿלעגט בײַטן די „מאַמבראַנע", פֿלעגט פֿון גראַמאָפֿאָן ווערן אַ פּאַטעפֿאָן.

דער טאַטע האָט אויסגעשריבן דעם גראַמאָפֿאָן פֿון אָדעס און משה איז געגאַנגען שותּפֿים. יעדע צוויי וואָכן פֿלעגט דער גראַמאָפֿאָן מיט די פּלאַסטינקעס אַריבערגיין פֿון איין הויז אין דעם צווייטן. „רעדלעך" פֿלעגן שטיין אונטער אונדזערע פֿענצטער אָדער אונטער

משה׳ס פּענצטער און זיך צוהערן פֿאַרגאַפֿט צו די טענץ און חזנ׳ישע ניגונים.

אין שניַידערשן שולכל פֿלעגן לצים רופֿן מיַין טאַטן און זיַין פֿריַינט: „יאָסל גראַמאָפֿאָן און משה פּאַטעפֿאָן״.

ווען דער פֿעטער שמואל האָט יענעם ערבֿ יום־טובֿ זיך צוגעלייגט שלאָפֿן, האָבן מיַין טאַטע און זיַינע ברידער באַשלאָסן צו איבערראַשן דעם פֿעטער. דער פֿעטער האָט שטאַרק ליב געהאַט חזנות און פֿלעגט נתפּעל ווערן פֿונעם באַרימטן ניסע בעלזער׳ס „יעלה״, וואָס דער חזן קוואַרטין האָט פּאָפּולער געמאַכט.

די חבֿרה האָט שטיל אַריַינגעטראָגן דעם גראַמאָפֿאָן אין זאַל אַריַין, וואו דער פֿעטער איז געשלאָפֿן, אָנגעשטעלט אַ פּלאַסטינקע מיט קוואַרטינ׳ס „יעלה״, אָנגעדרייט די קאָרבע און אָוועקגעשטעלט די נאָדל איבער דער פּלאַטע.

ווען קוואַרטין האָט זיך אַזוי נישקשה׳דיק צעגערגלט, האָט דער פֿעטער שמואל אָנגעהויבן אַזש קרעכצן פֿון שלאָף:

— אַי, אַי, אַי! אַי, אַי!...

און דער פֿעטער האָט פֿון שלאָף גענומען מיטזינגען.

די ברידער האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און גליַיך אָפּגע־שטעלט דעם גראַמאָפֿאָן.

דער פֿעטער איז אַ דערשראָקענער אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער סאָפֿקע. ער האָט דערזען דעם לאַכנדיקן עולם אין דער טיר און זיך געוואונדערט:

— וואָס־זשע, קינדער, איך האָב גערעדט פֿון שלאָף?

— איר האָט געדאַוונט פֿאַרן עמוד, פֿעטער.

— אַי, יאָסל, יאָסל, האָב איך געהערט אין שלאָף אַ חזן, אַ ציאַצקע!

— ער איז טאַקע נאָרוואָס דאָ געווען, פֿעטער.

— וואָס רעדסטו, איך האָב אים געהערט אין שלאָף.

— ניין, פֿעטער, ער איז דאָ געווען.

— אַי, מאַך נישט קיין לצנות!

— אפֿשר ווילט איר אים דאָ האָבן נאָכאַמאָל, פֿעטער?

און דער טאַטע האָט ווידער אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפֿאָן.

פֿון קעסטל און דורך דעם גרויסן אויער האָט זיך דערהערט קוואַרטינ׳ס „יעלה״. דער פֿעטער איז צוגעגאַנגען, זיך געגלעט די באָרד מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער זיך געקראַצט אונטערן אויער:

— אַט דאָס קעסטעלע מיטן גרויסן שופֿר האַלט אין זיך קוואַר־טינ׳ס שטימע?

— קינדער, דאָס איז פּישוף, רחמנא־לצלן!

און דער פֿעטער איז אַרויס פֿון „זאַל״.

## די שׂמחה אויפֿן דאָרף

דער פֿעטער לייב האָט געהאַט אַ פֿול הויז מיט טעכטער און שטאַרק געגאַרט נאָך אַ זון. ווען זײַן פֿרוי ליבע האָט אים באַגליקט מיט אַ אינגל, האָט ער באַשלאָסן צו פּראַווען אַזאַ ברית, אַז די גאַנצע געגנט זאָל קלינגען מיט אים.

מײַן טאַטע און זײַנע ברידער און שוועסטער און אונדזער פֿעטער, דער שוחט און מוהל, צוזאַמען מיט זייערע גרויסע משפּחות, זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אין דאָרף אַרײַן אין אָנגעפּאַקטע בוידן פֿון פֿינף באַלע־גאָלעס. מען האָט געפֿירט מיט זיך צום עסן און טרינקען און דעם גראַמאָפֿאָן.

אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהוליעט אַרום די צעשטעלטע טישן אין ווײַנגאָרטן. פֿאַר יעדער אָקע ווײַן, וואָס די טראַכעוואוצער פּעטערס האָבן אַוועקגעשטעלט, האָבן די סאָראָקער אַרויסגעטאַסקעט פֿון די בוידן אַן אַנדערן, אַ „בעסערן״. מען האָט זיך אַזוי צעקריגט איבער די ווײַנען, אַז מען האָט זיך שיעור נישט צעשלאָגן.

דאָ איז דער פֿעטער שמואל אַרויס אין אַ טאַנץ אינמיטן גאָרטן. און אַז דער פֿעטער שמואל האָט געטאַנצט, זײַנען געפֿלויגן זײַנע אַרבל און די ברייטע הויזן אין ווינט, און זײַנע שטיוואַליעס האָבן געבראָכן די ערד. אויף אים קוקנדיק, זײַנען זײַנע סאָראָקער פּלי־מעניקעס און זייערע קינדער אַרויס אים אַנטקעגן און מאַכנדיק אַ ראָד פֿאַרוואָרפֿן די הענט איבער די פּלייצעס און געקלאַפּט איבערן פֿרישן גראָז נאָכן ריטם פֿון דעם „באָלגאַר״, וואָס דער גראַמאָפֿאָן האָט צעטראָגן. דער גרויסער עולם מאָלדאַוואַנעס און מאָלדאַוואַנקעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אין הויף און אַרום די פּלויטן, האָבן דאָס שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אויסגעבראָכן אין אַן אמת׳ער מאָל־דאַווער „האָראַ״. דער פֿעטער שמואל איז אַרויס פֿון קרײַז פֿון זײַנע פּלימעניקעס און זיך אַרײַנגעריסן אין דעם ראָד פֿון די מאָלדאַוואַנער. צוויי עלטערע מאָלדאַוואַנעס האָבן צעבראָכן זייער ראָד און מיט קולות פֿאַרוואָרפֿן זייערע הענט איבער דעם פֿעטער׳ס פּלייצעס. נאָך

אים איז אויך לייב אַרײַן אין דער „האָרא״, און עס האָט נישט גענומען לאַנג און אַלע סאָראָקער זיינען פֿאַרשמאָלצן געוואָרן אין גרויסן טאַנצנדיקן ראָד פֿון די מאָלדאַוואַנעס.

עס איז געווען אַ פּראַכטפֿול בילד, ווי דאָרף און שטאָט און קריסט און ייִד האָבן געטאַנצט אויף אַ ברית אונטער די קלאַנגען פֿון אַ גראַמאָפֿאָן.

אונדז, קינדער, האָט מען געשיקט שלאָפֿן פֿריער. מיר זײַנען געלעגן אין דער „קאָליבע״ אויפֿן פֿרישן היי, געזען די שטערן דורך די צווײַגן און אײַנגעדרימלט אונטערן טומל פֿון די רימפּענדיקע פֿידלען, שפּילעוודיקע פֿלײַטן, טופּנדיקע פּיס און מיידלשן געלעכטער.

## דער דערפֿאָלגרײַכער פּרוכט־ציכטלער

נאָכדעם ווי דער פֿעטער שמואל און די מומע ראָסי זײַנען געשטאָרבן, האָט דער פֿעטער לייב און זײַן ווײַב ליבע מיט זייערע טעכטער איבערגענומען דאָס קלייטל. די מומע ליבע האָט זיך גע־פּאָרעט אין געוועלב, און לייב מיט זײַנע טעכטער האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די גערטנער.

זײַנע ווײַנשל און פֿלוימען האָבן גע׳שמ׳ט. דער סאָראָקער אַגראָ־נאָם פֿריימאַן איז געווען אַנטציקט פֿון לייב׳ס אַרבעט. ער איז עטלעכע מאָל ספּעציעל אַרונטערגעקומען קײַן טראַכעוואַוץ, באַטראַכט די ציכטיקע שיינע בוימער און די אָנגעלאָדענע צווײַגן מיט די צײַטיקע פּרוכטן, און אָנגעקוואָלן. ער האָט פֿאָראויסגעזאָגט, אַז לייב׳ס אַרבעט אַרום די פּרוכטן וועט מיט דער צײַט ברענגען רעזולטאַטן פֿון אַ נײַעם מין פֿלוים, וואָס וועט זײַן שענער און גרעסער און זאַפֿטיקער פֿון אַלע אַנדערע פֿלוימען אין גאַנץ בעסאַראַביע. ער האָט גע׳חלום׳ט פֿון אַריבערברענגען לייב׳ן צו אונדז אין סאָראָקער „פּיטאָמניק״ און אים לאָזן אַרבעטן מיט אַ גאַנצער כאָפּטע ייִנגע אַגראָנאָמען.

## דער טראַגישער סוף

עס איז זײַ אָבער ביידן נישט באַשערט געווען צו האָבן נחת פֿון זייערע פּרוכטן.

דעם אַגראָנאָם פֿרײַמאַן האָבן די רומענישע אַרײַנדרינגער אין 1918 אַרעסטערט אויפֿן פֿאַרדאַכט פֿון „באָלשעוויזם״ און אים דער־שאָסן לעבן דער קאָלאָניע זגוריצע אויפֿן וועג קײַן בעלץ. דער אָפֿיציע־לער קאָמוניקאַט פֿון דער רומענישער זשאַנדאַרמעריע האָט זיך געלייענט:

„דערשאָסן געוואָרן פאַר פּרובירן אַנטלויפן".

מײַן פעטער לייב'ן האָבן די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע עלעמענטן אין דאָרף פאַר'מסר'ט צו דער געהײַם-פּאָליציי, די „סיגור-ראַנצאַ", אַז פון זײַן „קאָליבע" אויפן אינדזל בײַם דניעסטער האַלט ער אַן קאָנטאַקט מיט די באָלשעוויקעס אויף יענער זײַט דניעסטער אין פּאָדאָליע.

פרײַנטלעכע פויערים האָבן דערנאָך דערציילט, אַז די זשאַנדאַרן זײַנען אין איינער אַ נאַכט אַרײַן אין לייב'ס „קאָליבע" אויפן אינדזל און אים אויפגעוועקט פון שלאָף. בלויז אין זײַנע תחתונים, אַפילו אָן אַ העמד אויפן לײַב, האָבן זיי אים געצוואונגען אַליין זיך אויס-גראָבן מיטן אייגענעם רידל אַ קבר לעבן דער „קאָליבע", און ווען ער איז נאָך געשטאַנען אין גרוב און געגראָבן האָבן זיי אים אַרײַנ-געשאָסן עטלעכע קוילן אין דער פּלייצע אַרײַן און אים פאַרשאָטן לעבעדיקערהייט.

וואָכן-לאַנג האָט מײַן טאַטע און זײַנע ברידער „געכאָדאָטײַעס-וועוועט" ביז מען האָט זיי דערלויבט אים אויסגראָבן און ברענגען צו קבר-ישראל אויפן סאָראָקער בית-עולם, וואו דער פעטער שמואל און די מומע ראָסי ליגן.

זיי האָבן אָבער דערציילט, אַז ווען מען האָט אויסגעגראָבן דעם קבר, לעבן דער „קאָליבע", האָט מען אים געפונען מיטביידע הענט אויסגעשטרעקט אין דער הויך און מיט די פינגער אײַנגעקלאַמערט אין דער ערד, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסגראָבן און אַרויס אויף דער לעבעדיקער וועלט. ער האָט זיך געשטעלט צוריק אַפילו דעם טויט.

# רחל

אויב עס איז נאָך פֿאַראַן גערעכטיקײַט אין דער וועלט און ליבשאַפֿט פֿון מענטש צו מענטשן איז דאָס אַדאַנק אַזעלכע נשמות ווי רחל — רחל די „צאָצכע" פֿון מײַן שטעטל סאָראָקי.

גערופֿן האָט מען זי „צאָצכע" און איר טאַטן „צאָץ". זיי האָבן געהאַלטן די „פּראַטשקאַרניע", דאָס וואַשן וועש, בלייכן און אָנקראָכמאַלען און אויספּרעסן אונטערוועש און אויבערוועש. די טאָכטער פֿלעגט אַרבעטן אין הויז און דער פֿאָטער ברענגען און אָפּטראָגן די פּעק מיט וועש.

דאָס קליינע הילצערנע הײַזל פֿון די „צאָצעס" איז געשטאַנען אַן אָנגעשפּאַרטס אין אונדזער צוויי־גאָרנדיקן הויז מיטן הילצערנעם גאַניק און עס האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט זיכער געפֿאַלן, ווען ניט אונדזערע שטאַרקע סטריכעס.

אין פֿאָדערצימער פֿון הײַזל איז געווען די „פּראַטשקאַרניע", וואו עס זײַנען געשטאַנען די באַליעס מיט מילינעס, די וואַנע צום בלייכן, די „מאַגעלניצע", דאָס וועש, און דער פּרעס־טיש מיט די הייסע פּרעסלעך, וואָס פֿלעגן זיך וואַרעמען אויפֿן טשוהונענעם אויוון וואָס פֿלעגט פּאַרען זומער און ווינטער.

אַ קליינע קיך האָט אָפּגעטיילט די „פּראַטשקאַרניע" פֿון רחל׳ס „זאַל", אָדער שלאָף־צימער. איר פֿאָטער רעב ברוך פֿלעגט שלאָפֿן אויף דער קעשעטקע אין פֿאָדערצימער לעבן דער מאַגעלניצע.

אין פֿאָדערצימער האָט געאַווירט מיט זייף, נאַשאַטיר, זויערקייט און טערפּקע זיסקײַט, פֿון בלייכן, בליטשקע און קראָכמאַל, וואָס האָט געשלאָגן אין די נאָז־לעכער ווי יום־כּיפּור טראָפּנס.

דערפֿאַר אַז מען איז אַדורך די קיך און מ׳האָט אויפֿגעהויבן דעם גרינעם פֿאָרהאַנג פֿון דער טיר אין רחל׳ס „זאַל" אַרײַן, האָט אַ

שמעק געטאָן מיט לאַליק, פּאַרפּיומירטע זייפּן און צערטלענדיקן פּרויען־אָדעקאָלאָן.

די ווענט און דער דיל פֿון קליינעם צימערל זיינען געווען באַדעקט מיט קאָלירטע אויסגעשטריקטע טעפּיכער. אינמיטן פֿון דער סטעליע האָט געהאנגען אַ „נאַטשניק", אין וועלכן עס איז געשטאַנען אַ מעשענער קעראָסין־לאָמפּ מיט אַ בלוילעך גלעזל. מען האָט דעם „נאָנטשיק" געקאָנט אַרונטערציען און צוריק אַרויפּציען. עס איז שטענדיק געווען פֿינצטערלעך אין „זאַל", און רחל פֿלעגט טאָג־און־נאַכט אָנצינדן דאָס לעמפּל. דער בלוילעכער שיין פֿלעגט וואַרפֿן אַזאַ דעמערונג־שטימונג איבער דעם גרויסן בילד אויף דער וואַנט — אַ בילד פֿון אַ בעריאָזע־וועלדל ביים ברעג פֿון אַ קוואַלנדיקן טייַכל.

ביים איינציקן פֿאַרהאַנגענעם פֿענצטערל איז געשטאַנען אַ טיש מיט אָנגעשטעלטע בילדער און עטלעכע רוסישע און אידישע ביכער. אינמיטן פֿון טיש איז געשטאַנען אַ דרייַגאָרנדיקער טאָרטן־טאַץ מיט אַן אָפֿן הענטל פֿון אויבן פֿול מיט קאָלירטע פּאָסטקאַרטלעך, „אָטקריטקעס", און ניי־יאָר „ווינטשעוואַניעס".

אין אַ גרויסער שאַפֿע ביי אַ צווייטער וואַנט האָט רחל געהאַלטן אירע קאָלירטע קליידלעך, די בלויע פּעלערינע, דאָס זייַדענע זאָנטיקל, אירע „פּערטשאַטקעס", שיך און וועש, איר ווינטערדיקע בעקעשע, דאָס קאָטיקל, די מופֿטע, באָטינקעס און דאָס באַשליקל מיטן רויטן אונטערשלאַק.

אַ טיר האָט אַרויסגעפֿירט צו אונדז אין הויף אַרייַן. איר טיר פֿון „זאַל" און די טיר פֿון אונדזער קיך האָבן זיך אָנגעקוקט מיט גלעזערנע שויבן, בלויז צוויי מענטשלעכע טריט אָפּגערוקט. איך האָב געקענט באַוויַזן דעם קונץ פֿון אַריבערשפּרינגען פֿון אונדזער שוועל גלייַך אויף איר שוועל און ניט אָנרירן מיט די פֿיס דעם בלאָטיקן דורכגאַנג.

פֿון דער „פּראַטשקאַרניע" אין „זאַל" אַרייַן איז געווען ווי אַרויס פֿון גיהנום און אַרייַן אין גן־עדן.

## זיך מקריב פֿאַרן טאַטן

רחל איז געווען אַן עלטער מיידל מיט לאַנגע שוואַרצע צעפּ און אַ הויכער שטאַלטנער פֿיגור. זי האָט געלעבט בלויז צוליב איר עלנטן, אַלטן טאַטן. איר מאַמע איז געשטאָרבן ווען זי איז נאָך אַ קינד געווען, און דער אַלטער רעב ברוך האָט שוין קיינמאָל מער ניט געוואָלט

חתונה האָבן. אַליין האָט ער דערצויגן זײַן שיינע טאָכטער, און זיך און זי דערנערט דורך טראָגן פּעק אויפֿן מאַרק. זי האָט דאָס קיינמאָל ניט געקאָנט פֿאַרגעסן און איר ליבע צו אים איז געווען זייער גרויס. זי איז פֿון קינדוויַיז־אָן געוואָרן די באַלעבאָסטע פֿון הויז און האָט ניט איין שידוך אָפּגעלאָזן צוליב דעם וואוילזיַין פֿון איר טאַטן.

פֿון גאַנץ פֿרי ביזן אָוונט פֿלעגט זי שטיין איַינגעבויגן איבער די באַליעס און רייַבן די וועש, אָדער איבערן פּרעס־טיש און פֿירן מיטן הייסן פּרעסל.

אָבער אַז די זון פֿלעגט זיך זעצן, פֿלעגט זי פֿאַרהאַקן די פֿאָדערשטע טיר, אויסלעשן דעם אויוון, פֿאַרציען דעם פֿאָרהאַנג אין „זאַל״ אַריַין, אַרויסנעמען פֿון אונטערן טאַפּטשאַן אַ צינענע וואַנע, אָנגיסן הייסע וואַסער און מיט שמעקעדיקער זייף גוט אָנזייפֿן און אָרומשווענקען איר מידן קערפּער, זיך באַשפּריצן מיט „דוכי״ און ווען זי פֿלעגט אַריַין צו זיך אין „זאַל״ אָן אויסגעצוואָגענע האָט פֿון איר געאָטעמט די וואַרעמקייט און פֿרישקייט פֿון אַ שמעקנדיקער בלום.

וועטשערע פֿלעגט זי מיטן טאַטן עסן אין „זאַל״. רעב ברוך האָט זי באַדינט. ער פֿלעגט איַינקויפֿן, צוגרייטן און שטופּן דעם ביסן אין איר מויל אַריַין, גלייַך ווי זי וואָלט נאָך אַ קינד געווען.

נאָכן עסן פֿלעגט רעב ברוך זיך צוריקציען אין פֿאָדערצימער אַריַין און גיין שלאָפֿן. רחל פֿלעגט זיך אויסציען אין בעט און בלעטערן אירע ביכלעך אָדער עפּעס געמיטלעך חלומ'ען מיט אירע אָפֿענע אויגן. עטלעכע מאָל אין וואָך, אין די אָוונטן, פֿלעגן גרופּן מיידלעך און אינגלעך זיך שטיל אַריַינ'גנבֿ'ענען צו איר אין צימער און מען פֿלעגט עפּעס לייענען און זיך שושקען. איר שוועסטער־קינד, מענדל „דער בונדיסט״ וועלכער האָט געוואוינט לעבן דעם „שלאַנ־באָן״ ביַי דער גימנאַזיע, וואו זיַין שוועסטער רייזל האָט געהאַלטן אַ קלייטל פֿון שרייב־געציַיג און סאָדע־וואַסער, פֿלעגט רעדן און אָנפֿירן מיטן „קרוזשאָק״ (קריַיזל).

אויף מאָרגן אינדערפֿרי פֿלעגט רחל שוין ווידער שטיין איבער די באַליעס און דערציילן וואָס זי האָט אין אָוונט געלייענט אָדער זיך אָנגעהערט פֿון מענדל'ען און זיַינע פֿריַינט. און געהאַט האָט זי יעדן טאָג אַן אוידיענץ — אַ האַלב טוצן ווייַבלעך, צווישן זיַי אויך מיַין מאַמע, וועלכע פֿלעגן קומען מיט זיַיער געניַי אָדער שטריק־אַרבעט, זיצן אין אַ האַלב־קריַיז אַרום רחל'ען, אַרבעטן און זיך צוהערן וואָס זי דערציילט.

פֿון זינט איך געדענק זיך אַלס קינד, געדענק איך יענעם דערציילקרײַז. איך פֿלעג זיצן לעבן דער מאַמען און זיך צוהערן צו רחל׳ס זינגעוודיקער שטים און קוקן אין די גרויסע שוואַרצע אויגן, אין וועלכע איך פֿלעג זען ווײַטע לענדער מיט די וואָגלדיקע, עלנטע, לײַדנדיקע, דערנידעריקטע און באַליידיקטע, אָדער דערהערן די צאָרנדיקע און קעמפֿנדיקע, וועלכע מען פֿירט אין קייטן אין ווײַטן שנייאיקן סיביר.

## דער וואונדער פֿון ביכער

עס איז מיר דאַמאָלס גאָר ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס דערציילט זי פֿון ביכער אַרויס. ערשט ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען דעם ייִדן, רעב חיים בעלינסקי, מיט דער שיינער לאַנגער ווײַסער באָרד און זײַדענער קאַפּאָטע און טשעמאָדאַן מיט ספֿרים און ביכער בײַ איר אין „זאַל" און געזען ווי זי באַצאָלט אַ „פּיאַטאַק" פֿאַר יעדן בוך, האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דעם אוצר, וואָס ליגט אין ביכער. איך פֿלעג זייער אָפֿט איבערליגן בײַ רחל׳ען אין „זאַל", בלעטערן די ביכער, אַפֿילו ווען כ׳האָב אַ וואָרט ניט פֿאַרשטאַנען, און זיך שפּילען מיט אירע „אָטקריטקעס".

ווען דער אַלטער רעב ברוך איז געשטאָרבן און רחל איז געבליבן אַליין, איז מײַן מאַמע געוואָרן באַזאָרגט וועגן איר, געזוכט פֿאַר איר אַ שידוך און מורא געהאַט זי לאָזן אַליין. איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר זעקס און די מאַמע האָט מיר דערלויבט נעכטיקן בײַ רחל׳ען אין „זאַל". אין אָנפֿאַנג האָב איך זיך געשעמט און בשום אופֿן ניט געוואָלט, נאָר אַז די מאַמע און רחל האָבן מיר פֿאַרזיכערט, אַז קיינער וועט ניט וויסן, האָב איך אײַנגעשטימט.

דער אַראָמאַט יענע נעכט אין רחל׳ס „זאַל", דער קלאַנג פֿון איר שטימע בשעת זי האָט פֿאַר מיר פֿאָרגעלייענט, די וואָרעמקייט פֿון איר קערפּער, דאָס בלויע ליכט אויפֿן בילד פֿון די זילבערנע בעריאָזעס בײַם קרישטאָל־גרינעם טײַכל, קומען מיר נאָך הײַנט צו חלום.

מײַן פֿאַרגעניגן האָט געדויערט בלויז עטלעכע וואָכן, ביז איין אָוונט האָט די מאַמע מיר געזאָגט, אַז אוים שלאָפֿן בײַ רחל׳ען אין „זאַל".

ווי אַ דונער האָט עס מיך געטראָפֿן. איך בין אַרויס פֿון אונדזער קיך־טיר און געזוכט אַרײַנגיין אין רחל׳ס „זאַל". די טיר איז געווען

פֿאַרריגלט און דאָס בלויע ליכט אויסגעלאָשן, נאָר איך האָב געהערט עמיצן אַרומגיין דאָרטן. אַז איך האָב זיך צוגעכאַפּט צום פֿענצטער און אַרײַנגעקוקט דורך אַ שפּאַרינע פֿון פֿאַרהענגל, האָב איך דערזען אַ מענערשע פֿיגור מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל.

## דער „לאַמעדוואָוו"

ווען איך בין אַרײַן אינדערפֿרי צו רחל'ען אין „פּראַטשקאַרניע" און שטרענג געפֿרעגט בײַ איר, ווער איז דער מאַן וואָס שלאָפֿט בײַ איר אין „זאַל", איז זי בלאַס געוואָרן, מיך אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט און אַרײַנגעפֿירט אין „זאַל" אַרײַן. דאָרטן איז געזעסן בײַם אָפּ־געראַמטן טישל אַ הויכער מאַן מיט לאַנגע בלאָנדע האָר און פֿאַר־דרייטע וואָנצלעך. זײַן בלויע „קאָסעוואָראָטקע" איז געווען צע־שפּיליעט און ער האָט עפּעס געשריבן אויף אַ פּאַפּיר.

זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— גרישאַ, דאָס קינד ווייסט וועגן דיר!

אַז ער האָט דערהערט, אַז איך ווייס וועגן אים, האָט ער מיך שטרענג באַטראַכט און דערנאָך זיך מילד צעשמייכלט און אין אידיש געזאָגט:

— קום אַהער, דוד'ל, וועל איך דיר זאָגן ווער איך בין. איך בין אַ פֿאַרבאָרגענער, אַ „לאַמעדוואָוו", וואָס טוט גוטס פֿאַר מענטשן, אָבער קיינער טאָר ניט וויסן. אַז אַ פֿרעמדער וועט זיך דערוויסן, אַז איך וואוין דאָ, קען געשען אַן אומגליק. פֿאַרשטייסט? אַן אומגליק!

רחל האָט מיך אַרומגענומען און זיך געבעטן:

— שווער מיר, דוד'ל, בײַ גאָט, אַז וועסט קיינעם ניט זאָגן אַ וואָרט.

— איך שווער.

דאַן האָט דער מאַן מיך אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און זייער גוטמוטיק געזאָגט:

— אויב דו ווילסט וויסן דוד'ל, צי איך זאָג דעם אמת, גיי פֿרעג דײַן זיידן. פֿרעג אים, וואָס עס מיינט אַ „לאַמעדוואָווניק"?

און רחל האָט מיר אָנגעזאָגט:

— זאָג אָבער ניט, אַז גרישאַ איז בײַ מיר. געדענק האָסט געשוואוירן!

איך בין אַרויס פֿון דער „פּראַטשקאַרניע" און גלײַך אַוועק צום זיידן אויפֿן „פּערעאולאָק".

ווען איך בין אַרײַן צום זיידן אין שנײַדער־וואַרשטאַט, איז ער געזעסן אין זײַן גרויסן שטול מיט די פֿיס אויף זײַן קליינעם פֿוס־בענקעלע און געסטריגעוועט אַ מאַנטל. זײַן געזעל הערץ־יעקב איז געזעסן בײַ דער שטעפּ־מאַשין און „געשאַסן". דער זיידע האָט באַ־מערקט מײַן אומרואיִגקייט און צעטראָגנקייט און גלײַך מיר צוגע־רוקט מיטן פֿוס דאָס בענקעלע. איך האָב זיך געזעצט בײַם זיידן צופֿוסנס און געוואָרפֿן פֿאַרדעכטיקטע בליקן צו הערץ־יעקב'ן און ניט געקענט עפֿענען דאָס מויל.

דער זיידע האָט זיך פֿאַרהוסט און אַ זאָג געטאָן צום שטעפּער:

— הערץ־יאַנקל, זײַ־אַזוי גוט און לויף־אַרויס אין קלייטל אַרײַן און קויף מיר פֿאַר צוויי גראָשן קאַנדל־צוקער און אין אײַנוועגס גיי שוין אַרײַן צו לאָזער וואַטע־מאַכער און נעם מיר צוויי פֿונטלעך וואַטע.

הערץ־יעקב האָט אָפּגעשטעלט דאָס יאָגן פֿון דער מאַשין מיט ביידע פֿיס אויפֿן טרעטער, און פֿאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם זיידן. ווען ער האָט זיך טאַקע איבערצײַגט אַז דער זיידע מײַנט עס, האָט ער געכאַפּט דעם פּידזשאַק און אַרוים. דאַן האָט דער זיידע זיך צוגערוקט נענטער צו מיר און סודות'דיק געזאָגט:

— נו. דודאַלע, זאָג וואָס האָסט געוואָלט זאָגן.

— ווער איז אַ „לאַמעדוואָוו", זיידע?

דער זיידע האָט אַוועקגעלייגט דעם מאַנטל און אָנגעשטעלט זײַנע מילדע אויגן אויף מיר. ער האָט אָנגעלענט זײַנע לאַדאָניעס אויף די קני און זיך אָנבויגנדיק צו מיר מיט אַ פֿאַררונצלטן שטערן אָנגעהויבן:

— אַ לאַמעדוואָווניק איז אַ פֿאַרבאָרגענער צדיק. לאַמעדוואָוו מײַנט זעקס־און־דרײַסיק און אויף זעקס־און־דרײַסיק פֿאַרבאָרגענע צדיקים שטייט די וועלט.

— קען יעדער איינער זײַן אַ „לאַמעדוואָוו"?

— ניין, אַ „לאַמעדוואָווניק" איז אַן אויסדערווײלטער פֿון גאָט. בלויז זעקס־און־דרײַסיק קענען זײַן אויף דער וועלט. אַ צדיק קען יעדער ייִד זײַן, אַ „לאַמעדוואָווניק" בלויז געציילטע.

ווען הערץ־יעקב איז צוריקגעקומען און דער זיידע האָט מיר דערלאַנגט אַ שטיקל קאַנדל־צוקער, בין איך אַרוים אַן אויפֿגעשטראַל־טער פֿון הויז. איך בין געלאָפֿן פֿון „פּערעאולאָק" צו אונדז אַהיים, אַרונטער צום דניעסטער, און איך האָב געוואָלט זיך צעשרײַען אינ־מיטן שטאָט:

— יִדן, ! מיר האָבן אַ „לאַמעדוואָווניק" בײַ רחל'ען אין הויז ! די שבועה האָט מיך אָבער געוואָרגען בײַם האַלדז.

וואָכן־לאַנג האָב איך אַרומגעטראָגן דעם סוד מיטן „לאַמעד־וואָווניק" אין רחל'ס „זאַל". עס פֿלעגן זיך דאָרטן אין די אָוונטן פֿאַרזאַמלען יונגע מענטשן און זיך שושקען, טרינקען טיי און שטיל זינגען לידער. רחל פֿלעגט מיך האַלטן אויף איר שויס און אײַנשטילן מײַנע אָפֿטע פֿראַגן מיט אירע וואַרעמע ליפּן.

צוויי לידער פֿון יענע אָוונטן האָבן זיך אײַנגעשניטן אין האַרצן: „אין געזאַלצענעם ים פֿון מענטשלעכע טרערן", וואָס אַלע פֿלעגן זינגען אַזוי שטיל, אַזוי רירנדיק, און דאָס רוסישע ליד „אַך טי דאָליאַ, מאָיאַ דאָליאַ", וואָס דער „לאַמעדוואָווניק" פֿלעגט זינגען פֿאַר זיך, און שטיל געצויגן אַזוי טרויעריק.

## „ווען מענטשן ליבן זיך"

איינמאָל האָב איך אָנגעטראָפֿן רחל'ען און דעם „לאַמעדוואָווניק" ווי זיי קושן זיך אין „זאַל". מײַן האַרץ איז מיר אײַנגעפֿאַלן. איך האָב געוואוסט, אַז בלויז חתן־כלה מעגן זיך קושן.

ווען איך האָב געטראָפֿן רחל'ען אַליין, האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן:

— רחל, איז „לאַמעדוואָוו" דײַן חתן ?

— נײַן, דודאַלע, נאָך ניט.

— איז פֿאַרוואָס־זשע קושט איר זיך שוין ?

— אוי, — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון רחל'ס מויל. זי האָט מיך צוגעדריקט צו זיך און אַ קוש טוענדיק מיר געזאָגט:

— „ווען מענטשן ליבן זיך, קושן זיי זיך".

אַ נײַע פֿרייד און אַ נײַער סוד איז מיר אַרײַן אין האַרצן: „ווען מענטשן ליבן זיך, קושן זיי זיך".

איך האָב נאָכגעפֿאָרשט און נאָכגעקוקט און דאָס האַרץ פֿלעגט בײַ מיר קוועלן, ווען איך פֿלעג זיי טרעפֿן זיך איבערקוקן אָדער אַרומנעמען.

ביז — „לאַמעדוואָוו" איז פֿאַרשוואונדן.

יענעם טאָג האָבן זיך פֿון ערגעץ געיאַוועט „שפּיקעס" און פּאָליציי און געמאַכט אַ רעוויזיע אין דער „פּראַטשקאַרניע". מיך האָבן זיי געטראָפֿן אין זאַל. ווען זיי האָבן מיך אַרויסגעפֿירט אין הויף

אַרײַן, זײַנען שוין דאָרטן געשטאַנען מײַנע עלטערן, רחל און אַ סך שכנים. אַלעמענס פּנים׳ער זײַנען געווען ערנסטע און דערשראָקענע.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף רחל׳ען און אין אירע שוואַרצע גרויסע אויגן האָב איך דערקענט און געהערט:

— האָסט געשוואוירן בײַ גאָט!

איינער פֿון די שפּיקעס האָט אַרויסגענומען אַ בילד פֿון דער בוזים־קעשענע און זי מיר געוויזן:

— „טי יעוואָ זנאַיעש?” (דו קענסט אים?).

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפֿן מאַן מיט דער בלאָנדער טשופּרינע און די געדרייטע וואָנצלעך און געוואָלט אויסשרײַען: „לאַמעדוואָוו”! נאָר רחל׳ס אויגן האָבן געשאָקלט אויף „ניין” און איך האָב מיטגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער „לאַמעדוואָוו” איז ווי אין וואַסער אַרײַן, און די אָוונטדיקע קרײַזן אין זאַל האָבן אויפֿגעהערט. איך האָב צוריק אָנגעהויבן נעכטיקן מיט רחל׳ען אין שײַן פֿון די זילבערנע בעריאָזקעלעך בײַם ברעג פֿון קרישטאָלענעם טײַכל, אָבער דער כישוף איז פֿאַרשוואונדן. מיר האָבןביידע געבענקט נאָכן „לאַמעדוואָוו”.

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען אַ קאַרטל פֿון אָדעס: „דאָראָגאַיאַ ראַכיל אי דאַוויד”. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס עמיצער האָט צו מיר געשריבן. איך האָב געהאַלטן דאָס קאַרטל אין מײַנע פֿינגער און געפֿילט, אַז אַזאַ וואַרעמקייט גיסט זיך מיר אַרײַן אין האַרצן.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען אָפֿטע קאַרטלעך פֿון קיעוו, כאַרקאָוו און אַנדערע שטעט. רחל האָט די קאַרטלעך אויסגעשטעלט אויפֿן דרײַ־גאָרנדיקן טאָרטן־טעצל און איך פֿלעג זיך אַלע טאָג מיט זיי שפּילן. ביז אין איינעם שיינעם טאָג איז אָנגעקומען אַ קאַרטל פֿון איר־קוטסק. רחל האָט זיך זייער צעוויינט און עס איז פֿינצטער געוואָרן בײַ אונדז אין זאַל.

### אַן אויסכאַפּעניש

מײַן מאַמע האָט צוגעזען רחל׳ס צער און עלנטקייט און באַשלאָסן איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל חתונה מאַכן איר בעסטע פֿרײַנדינע. זי האָט זיך דורכגעשריבן מיט קרובֿים. איינמאָל איז אַריבערגעקומען אונ־דזוער אַ קרובֿ, אַ סטעפּאָווער בחור פֿון דער קאָלאָניע דאָמבראָווען

אָנקוקן די כּלה. איך בין נאָכגעגאַנגען דער מאַמען און דעם געזונטן, ברייטפּלייציקן ערד־אַרבעטער מיטן געלן בערדל, ווען זיי זײַנען אַרײַן אין זאַל. דער בחור האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן ציכטיקן בעט מיט דעם שטוים קישעלעך, די אויסגעניייטע טישטעכער און האַנטי־כער און זיך צעשמייכלט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף רחל'ס לאַנגע שוואַרצע צעפּ און אירע שיינע גרויסע אויגן און ער האָט זי אויס־געכאַפּט. ער האָט זי בײַ אונדז צוגענומען אויף שטענדיק.

מיט אַ ווייטאַק אין האַרצן האָב איך געזען ווי מען האָט פֿאַר־קויפֿט די „פּראַטשקאַרניע" מיט דעם „זאַל" און וויאַזוי רחל האָט גענומען אײַנפּאַקן די טעפּיכער און די קאָלדרע. ווען זי האָט גענומען אײַנוויקלען אין אַ טיכעלע „לאַמעדוואָוו'ס" קאַרטלעך און אַרײַנ־לייגן אין אַ בלוי פּידעלע, בין איך אַרוים פֿון הויז און אוועק צום דניעסטער זיך אויסוויינען.

ווען רחל איז געקומען צו אונדז אין הויז אַרײַן זיך געזעגענען, בין איך געבליבן שטיין מיט דער פּלייצע צו איר און געקוקט דורכן אָפֿענעם פֿענצטער צום כמורנעם גום פֿון דניעסטער.

רחל איז צוגעקומען נענטער. דער אַראָמאַט פֿון איר לאַילאַק האָט מיך דורכגענומען און איר וואַרעמקייט האָט אַ שלאָג געטאָן אין האַרצן.

— ביסט עפּעס ברוגז אויף מיר, דודאַלע?

— איך בין ניט ברוגז. „לאַמעדוואָוו" איז ברוגז!

זי האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב דערזען צוויי גרויסע טרערן אין אירע אויגן. די לויטערסטע און שטראַליקסטע טרערן, וואָס איך האָב ווען געזען.

# ראובן קוימענקער

איך געדענק אים אין דריי געשטאַלטן, און פֿון אַלע דריי האָט אַרויסגעשטראַלט זיין גוטמוטיקייט.

פֿינף טעג אין וואָך איז ער געווען ראובֿן קוימענקער. אַן איינ־געשמירטער אין סאַזשע און אַן אָנגעשטויבטער, פֿלעגט ער קריכן אין די אויוונס, קלעטערן אויף די דעכער און זיך פּאָרקן אַרום די קוימענס.

פֿרייטאָג איז ער געוואָרן ראובֿן „פּאַרשטשיק". ער פֿלעגט אַ גאַנצן טאָג ביז ליכט־בענטשן איבערליגן אין דער שטאָטישער באָד, וואַשן, אָנזייפֿן און רייבן אַ פּלייצע אויף דער אויבערשטער באַנק.

שבת און יום־טובֿ איז ער געוואָרן ראובֿן בעל־תּפֿילה. ער פֿלעגט דאַווענען פֿאַרן עמוד מיט די ייִדישע אַרעסטאַנטן אין שטאָטישן אָסטראָג אויפֿן באַרג.

אין אַלע דריי פּאַכן איז ער געווען אַ מייסטער. דורך אַלע דריי געשטאַלטען האָט אַרויסגעזונגען זיין פֿריידיקע נשמה און צעטראָגן זיין ליכטיקע נגינה.

געווען איז ער אַ הויכער שטאַלטנער ייִד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, מיט צוויי העלע טיפֿע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוועלט פֿון צווישן די גרויסע באַוואָקסענע ברעמען. זיין באַריטאָן־שטימע, וואָס האָט געקלונגען אַזוי קרעפֿטיק, בשעת ער איז געשטאַנען פֿאַרן עמוד, איז אָבער געוואָרן ווייך און ליריש, ווען ער פֿלעגט זיך צעשמייכלען און ווערן צערטלעך צו מענטשן.

ער איז געווען אַ מענטש אָן אַ גאַל. ער איז קיינמאָל ניט געוואָרן אין כּעס, אַפֿילו ווען מען פֿלעגט מאַכן פֿון אים לצנות און זיך טשעפּען צו זיין חזנות אָדער פּירוש־המילות.

איך געדענק אזא פֿאַל. מײַן פֿעטער מאָטל, דער שטענדיקער שפּאַסנמאַכער און אָפּלאַכער, האָט איינמאָל געזען רעב ראובֿנ׳ען פֿאַרבײַגײַען אונדזער הויז, האָט ער אַ וואונק געטאָן צו דער פֿולער שטוב מיט מענטשן, אַז ער גייט עפּעס אָפּטאָן, און אַ געשריי געטאָן דורך דער אָפֿענער טיר:

— רעב ראובֿן, זײַט אַזוי גוט, קומט נאָר אַרײַן. איר זענט דער ריכטיקער מאַן אין ריכטיקן פּלאַץ. מיר „ספּאָרען" דאָ, וועלכער „רבונו-של-עולם" איז דער יום-טובֿ׳דיקער. אַנו, גיט אונדז נאָר דעם ריכטיקן.

און דער פֿעטער מאָטל גיט אים דעם טאָן: — מי... מי... מי...

רעב ראובֿן האָט אַוועקגעשטעלט זײַנע קוימענקערערישע כּלי־זין, פֿאַרגלאָצט די אויגן, אַרויסגענומען זײַן פֿאַרלייגטע באָרד פֿון אונטערן העמד און גלעטנדיק זי מיט דער לינקער האַנט גענומען ציען:

— אוי, ווי, מי... מי... מי... ריבונו-של-עולם...

עפּעס איז אים דאָס מאָל נישט געגאַנגען. ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעריסן און זײַן באַריטאָן־שטימע איז עטלעכע מאָל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוויטשענדיקן טענאָר.

דער פֿעטער מאָטל האָט אים אָן צערעמאָניע איבערגעריסן:

— זײַט מוחל, רעב ראובֿן, אָט דעם „רבונו-של-עולם" האָט איר במחילה קאַליע געמאַכט.

דער עולם האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

רעב ראובֿן האָט זיך נישט פֿאַרלוירן. ער האָט באַטראַכט דעם קײַכנדיקן פֿעטער מיט זײַנע מילדע שמייכלענדיקע אויגן און געזאָגט:

— ווייסט, מאָטעלע, דו וואָלסט געדאַרפֿט זײַן אַ קאָמיקער אין יידישן „טריאַטער". זע נאָר ווי דו מאַכסט דעם עולם לאַכן.

און רעב ראובֿן איז אַרויס אָן אַ זײַ־געזונט.

די מאַמע ציפּע איז געוואָרן בייז אויפֿן פֿעטער און אים גע־שטראָפֿט:

— מעגסט זיך שעמען, מאָטל, מען טאָר נישט מבֿייש זײַן אַן עלטערן און גוטן מענטשן.

ברוך דער שנײַדער-געזעל האָט שטרענג צוגעגעבן:

— עס איז דײַן מזל, מאָטל, וואָס רעב ראובֿן איז אַ מענטש אָן אַ גאַל. איך אויף זײַן פּלאַץ וואָלט דיר אָנגעבראָכן די ביינער.

## דער מײַסטער פֿון די דעכער

ווען רעב ראובֿן פֿלעגט אין זײַן קוימענקערערישן „נאַריאַד" אַרויפֿקריכן אויף אַ דאַך, פֿלעגט מען אַרויס פֿון די הײַזער און פֿאַרוואַרפֿן די העלדזער צום קוימען און צום בעל־מלאכה.

רעב ראובֿן האָט געטראָגן אַזאַ מין זאַקענע בורקע איבערן קאָפּ, וואָס האָט פֿאַרדעקט זײַן גאַנץ פּנים. בלויז די אויגן מיט זײַנע הויכע ברעמען און די לאַנגע נאָז פֿלעגן אַרויסשטעקן. זײַן לאַנגע, שוואַרצע, גלאַנצענדיקע באָרד איז געווען פֿאַרשטעקט אונטערן העמד.

עס איז געווען צום באַוואונדערן, ווי אַזוי רעב ראובֿן האָט אויסגעהיט זײַן באָרד, אַז זי זאָל נישט ווערן פֿאַרסאַזשעט.

אין זײַן „נאַריאַד" מיט די באַרשטען, שטריק, געוויכטן, דראָטן און בעזימער האָט ער אויסגעזען ווי אַ פֿלעדערמויז, וואָס קריכט און שפּרינגט אַרום איבערן דאַך. בשעת ער האָט געטאָן זײַן אַרבעט, האָט ער אונטערגעברומט אַ יום־טובֿ'דיקן ניגון אָדער אַ שטיקל זמירות.

חבֿרה־לײַט האָבן אַרויפֿגעשריען צו אים:

— אַביסעלע העכער, רעב ראובֿן, דער עולם הערט אײַך ניט!

און ווען רעב ראובֿן פֿלעגט זיך טאַקע צעזינגען אויף אַלע כּלים, פֿלעגט דער עולם אין גאַס אויסשיסן אַ גרויס געלעכטער.

## דער „קעניג" פֿון דער אויבערשטשער באַנק

פֿרײַטאָג אַ גאַנצן טאָג איז רעב ראובֿן געווען נישט צו דער־קענען. ער פֿלעגט אַרומשפּאַצירן איבער דער נאַסער אָנגעהייצטער באָד מיט זײַן הילצערן שעפֿעלע און בלעטערדיקן בעזימל און טראָגן זײַן שוואַרצן גרויסן קאַפּעליוש מיט לעכער און דעם האַנטטוך אַרום האַלדז אויסגעבונדן פֿון פֿאָרנט ווי אַ שלייף. ער פֿלעגט פֿון צײַט־צו־צײַט צוגיין צום פּעסל מיט אָנגעפֿילטן קאַלטן וואַסער, אײַנטונקען זײַן קאַפּעליוש און אים מיטאַמאָל אָנטאָן אַ פֿולן איבערן קאָפּ. די קוועלענדיקע שטראָמען פֿלעגן זיך אַ גאָס טאָן איבער זײַן אָנגעהייצטן פּנים און זיך שטראָלענדיק צעגיסן איבער זײַן לאַנגער באָרד און פֿאַלן איבער זײַן מוסקולירטן אָנגעגליטן קערפּער.

ווען רעב ראובֿן פֿלעגט אַוועקלייגן אַ יידן איבער דער גלאַנצענ־דיקער נאַסער באַנק און אים אָנזייפֿן און אויסקנײַפּן און אויסרײַבן מיט זײַנע קנאָכיקע פֿינגער און ביינערדיקע עלנבויגנס, איז געווען וואָס צו זען.

דער ייִד פֿלעגט אַזש קרעכצן פֿון פֿאַרגעניגן און זיך בעטן:
— אַט, אַט, אַט־דאָ־אָ... רעב ראובֿן! אײַ, אײַ, אײַ, אַ מחיה!

און אַז רעב ראובֿן איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן אײַנזייפֿן און אײַנרײַבן, פֿלעגט ער אַוועקפּירן דעם קרבן און מיט אים אַרויפֿקלעטערן ביז דער אויבערשטער באַנק. דאָרט אויף דער אָנגעגליטער הילצערנער ברעט פֿלעגט ער אים גוט אַרײַנרײַבן און אַרײַנשמײַסן מיטן בעזימל די הייסע מחיה׳דיקע פּאַרע און בשעת־מעשׂה זיך צעזינגען, ביז ער פֿלעגט אַזש הייזעריק ווערן.

פֿון צײַט־צו־צײַט פֿלעגט ער אויסשרײַען:
— נאָך אַ שעפֿעלע קאַלטס!

און מען פֿלעגט צוגיסן וואַסער איבער די אָנגעגליטע שטיינער, און די פּאַרע פֿלעגט נאָך מער זעצן.

## די כּלי־קודש

שיין איז געווען, ווען די כּלי־קודש, די רבנים, חזנים און שוחטים פֿון שטעטל פֿלעגן קומען צו רעב ראובֿנ׳ען זיך אײַנזייפֿן און אָפּשמײַסן. עפּעס זײַנען די שיינע ייִדן געוואָרן נעבעכליך אין מײַנע אויגן אין פֿאַרגלײַך מיטן שטאַלטנעם, פליייציקן, אָנגעפּאַרעטן קוימענקערער מיט דער פֿײַכטער גלאַנציקער באָרד און פעלטענעם קאַפּעליוש און ווײַסן האַנטוך אַרום האַלדז. און גראַדע האָט רעב ראובֿן זיך גאָר געוערגלט, און די חזנים האָבן זיך שעמעוודיק געבעטן:
— הערט־אויף, רעב ראובֿן, דאָס איז נישט קיין מקום־קדוש.

די ייִדן אַרום, די „פּראָסטאַקעס״, פֿלעגן אָבער אונטערגעבן ראובֿנ׳ען פּאַרע, און ער האָט דערלאַנגט חזנ׳ישע שטיקלעך צום באַדויער פֿון די שיינע באַלעבאַטים און צום פֿאַרגעניגן פֿונם לאַכנדיקן עולם.

## דער שבת׳דיקער הולך

שבת אינדערפֿרי פֿלעגט זיך רעב ראובֿן אַרויסלאָזן פֿון זײַן הילצערן שטיבל אין דער שוסטער־גאַס און זיך לאָזן געמיטלעך גיין מיט אַלע שענסטע גאַסן אַרויף־צו צום באַרג, וואו דער אויעזדנע „אָסטראָג״ מיט די ייִדישע אַרעסטאַנטן איז געווען.

געגאַנגען איז ער אין זײַן שוואַרצן גלאַנציקן סערדוט מיט די זײַדענע קנעפּלעך און זײַנע שוואַרצע אויסגעפּרעסטע געוואַנטענע הויזן, וואָס זײַנען נעט געהאָנגען איבער זײַנע אָפּגעפּוצטע כּראָמעווע

שטיוולעטן. די קרוין אָבער פֿון זײַן הולך איז געווען דער שיינער ברייטער זײַדענער חסיד׳ישער קאַפּעליוש, וואָס האָט געגלאַנצט מיט אַלע פֿרימאָרגן־שטראַלן און זיך דורכגעוואונקען מיט דער אויסגע־קעמטער שוואַרצער און לאַנגער שבת׳דיקער באָרד.

און געגאַנגען איז ער מיט אַ פֿאַרריסענעם פֿאַרטראַכטן קאָפּ, און מיטביידע הענט פֿאַרקלאַמערט הינטער דער פּלייצע.

לצים פֿלעגן זאָגן, אַז דאָס גייט ער אוממיסטן דורך אַלע גאַסן, כּדי מען זאָל זען, אַז דאָס גייט ער דאַווענען פֿאַרן עמוד.

קריסטן פֿלעגן זיך אָפּשטעלן און נאָכקוקן די שטאַלטנע מאַיעס־טעטישע פֿיגור און זאָגן:

— „עטאָ איכני ראַווין" (דאָס איז זייער רבֿ).

## דעם זיידנ׳ס זאָג

איינמאָל, געדענק איך, אין אַ שבת אינדערפֿרי, ווען איך בין קוים אַכט יאָר געווען, ווען איך בין געגאַנגען מיט מײַן זיידן אַהרן־אַנטשל אין שול אַרײַן, און איך האָב פֿאַר אים געטראָגן זײַן טלית־זעקל, איז אָנגעקומען רעב ראובֿן און איז אונדז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ פֿאַר׳־חוש׳טער, מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ, אויף זײַן וועג צום אָסטראָג.

דער זיידע האָט זיך אָפּגעשטעלט און אים לאַנג נאָכגעקוקט. דעם זיידנס גרויסע גרויע ברעמען און די ברייטע זילבערנע באָרד האָבן זיך צעשטראַלט, און אַ זיס שמייכעלע איז געבליבן אַ פֿײַכטער איבער זײַנע דינע רויטע ליפּן.

איך האָב דערפֿילט, אַז דער זיידע שפּיגלט זיך און פֿרייט זיך מיט רעב ראובֿנ׳ס גאַנג.

עפּעס האָב איך דערפֿילט אַ פּלוצלימדיקן פֿאַרלאַנג צו דערהויבן מײַן זיידן איבער דעם קוימענקערער און „פֿאַרשטשיק" און איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— זיידע, ער טראָגט אַפֿילו נישט קײַן טלית!

דער זיידע האָט אָנגעשטעלט זײַנע קלאָרע ברוינע אויגן אויף מיר, און אַרויפֿלייגנדיק זײַן רעכטע ביינערדיקע האַנט אויף מײַן קאָפּ האָט ער געזאָגט:

— ניין, מײַן קינד. ניט קײַן טלית! ער טראָגט עפּעס הייליגער. ער טראָגט מענטשן־ליבע צו די דערנידעריקסטע און באַליידיקטע אין שטאָטישן „אָסטראָג"!

# טשאַרנע־פּייגע

אַז איך פֿלעג זיך אַמאָל פֿאַרשפּילן בײַם דניעסטער אָדער אַזוי פֿאַרלוירן־גיין אויף שטונדן־לאַנג און דער טאַטע איז געווען גרייט צו קאַטעווען מיט זײַן שנײַדערשער ווירע, איז געווען גענוג, אַז איך זאָל זאָגן, אַז איך האָב זיך פֿאַרזאַמט בײַ טשאַרנע־פּייגען, און דער טאַטע זאָל אַנטשוויגן ווערן און די מאַמע גלײַך פֿרעגן:

— אַזוי, וואָס מאַכט זי עפּעס, די טײַערע נשמה?

טשאַרנע־פּייגע איז געווען די אײנציקע פּלימעניצע, וואָס מײַן מאַמע האָט געהאַט בײַ אונדז אין שטאָט. אירע דרײַ שוועסטער און אײנציקער ברודער מיט פֿולע היימען קינדער האָבן אַלע געוואוינט אין דער קאָלאָניע זגוריצע.

טשאַרנע־פּייגע איז געווען פֿאַרהייראַט צו אבֿרהם קאָוואַל, וועל־כער האָט געוואוינט אין זײַן זיידנס און טאַטנס קוזניע צוזאַמען מיט זײַנע צוויי ברידער טוליע און אַרקע.

כּדי די מאַמע זאָל מיך נישט כאַפּן בײַ אַ ליגן, פֿלעג איך טאַקע שטענדיק אַרײַנלויפֿן צו טשאַרנע־פּייגען אין דער קוזניע זיך צו ווײַזן, און אויך אַרײַנכאַפּן אַ שטיקל פּרוכט אָדער געבעקס.

מיט דער צײַט בין איך געוואָרן אַזוי צוגעבונדן צו טשאַרנע־פּייגען און איר מאַנס קליינעם ברודערל אַרקע, אַז עס איז ניט געווען דער טאָג, אַז איך זאָל דאָרטן ניט זײַן.

טשאַרנע־פּייגע איז שוין געווען אַ יאָר זעקס פֿאַרהייראַט און קײַן קינדער האָט זי נישט געהאַט. זי פֿלעגט פּשוט אויסגיין נאָך אַ קינד.

די מאַמע ציפּע האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און וואָלט איר אָוועק־געגעבן דאָס טײַערסטע און דאָס בעסטע.

טשאַרנע־פּייגע פֿלעגט זיך אָפֿט בײַ איר בעטן:

— מומע, טו מיר אַ טובֿה און שיק מיר די קינדער. ס'איז מיר אַזוי אומעטיק.

איך בין דאָן זיכער געווען, אַז ווען טשאַרנע־פֿייגע וואָלט איר געזאָגט: „מומע, שענק מיר אַוועק איינס פֿון דײַנע זעקס קינדער", וואָלט די מאַמע איר אַוועקגעגעבן איר בעסט קינד, אַפֿילו מיך.

דערפֿאַר פֿלעג איך צוליב טשאַרנע־פֿייגען זייער אָפֿט אַ סך פּועל'ן בײַ דער מאַמען און צוליב דער מאַמען פֿלעג איך קריגן פֿון בעסטן און טײַערסטן בײַ טשאַרנע־פֿייגען אין הויז.

## די קוזניע

חיים קאָוואַל האָט געהאַט איינע פֿון די גרעסטע קוזניעס בײַם ברעג דניעסטער. אין זײַן טאַטנס, נאָטע דעם סטעלמאַכס, גרויסן הויז האָט ער און זײַן ווײַב טײַבל געהאַט בײַ זיךביידע פֿאַרהייראַטע זין, טוליע און אַבֿרהם, און דעם מיזיניק אַרקע, אַ יינגל אין מײַנע יאָרן, וועלכער האָט מיט מיר געלערנט אין חדר.

דער אַלטער רעב נאָטע איז געווען אַן אַלמן און געוואוינט בלויז אין איין צימער פֿון דעם גרויסן הויז. ער פֿלעגט אָנפֿירן מיטן סטעל־מאַכשן טייל פֿון דער קוזניע. ער און זײַן געהילף, דער מאָלדאַוואַן פּעטראַטיע, פֿלעגן טעסען מיט זייערע שאַרפֿע „באַרדעס" אָדער טאָקן אויף דער טאָק־מאַשין און אויסמײַסטרעווען פֿון האָלץ די רעדער און די פֿלעקער, די אַקסלען און די האָלאָבליעס און די אָרטשיקעס אין די זײַטן פֿון די וועגענער.

חיים קאָוואַל און זײַנע ביידע זין פֿלעגן קאָוועון די פֿערד, מאַכן פּאַדקאָוועס און אויסהאַמערן יעדן שטיקל אײַזן אַרום די וועגענער.

אַ גאַנצן טאָג פֿלעגט דער הויכער געפּאַקטער רעב חיים מיט דער גרויער פֿאַררויכערטער באָרד שטיין אין זײַן לעדערנעם פֿאַרטוך און פֿאַרסאַזשעטער קוטשמע און קלאַפּן אויף דער קאָוואַדלע, בשעת זײַן מיזיניק פֿלעגט שטיין און ציען דעם בלאָז־זאַק, און זײַנע אַנדערע צוויי זין פֿלעגן צוקאָוועון פּאַדקאָוועס צו די פֿערד אָדער אָנטאָן אַ שינע אויף אַ ראָד.

איך פֿלעג ליב האָבן זען ווי אַזוי רעב חיים פֿלעגט אַ כאַפּ טאָן אַן אָנגעגליט שטיק אײַזן מיט זײַן צוואַנגע פֿון דער לינקער האַנט און עס אַוועקלייגן אויף דער קאָוואַדלע, און אויפֿהויבנדיק דעם שווערן האַמער מיט דער רעכטער האַנט פֿלעגט ער דערלאַנגען קלעפּ, אַז

פֿונקען פֿלעגן פֿליען און פֿאַלן איבער דער גאַנצער קוזניע אין שטיקלעך זשאַווערדיקן שטויב. דערנאָך האָט ער אײַנגעטונקען דאָס שטיק אויסגעקנאָטן רויט אײַזן אין אַ פֿאַס וואַסער און עס האָט אָנגעהויבן זשיפּען און זידן.

שיין איז געווען, ווען ער האָט געדאַרפֿט קאָווען אַ גרויס שטיק אײַזן. רעב חיים פֿלעגט דאַן אָננעמען מיט ביידע הענט אַ ריזיקע שפּיצע און מיט איר אַרויסנעמען פֿון דער זשאַרנע דאָס אײַזן און צוטראָגן צו דער גרויסער נאַקאָוואַדלע. טוליע און אַבֿרהם פֿלעגן אויפֿהויבן די צוויי גרויסע האַמערס און צוזאַמען, צעשווינגענדיק איבער זייערע קעפּ, קלאַפּן ריטמיש איינער נאָכן אַנדערן: איינס, צוויי! איינס, צוויי! און רעב חיים פֿלעגט שרײַען: „העפּ״!

אַזוי אַז עס פֿלעגט קלינגען:

— איינס, צוויי, העפּ!

— איינס, צוויי, העפּ!

אַז רעב חיים האָט אויפֿגעהערט שרײַען „העפּ״, האָבן זיך די האַמערס אַרונטערגעלאָזט צום דיל מיט אַ קלאַפּ, און די צוויי יונגען פֿלעגן זיך ווישן די שטערנס מיט די אַרבל.

**די צוויי שנורן**

אַלע האָבן ליב געהאַט טשאַרנע־פֿייגען, איבערהויפּט דער שווער אירער, רעב חיים. ווען זי פֿלעגט זיך באַווײַזן אין טיר פֿון הויז, פֿרעגט ער אַ שטראַליקער אַרויסקומען און פֿרעגן:

— איך קען דיר מיט עפּעס באַהילפֿיק זײַן, קינד מײַנס?

— אפֿשר דיר אַרײַנטראָגן אַ פּאָר עמער וואַסער?

אַבֿרהם פֿלעגט דאָס זען און אָנקווועלן. ער האָט געוואוסט אַז דער טאַטע זײַנער האָט ליב זײַן טשאַרנען.

די צווייטע שנור, ריווע, טוליעס ווײַב, איז געווען אַ בייזע און אַ מרה־שחורה׳ניצע. מען פֿלעגט זי רופֿן „דער טשעריק״. זי איז שטענדיק געווען קריגעריש און פֿלעגט זייער אָפֿט „אויפֿרײַסן״.

אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז צוליב דעם וואָס אויך זי, ווי טשאַרנע־פֿייגע, איז אַן עקרה — אַ „בעזדיעטניצע״.

קיינער, אַפֿילו ניט איר מאַן טוליע, האָט זי געקענט באַוועגן עפּעס טאָן, אויב זי האָט זיך אין עפּעס אײַנגעשפּאַרט. אָבער אַז טשאַרנע־פֿייגע פֿלעגט אַ זאָג טאָן:

— ריוועלע, קום, איך וועל דיר העלפֿן אויפֿראַמען דאָס הויז,
— פֿלעגט זי ווייך ווערן און מיטגיין.

עפּעס אַזאַ גוטסקייט און וואַרעמקייט פֿלעגט אַרויסשטראַמען פֿון טשאַרנע־פֿייגען, אַז עס פֿלעגט אַלעמען באַווירקן און מיטרײַסן.

## „טשאַרנאַ"

מוטערלעך און ליב איז טשאַרנע־פֿייגע געווען צו אַלע שוואַנגער־דיקע פֿרויען, ייִדישע און קריסטלעכע, און צו די נאָר־וואָס־געבוירענע עפּה׳לעך.

וואוהין נאָר די שטאָטישע אַקושאַרקע, פּריווע, פֿלעגט גיין „נעמען אַ קינד", פֿלעגט זי מיטנעמען טשאַרנע־פֿייגען, איר שטענדיקע אַרויסהעלפֿערין. טשאַרנע־פֿייגע האָט געהאָלפֿן מיט די קאָמפּרעסן, מיט אויפֿראַמען און צובעטן דאָס בעט פֿאַר דער געווינערין, מיט אויס־באָדן און אײַנוויקלען אין וויקלשנורן די פּיצלעך קינדער.

די קריסטלעכע פֿרויען האָבן זי שטאַרק ליב געהאַט און זי גערופֿן „טשאַרנאַ".

אין די פֿרײַע שטונדן פֿלעגט טשאַרנע־פֿייגע זיצן בײַם אַלטן פֿאַר־וואַרפֿענעם ברונעם אין הויף און אין שאָטן פֿון עפּל־בוים שטריקן אָדער העפֿטן פֿאַר די קליינע קינדער וועגן, וועלכע זי פֿלעגט מיט שפּאַס אָנרופֿן „מײַנע קינדער".

פֿון צײַט־צו־צײַט האָט זי געבלעטערט דעם גרויסן אילוסטרירטן בוך „מאַטי" (מוטער), וואָס פּריווע די אַקושאַרקע האָט איר געגעבן אַ „מתנה".

איך האָב זיך אָפּט אַרײַנגעכאַפּט צו טשאַרנע־פֿייגען אין שמעקע־דיקן אַלקער און באַהאַלטענערהייט געבלעטערט די זײַטלעך מיט די בילדער פֿון אַנטבלויזטע פֿרויען אין אַלערליי פּאָזיציעס און פֿון קליינע קינדערלעך מיט די פּופּיקעס אינדרויסן.

רעב חיים האָט מיך אַמאָל געכאַפּט, בשעת איך האָב געבלעטערט דעם בוך. איך האָב זיך פֿאַררויטלט ביז די שפּיץ אויערן. ער האָט פֿאָטערלעך אַ ברום געטאָן מיט זײַן באַסאָווער שטימע:

— ווילסט אפֿשר ווערן אַ מאַמע, דודאַלע?

— ניין, איך צייל בלויז די בלעטלעך.

— איז פֿאַרוואָס־זשע ציילסטו ניט דײַן רבינס גמרא?

— ווײַל דאָרטן זײַנען ניטאָ קיין „קאַרטינעס".

אַלע האָבן זיך צעלאַכט. טשאַרנע־פֿייגע האָט מיך צוגעדריקט צו זיך און געזאָגט:

— קוק, קינד מײַנס, קוק. וועסט נאָך אַמאָל קענען לייענען און אפֿשר ווערן אַ דאָקטאָר. הלוואי, גאָטעניו.

און איך האָב גאָר שרעקלעך מורא געהאַט פֿאַר אַ דאָקטאָר.

## אַנטאָשקאַס ווײַבל

איין מאָל, ווען איך בין געווען בײַ טשאַרנע־פֿייגען, איז געוואָרן אַ טומל. אַ פּאָר פֿרויען זײַנען געקומען צו לויפֿן צו טשאַרנע־פֿייגען זי רופֿן, ווײַל אַנטאָשקאַס ווײַבל גייט צו קינד און מאַכט בייזע קולות.

אַנטאָשקאַ איז געווען דער רייניקער פֿון די שטאָטישע אָפּטריטן און אַ גרויסער שיכּור. ער מיט זײַן ווײַבל און פֿיר קינדער האָבן געוואוינט אין אַ קעלער־גרוב ניט ווײַט פֿון די קוזניעס. אַרײַנגיין צו זיי איז געווען ווי אין אַ פֿינצטערער און ברודיקער הייל. עס האָט דאָרטן געאַווערט און מענטשן פֿלעגן אויסמײַדן גיין דורך יענעם ליקל.

טשאַרנע־פֿייגע האָט גלײַך געשיקט רופֿן פּריווע די אַקושאָרקע און אַליין האָט זי געכאַפּט און פֿאַרפּאַרעט אַ קעסל הייסע וואַסער און אַרויסגעכאַפּט פֿון איר קאָמאָד אַ ווײַס לײַלעך און עטלעכע האַנטוכער.

מיר האָט זי געגעבן טראָגן אַ טשײַניק מיט הייסע וואַסער, און זי האָט געטראָגן די אַנדערע זאַכן און מיר זײַנען אַוועק צו אַנטאָשקעס ווײַבל.

אינדרויסן איז געשטאַנען אַ כאַפּטע ייִדישע און קריסטלעכע פֿרויען און געקרעכצט און געאויקעט, בשעת גוואַלדן האָבן זיך געטראָגן פֿון קעלער, אָבער קיינער פֿון זיי איז נישט אַרונטער צו דער געווינערין.

טשאַרנע־פֿייגע איז אַרונטער די דרײַ ברודיקע שטיינערנע טרעפּ און איך בין איר נאָכגעגאַנגען. אַ גערוך פֿון צוגעלייגטער פֿײַכטקייט און שוויים האָט אַ שלאָג געטאָן אין פּנים.

טשאַרנע־פֿייגע האָט אָנגעצונדן אַ קעראָסינען לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש, און פֿאַרקאַטשענדיק אירע לאַנגע אַרבל און פֿאַרשטעקנדיק אירע קליידלעך אין גאַרטל, זיך גענומען צו דער אַרבעט.

די אַנטאָשקעכע איז געלעגן אויפֿן בעט מיט אַ געשוואָלענעם בויך און געשריגן אַזוי, אַז פֿינע איז איר געלאָפֿן פֿון מויל און טראָפּנס שוויים האָבן זיך געקײַקלט פֿון איר שטערן.

אירע פיר קינדער זײַנען געשטאַנען אַרום איר דערשראָקענע און געוויינט. אָבער דער מאַמעס גוואַלדן האָבן פֿאַרשריען זייער יאָמער.

טשאַרנע־פֿייגע האָט אַרויסגעשיקט די קינדער, און אַרונטער־רײַסענדיק די „יובקעס״ פֿון דער אַנטאָשקעכע, גענומען רײַבן און גלעטן אירע לענדן און בויך, ווישן מיט אַ האַנטוך דעם שווייס און די פּינע פֿון איר מויל און געהאַלטן אין איין אײַנשטילן:

— שרעק זיך ניט, טײַערע, עס וועט אַדורך מיט גאָטס חסד.

ווען פּריווע די אַקושאָרקע איז אָנגעלאָפֿן אין איר בלויער פּעלע־רינע און בלויען טשיפּיק, האָט זי איבערגענומען די גרענדע.

מיך האָט זי אַרויסגעטריבן אינדרויסן.

ווען אַלץ האָט זיך אײַנגעשטילט און מיר פֿון דרויסן האָבן דער־הערט דאָס פֿאַרלוירענע יעכצן פֿון נײַעם עופֿה׳לע, איז טשאַרנע־פֿייגע אַרויסגעקומען אַ פֿאַרחלשטע פֿון קעלער און פּריווע האָט זי געפֿירט אונטערן אָרעם. פּריווע האָט געשמייכלט צו די אַרומיקע פֿרויען און געזאָגט אויף טשאַרנע־פֿייגען:

— זי איז אַ מתנה פֿון גאָט!

ווען איך און טשאַרנע־פֿייגע זײַנען אַהיים געקומען אין קוזניע אַרײַן, איז זי געפֿאַלן אַן אויסגעמאַטערטע אין בעט. ריוועלע האָט זי אַרומגעוואַשן און צוגעדעקט, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך זע צום ערשטן מאָל טרערן אין אירע אויגן.

מיך האָט רעב חיים אַרומגענומען מיט זײַנע קרעפֿטיקע קאָוועלשע הענט און צודריקנדיק מיך צו זײַן ברייטער שלאָגנדיקער ברוסט געזאָגט:

— האָסט, דודאַלע, זיך אײַנגעקויפֿט אַ בענקעלע אין גן־עדן לעבן דער ליבער און טײַערער טשאַרנע־פֿייגע.

# די ליאַכאָמסקיס

ניט ווײַט פֿון נאָטע און חיים'ס קוזניע איז געווען איינע פֿון די גרעסטע און רײַכסטע קוזניעס אין שטאָט, אָנגעפֿירט פֿון די צוויי פּוילישע ברידער ליאַכאָמסקי. די שענסטע און קאָלירפֿולסטע פֿאַעטאָנען פֿלעגן דאָרטן פֿאַרריכט ווערן.

די ליאַכאָמסקים זייען געווען גרויסע יידן־פֿײַנט און די אָנפֿירער פֿון דער שטאָטישער „טשאָרנע סאָטניע" (שוואַרצע מאה) — די רעאַקציאָנערע אָרגאַניזאַציע פֿון אַנטי־ראַדיקאַלן, אַנטי־סעמיטן, און אַנטי־מאָלדאָוואַנער.

דער עלטערער ברודער סטאַניסלאַוו איז געווען אַ קליינינקער, האָרבאַטער און מיט אַ בלינד אויג. דער יינגערער ברודער זײַנער, יאַן, איז געווען אַ הויכער און געפּאַקטער און מיט אַ רויטן קאַרק.

זיי האָבן געהאַסט די יידישע קאָוואַליעס און מיט אַלץ פּרובירט שטערן, אַז פּויערים זאָלן פֿאַרפֿאָרן אין דער קוזניע פֿון נאָטע און חיים. ווען אַ פּויערישער וואָגן פֿלעג זיך לאָזן אַרײַנפֿאָרן אין הויף פֿון דער יידישער קוזניע, זײַנען די ברידער ליאַכאָמסקי און זייער כאָפּטע קינדער אַרויס און געשריגן און געוואָרנט די פּויערים. אַ סך האָבן פֿאַר מורא אויסגעדרייט די דישעלים און פֿאַרקערעוועט אין הויף אַרײַן פֿון די ליאַכאָמסקים.

די יידישע קאָוואַליעס האָבן געשוויגן, אָבער דער צאָרן פֿלעגט אין זיי טליען ווי זייער אָנגעהייצטע זשאַרנע.

בלויז טשאַרנע־פֿייגע פֿלעגט אַרויסטרעטן און אויף אַ גוטמוטיקן אָבער שאַרפֿן אויפֿן אַרײַנזאָגן די ליאַכאָמסקים.

## די פרייד פון וואסער

אין הויף פון די ייִדישע קאַוואַליעס איז געווען אַן אַלטער פאַר־לאָזענער ברונעם, וואָס האָט שוין צענדליקער יאָרן נישט געגעבן קיין וואַסער.

טשאַרנע־פייגע׳ן איז איינגעפאַלן אויסגראָבן און אויפלעבן דאָס קוועלנדיקע וואַסער און דורך דעם צוציען די פויערים. די אַלטע קאַוואַליעס האָבן געזאָגט, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפן די מי און עס לוינט זיך נישט. אָבער טשאַרנע־פייגע האָט זיך איינגעשפּאַרט און אַלעמען דערגאַנגען די יאָר, איבערהויפּט דעם אַלטן רעב חיים, וועלכער האָט איר קיינמאָל נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

אין איינעם אַ זונטיק האָבן חיים און נאָטע צוזאַמענגערופן אַלע זין און פּעטראַטיע׳ן, נאָטע׳ס געהילף, און מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. פון גאַנץ פרי ביז זון־אונטערגאַנג האָט מען געריייניגט די קערניצע און אַרויסגעצויגן מיט שטריק הונדערטער עמער מיט זאַמדיקער ערד ביז פּונקט ווען די לעצטע זון־שטראַלן האָבן זיך געהאַלטן אין לעשן, האָט אַ שלאַג געטאָן אַ קוועלנדיקער קאַלטער קוואַל, וואָס האָט אַלעמען אין גרוב פון דער קערניצע באַשפּרינקלט מיט אַ זוניקן שפּריי וואַסער.

די קאַוואַליעס זיינען אַרוים מיט פולע עמער און זיך צעטאַנצט פאַר פרייד אינמיטן הויף. מער פון אַלעמען האָט זיך דערפרייט טשאַרנע־פייגע. זי האָט פאַרשאַרט דאָס קליידל און געגאַנגען אַ פריילעכס דעם שווער אַנטקעגן. רעב חיים האָט אַוועקגעשטעלט דעם עמער וואַסער און פאַרקלעמט די פינגער פון זיינע ידים אַרום זיין ברייטער טאַליע און זיך צוזעצנדיק געוואָרפן די פיס, טאַנצנדיק ווי אַ קאָזאַק. די ערד האָט אַזש געקלונגען פון זיינע קלאַפּנדיקע אָפּצאַסן. די זין האָבן זיך צעקלאַפּט מיט די לאַדאָניעס און זיך צעהירזשעט ווי צעוואַרעמטע אָגערן.

אויף מאָרגן פרי האָט דער אַלטער נאָטע געמאַכט אַ נייעם הילצערנעם שטאַכעטן־צאָם אַרום דעם ברונעם און אויפגעקלאַפּט צוויי ווייסע, נייע קאָרעטעס, אין וועלכע עס האָבן געגלימערט פרישע וואַסערן.

טשאַרנע־פייגע האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים טויער מיט אַ פרישער קוואָרט וואַסער און איינגעלאַדן פויערים זיך אָנטרינקען און אויך אָנפּויען זייערע פערד.

די קערניצע מיט די קאָרעטעס וואַסער, און טשאַרנע־פּייגע מיט איר גאַסט־פֿרײַנטליכקייט, האָבן צוגעצויגן די פּויערים אין הויף אַרײַן פֿון די ייִדישע קאַוואַליעס.

## דער שלאָסער אַלעקסעי

פּונקט צווישן דער ייִדישער און דער קריסטלעכער קוזניע האָט געוואוינט דער שלאָסער אַלעקסעי. ער איז אויך געווען אַ גרויסער מענטשן־פֿרײַנט. אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ „דעמאָקראַט”. מען האָט געזאָגט, אַז עפּעס איז ער אַמאָל אין אָדעס געווען פֿאַרמישט אַרום דעם „פּאָטיאָמקישן”־אויפֿשטאַנד — געדינט אַלס מאַשיניסט.

אַלעקסעי איז געווען אַ גאָלדענער באַלמעלאָכע, ווען עס איז געקומען צו שלאָסערײַ אָדער קאָמפּליצירטער מאַשינעריע. ווען דער „פּאַראַכאָד” (דאַמף־שיף) בײַם ברעג טײַך פֿלעגט אַמאָל קאַליע ווערן און זײַנע אייגענע מאַשיניסטן האָבן נישט געקענט פֿאַרריכטן די מאַשינעריע, פֿלעגט מען שיקן רופֿן אַלעקסעי׳יען. איינמאָל, ווען ער האָט אויסגעפֿונען פֿאַרוואָס די מאַשינעריע אַרבעט נישט און געוויזן די מאַשיניסטן וואָס צו טאָן און עס האָט געאַרבעט, האָט דער קאַפּיטאַן פֿון דאַמפֿער אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און באַגײַסטערט גערופֿן:

— מאָלאָדיעץ, סאַמי לוטשי אינזשיניער! (וואוילער יונג, דער סאַמע בעסטער אינזשיניער.)

פֿון דעמאָלט־אָן האָט מען אים אין שטעטל גערופֿן „אינזשיניער”.

סײַ די ייִדישע קאָוואַליעס און סײַ די ליאַכאָמסקים פֿלעגן אים געבן פֿאַרריכטן די דעליקאַטסטע מאַשינעריע. פֿון אומעטום פֿלעגט מען קומען צו אים פֿאַרריכטן אַ שלאָס אָדער אַפֿילו צענעמען און צוריק אויפֿשטעלן אַ גראַמאַפֿאָן.

מיר, ייִדישע קינדער, האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט. יעדן פֿאַר ל״ג בעומר פֿלעגן מיר קומען צו אים מאַכן אונדזערע ביקסלעך פֿון שליסלען אָדער שטיקלעך אויסדעליבעטע אײַזנס, צו וועלכע מען פֿלעגט צובינדן אַן אונטערגעהאַקטן טשוואָק. ווען מען האָט אָנגעפֿילט דאָס לעכל פֿון שליסל אָדער עפּענונג פֿון אײַזן מיט פּולווער אָדער אַזאַ פּאַפּירל וואָס האָט פּולווער, פֿאַרפּראָפּקעוועט מיטן טשוואָק, און אָנ־גענומען דאָס שטריקל אינמיט און דערלאַנגט מיטן קעפּל פֿון טשוואָק אַ זעץ אין אַ שטיין, פֿלעגט דער פּולווער אויפֿרײַסן מיט אַ טראַך, אַז פֿענצטער פֿלעגן אַזש קלינגען.

ווען מיר פֿלעגן זיך לאָזן, צוזאַמען מיטן רעבן, אין פֿעלד אַרײַן מיט אונדזערע ביקסלעך און הילצערנע שווערדן און טלומיקלעך מיט באָקסער, פֿײַגן און ראָזשינקעס, פֿלעגן מיר אַלעמאָל פֿאַרבײַגיין אַלעקסעי׳ס שלאָסאַרניע. ער פֿלעגט אַרויסקומען און גוטמוטיק אונדז סאַלוטירן גלײַך ווי מיר וואָלטן געווען זײַן אַרמיי.

אַלעקסעי האָט ליב געהאַט איבערליגן בײַ די ייִדישע קאָוואַליעס און זיך צוגעקלעפּט צו טשאַרנע-פֿייגע׳ן. ער איז געווען אַ בחור אין די יאָרן און קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. ער פֿלעגט ברענגען טשאַרנע-פֿייגע׳ן אַזעלכע קליינע רוסישע ביכלעך, וועלכע זי פֿלעגט פֿאַרבאָרגן לייענען. און אַז איך האָב זי אַמאָל געפֿרעגט, וואָס פֿאַרא מעשׂה׳לעך געפֿינען זיך אין יענע ביכלעך, האָט זי געזאָגט:

— וואַרט, מײַן קינד, ווען דו וועסט אויסוואַקסן אַזוי גרויס ווי איך אָדער אַלעקסעי, וועסטו אויך לייענען אַזעלכע ביכלעך.

די ליאַכאָמסקים פֿלעגן אָפֿט אַ שטעך טאָן אַבֿרהם׳ען, אַז אַלעקסעי שאַרט זיך צו טשאַרנע-פֿייגע׳ן, אָבער אַבֿרהם האָט געוואוסט, אַז זײַן ווײַב האָט אים שטאַרק ליב און אַז אַלעקסעי איז אַן ערנהאַפֿטער מענטש. און ער האָט טאַקע אַליין אויך ליב געהאַט דעם ריזיקן, קרעפּטיקן שלאָסער, וואָס איז געווען מילד און פֿרײַנטלעך צו יעדן איינעם.

### די סטריזשעס פֿון צעקינאָווקע

איינמאָל זיינען אַרײַנגעפֿאָרן צוויי וועגענער מיט פּויערים פֿון צעקינאָווקע, דאָס דאָרף, וואָס ליגט פּונקט אַנטקעגן אונדזער שטאָט סאָראָקי, אויף דער פּאָדאָליער זײַט. זיי זיינען אַריבערגעקומען מיטן פּאַראָם און געוואָלט, אַז די ייִדישע קאָוואַליעס זאָלן פֿאַרריכטןביידע וועגענער און אונטערקאָווען די פֿערד.

דאָס איז געווען דער אַלטער פּויער מאַקסים סטריזש מיט זיינע דרײַ זין און צוויי איידעמס. ווען די זעקס פּויערים זיינען אַרײַנגעפֿאָרן אין הויף אַרײַן פֿון די ייִדישע קאָוואַליעס און צוגעפֿאָרן צום ברונעם, האָט זיי טשאַרנע-פֿייגע אונטערגעטראָגן אַ קוואָרט קאַלטע וואַסער און זעקס צינענע קווערטלעך. דער קליינינקער, אַלטער פּויער מיטן שפּיציגן ציגן-בערדל האָט אויסגעטרונקען אַ קווערטל וואַסער, זיך אָפּגעווישט די וואָנצעלעך און איז אַרײַן אין קוזניע זיך אַרומכאַפּן מיט זײַן אַלטן פֿרײַנט רעב חיים.

מיטאַמאָל זײַנען די ליאַכאָמסקים אַרויס און אָנגעהויבן מאַכן פֿאַרוואורפֿן די יונגע פּויערים, אַז זייער פּלאַץ איז אין אַ קריסטלעכער קוזניע. די יונגע פּויערים זיינען געשטאַנען פֿאַרשעמט און זיך גערויטלט. מיטאַמאָל זיינען מאַקסים׳ס עלטערער זון און איינער פֿון זײַנע איידעמס אַרויף אויף זייערע וועגענער און גענומען אַרויס־קערעווען פֿון יִדישן הויף. די אַנדערע זיינען אַרײַן אין די וועגענער און גענומען אַרויסרופֿן דעם טאַטן פֿון דער יִדישער קוזניע.

דער אַלטער מאַקסים איז אַ צעטומלטער אַרויס פֿון דער קוזניע און די יִדישע קאָוואַליעס און זייער הויז־געזינד נאָך אים. דער אַלטער פּויער האָט אין איין אויגנבליק באַגריפֿן וואָס דאָ קומט־פֿאָר. ער האָט מיט כּעס אַרויסגעריסן פֿון זײַן עלטערן זון׳ס האַנט די בײַטש און זיך צעשריגן ניט מיט זײַן קול:

— קריכט אַרונטער, טײַוולשע קינדער!

די יונגע זײַנען דערשראָקענע אַרונטער פֿון די וועגענער.

דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרייט צו די ליאַכאָמסקים און פֿאָכנדיק מיט דער בײַטש געשריגן:

— טרעט־אָפּ, שוואַרצע מאה! חיים׳צע איז מײַן פֿרײַנט!

דער ריזיגער יאַן ליאַכאָמסקי האָט אַ פֿאָך געטאָן מיט זײַן האַמער און אים אַ שלײַדער געטאָן אין אַלטן מאַקסים. דער האַמער איז פֿאַרבײַ דעם אַלטן און אַ טראַך געטאָן אין פּלויט פֿון דער קערניצע. אויפֿגערודערטע זיינען דעם אַלטנ׳ס פֿינף קינדער און די יִדישע קאָוואַליעס געבליבן שטיין מיט שטיקער אייזן און דראָנגעס פּנים־אל־פּנים מיט די ליאַכאָמסקים. די לופֿט איז פֿאַרגליווערט געוואָרן פֿאַר שרעק.

בליץ־שנעל איז אויסגעוואַקסן טשאַרנע־פֿייגע צווישן ביידע דראָ־ענדיקע צדדים, און זיך ווענדנדיק צו יאַן ליאַכאָמסקי האָט זי אַ בעט געטאָן מיט אירע אויפֿגעהויבענע הענט און צאַרטער שטימע:

— ווי שעמט איר זיך נישט, יאַן פּעטראָוויטש? איך בעט אײַך, דערלאָזט נישט צו קײַן בלוט־פֿאַרגיסונג!

דער ליאַכאָמסקי־עולם האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף צוריק. דער יִדישער צד איז געבליבן שטיין מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם.

אַלעקסעי דער שלאָסער איז אויסגעוואַקסן לעבן טשאַרנע־פֿייגען און זי אַרומגענומען מיט זײַן לינקער האַנט און מיט דער רעכטער געביילטער פֿויסט האָט ער געפֿאָכעט אין דער לופֿטן:

— צעגייט זיך צו אײַערע היימען! וואָס, איר זענט אַרונטער פֿון זינען!?

און ווען ער האָט אַרײַנגעפֿירט טשאַרנע-פּייגע׳ן צוריק אין דער ייִדישער קוזניע, האָט ער גוטברודעריש אַרומגענומען דעם אַלטן רעב חיים׳ען און געזאָגט:

— חיים, אײַער טשאַרנע-פּייגע, איז אַ מלאך אַ גוטהאַרציקער!

— — — — — — — — — — — —

ערגעץ אין טראַנס-דניעסטער, אונטער בערשאַד, פּאָדאָליע, איז פֿאַראַן אַ ברודער-קבֿר פֿון סאָראָקער ייִדן, און צווישן זיי רוט אויך דאָס געביין פֿון מײַן קוזינע, די טײַערע, האַרציקע, טשאַרנע-פּייגע.



# זכריה מאַליער

ער איז געווען אַ פּשוט׳ער הויז־מאַליער (פאַרבער) מיט גרוים טאַלאַנט צו מאָלן לאַנדשאַפטן און פּאָרטרעטן. זײַן טאַלאַנט איז אָבער פאַרלוירן געגאַנגען אין אונדזער שטעטל און נישט געקראָגן די אָנערקענונג, וואָס ער האָט פאַרדינט.

ער איז געווען אַ קליינער, רירעוודיקער בלאָנדער ייִד מיט קליינע רויטלעכע וואָנצעלעך און שטענדיק פאַר׳חלום׳טע ברוינע אויגן אונטערן גרויסן דאַשיק פון זײַן פּוילישן קאַשקעטל; זײַן פאַרוסינענע קאַפּאָטע איז אויף אים געהאַנגען ווי אַ כאַלאַט, און פלעגט פעלכן מיט די פאָלעס ווען ער איז געלאָפן מיט זײַנע פאַרשמירטע שטיוול איבער די פאַרבלאָטיקטע גאַסן.

זײַן געהילף, משה „סלאָן", איז געווען אַ הויכער, געפּאַקטער און מוסקולירטער יונג, מיט אַ רויטן קאַרק און אַ ברייטער ברוסט און קײַלעכדיקער פּלייצע — קיין צווייטער שטאַרקער ווי ער איז נישט געווען. ער האָט אַליין געקאָנט אויפהייבן אַ פולן וואָגן מיט זײַנע פּלייצעס אָדער פאַרקלאַמערטע הענט וואָס זײַנען געווען גרוים ווי צוויי לאָפּעטעס. דערפאַר האָט מען אים גערופן משה „סלאָן" (משה עלעפאַנט).

משה האָט געקאָנט באַווײַזן דעם קונץ פון האַלטן אַן אָנגעשפּאַרטן לייטער אין זײַנע אויפגעהויבענע הענט אינמיטן צימער און זכריה האָט זיך געקאָנט אַוועקשטעלן און מאָלן אַ סטעליע. ער האָט לאַנג געקאָנט האַלטן באַוועגלאָז דעם לייטער און זכריה האָט אים געטרויט.

זכריה האָט זיך נישט געקאָנט אַן עצה געבן אָן משה׳ן. יענער האָט פאַר אים געטראָגן די לייטערס, די עמערס מיט פאַרב און די באַרשטן מיט די פּינדזלען.

משה פֿלעגט שמירן אָדער טינקעווען די ווענט, אויספֿילן מיט פֿאַרב די געציקלטע ליניעס און אָנגעצייכנטע געמעלן אָדער געשטאַלטן וואָס זכריה פֿלעגט פֿאַר אים אָנדייַטן מיט אַ ווייַס אָדער קאָלירט קרייטל.

אין די רייַכסטע און שענסטע הייַזער פֿון שטעטל פֿלעגט זכריה אויסמאָלן גאַנצע לאַנדשאַפֿטן און גערטנער מיט פֿאַרשיידענע בלומען און פֿרוכטן, אָדער הענגען אַ שפּאַליער, אָדער אויסמאָלן אַ סטעליע מיט אַ הענגענדיקן אָוונט-הימל מיט וואָלקנס און שטערן אָדער אַזוי מאַכן אַ גאָלדענעם זוים מיט איניציאַלן בייַ די ברעגן, מיט די ערשטע צוויי אָדער דרייַ בוכשטאַבן פֿון די נעמען פֿון די אייגנטימער פֿון דער הויז.

## די קרוין פֿון זייַן אַרבעט

די קרוין פֿון זכריה'ס אַרבעט זייַנען געווען די געמעלן אין דער גרויסער שול בייַ אונדז אין סאַראָקי. די אָריגינעלע מאָלערייַען אויף די ווענט און דער ריזיקער סטעליע, פֿלעגט מען זאָגן, זייַנען טאַקע געמאַכט געוואָרן פֿון עפּעס אַ באַרימטן איטאַליענישן מאָלער, ווען מען האָט מיט הונדערטער יאָרן צוריק אַריבערגעבראַכט פֿון אָדעס, אָבער זכריה האָט זיי אַזוי איבערגעמאָלן, אַז זיי האָבן געפֿינקלט ווי לעבעדיקע.

די צוויי לייבן, אונטער דער גאָלדענער קרוין איבערן פּרוכת, האָבן געלעבט און געגלאָצט מיט זייערע ברוינע געקרייַזלטע פֿעלן, פֿייַערדיקע אויגן און גאָלדענע צעשויבערטע אויפֿגעשטעלטע האָר אַרום זייערע קעפּ.

אויף ביידע זייַטן פֿון פּרוכת, דאָרט וואו די מיזרח-וואַנט איז געווען מיט די שטעט פֿון די רייַכסטע באַלעבאַטים, זייַנען געווען צוויי ריזיקע פּאַנעלן מיט בילדער. איינע, אַ בילד פֿון גן-עדן מיט עקזאָטישעביימער און בלומען און דעם עץ-הדעת, גרויס און צע־וואַקסן ווי אַ קרוין מיט דער געפֿלעקטער שלאַנג, וואָס טראָגט אונטער אַ רויטן צייַטיקן עפּל אין מויל.

דאָס צווייטע בילד איז געווען פֿון דער מוטער רחל'ס קבֿר, אַ ווייַסער אוהל מיט אַ שטיינערנעם קופּאָל אויף אַ שייד-וועג אינמיטן פֿון אַ מידבר מיט פּאַלמעס און פֿון דערווייַטנס זעט מען אַ ציענדיקן באַלאָדענעם קאַראַוואַן פֿון קעמלען.

אויף די אַנדערע צוויי לאַנגע ווענט, צפֿון און דרום, זייַנען געווען בילדער פֿון די צוועלף שבֿטים מיט די ברכות פֿון יעקבֿ'ן צו זייַנע זין.

אזוי נאַטירלעך און פֿאַרכאַפּנדיק זיַינען געווען אַט די בילדער, אַז אָפֿט פֿלעגט זיך מיר אויסדאַכטן אַז אָט גייען זיי אַרונטער פֿון די ווענט און רינגלען מיך אַרום. פֿאַר דער שלאַנג מיט׳ן עפּל האָב איך שטאַרק מורא געהאַט.

## אַלעניקאָוו׳ם בילד

אין שטאָט פֿלעגט מען דערציילן, ווי אַזוי דער פּריץ אַלעניקאָוו, וועלכער האָט געהאַט אין באַזיץ כּמעט דאָס גאַנצע שטעטל, האָט געהאַט ביַי זיך אין מאַיאָנטעק אַ זעלטענעם פּאָרטרעט פֿון זיך, וואָס אַ באַרימטער פּעטערבורגער מאָלער האָט פֿון אים געמאָלן בשעת זיַין באַזוך אין דער קרוין־שטאָט.

איינמאָל אין אַ גרויסן שטורעם און שלאַקס־רעגן איז דער זאַל, וואו דאָס בילד איז געהאַנגען, פֿאַרפֿלייצט געוואָרן און דער רעגן האָט רואינירט דאָס בילד. די אויגן פֿון דעם פּריץ זיַינען פֿאַרוואַסערט געוואָרן און דאָס געזיכט אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן.

מען האָט דעם פּריץ אַלעניקאָוו׳ן געראָטן רופֿן זכריה׳ן און זען צי קאָן ער ניט פֿאַרפֿאַרבן און אויפֿלעבן דאָס בילד. אין אָנפֿאַנג האָט זיך אַלעניקאָוו קעגנגעשטעלט: וואָס הייסט עפּעס אַ ייִדל, אַ פֿאַרבער, וועט זיך נעמען שמירן איבערן מיַיסטער־ווערק פֿון אַ באַרימטן פּעטערבורגער מאָלער? אָבער אַז די אַדעליקע האָבן אים פֿאַרזיכערט, אַז דער ייִד איז אויסערגעוויינלעך פֿיאַיק, האָט ער נאָכגעגעבן און געשיקט רופֿן זכריה׳ן.

זכריה האָט באַטראַכט דאָס בילד און דעם פּריץ און געזאָגט, אַז ער וואָלט געקאָנט איבערפֿאַרבן דאָס געזיכט, אויב דער פּריץ וועט זיך אַוועקזעצן לעבן בילד און אים לאָזן זיך איַינקוקן אין זיַינע אויגן און געזיכט־שטריכן.

זכריה האָט געבראַכט זיַינע פֿאַרבן און פּינדזלען און אין עטלעכע שעה ציַיט האָט דאָס בילד אויפֿגעלעבט. די אויגן זיַינען געוואָרן דורכ־זיכטיקע, שיַינענדיקע, און דאָס פּנים אָנגעגאָסן מיט חיות.

אַלעניקאָוו און זיַין הויז־געזינד זיַינען געשטאַנען און געשטוינט פֿון דעם קליינעם דאַרן ייִדל, וואָס אַרבעט פֿלינק מיט זיַין פּינדזל און ציט אַרויס קוועלנדיק לעבן פֿון אַן אָפּגעטויט בילד.

דער פּריץ אַלעניקאָוו האָט באַלוינט זכריה׳ן פֿאַר זיַין אַרבעט און צעפּויקט זיַין טאַלאַנט צווישן די אַרומיקע פּריצים.

## דער גאָלדענער זייגער

דעם שענסטן לוין האָט זכריה געקראָגן ווען גלײַך נאָכן קעשע־ניווער פּאָגראָם איז דער נײַער גובערנאַטאָר, פּרינץ אורוסאָוו, געקומען קיין סאָראָקי, אויף זײַן אינספּעקציע־טור, און אײַנגעשטאַנען אין אַלעניקאָוו׳ס מאַיאָנטעק.

ווען אַלעניקאָוו האָט דעם גובערנאַטאָר געוויזן און דערציילט וועגן איבערגעמאָלענעם בילד און דעם זעלטענעם יידישן הויז־מאָלער, איז יענער געוואָרן פֿאַראינטערעסירט און אַרויסגעזאָגט זײַן באַגער צו זען דעם ייִדן.

מען האָט געשיקט רופֿן זכריה׳ן. אין אַלעניקאָוו׳ס קאַבינעט זײַנען געזעסן דער פּריץ און דער גובערנאַטאָר. דער גובערנאַטאָר האָט באַטראַכט דעם ייִדן און געפֿרעגט:

— האָסטו זיך געלערנט אין אַ קונסט־שולע?

— ניין, אײַער עקסעלענץ.

— פֿון זיך אַליין?

— פֿון זען ווי אַנדערע מאָלן און פֿון קאָפּירן פֿון ביכער און זשורנאַלן.

— קאָנסטו צייכענען אַ פּאָרטרעט מיט אַ קאַראַנדאַש (בלײַ־פֿעדער)?

— איך דענק, אַז איך קאָן.

— גוט, נאַדיר מײַן קאַראַנדאַש און דאָ האָסטו אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר. לאָמיר זען ווי דו מאַכסט אַ שנעלע צייכענונג פֿון מײַן פֿיזיאָנאָמיע.

זכריה האָט אַ נעם געטאָן דעם קאַראַנדאַש, אָנגעשטעלט זײַנע קלאָרע אויגן אויפֿן גובערנאַטאָר, גלײַך ווי ער וואָלט אים דורכגע־דרונגען, און גענומען שנעל צייכענען. אין דרײַפֿערטל שעה האָט אויפֿן פּאַפּיר אויפֿגעלעבט דאָס קליינע גובערנאַטאָרל מיט׳ן קײַלעכ־דיקן רויטן געזיכט מיט די בלאָנדע וואָנצעלעך און בלאָנדזשע־בערדל.

דער גובערנאַטאָר איז געווען אַנטציקט. ער האָט אַרויסגענומען זײַן טאַש און גענומען ציילן אַסיגנאַציעס און זיי שטופּן זכריה׳ן. זכריה האָט זיך קעגנגעשטעלט:

— ניין, אײַער עקסעלענץ, נעמט דאָס אָן אַלס אַ מתנה פֿון מיר צום אָנדענק פֿון אײַער באַזוך בײַם הויכגעשעצטן הער אַלעניקאָוו און אונדזער שיינער שטאָט סאָראָקי.

דער גובערנאַטאָר איז געוואָרן גערירט פֿון אַזאַ טאַט און אַרויס־נעמענדיק זײַן גאָלדענעם זייגער פֿון וועסטל געזאָגט:

— און איר, מײַסטער־מאָלער, נעמט אָן אַט דעם זייגער אַלס אַ מתּנה פֿאַר אײַער ווערק וואָס איך וועל מיטנעמען אַלס אָנדענק פֿון אײַער שיינער שטאָט און שיינע מענטשן.

## מײַנע צוועלף שוועלבעלעך

פֿאַר מיר איז זכריה מאָליער געוואָרן דער מכשף וואָס קען ברענגען צום לעבן די שענסטע פֿאַנטאַזיעס.

איינמאָל, איך בין דאַן אַכט יאָר אַלט געווען, האָט דער טאַטע אָנגעדונגען זכריה מאָליער און זײַן געהילף משה „סלאָן" איבערצו־פֿאַרבן אונדזער הויז און אויסצירן און באַשיינען אונדזער זאַל — דעם שפּיגל פֿון אונדזער היים.

זכריה מאָליער איז געקומען צו אונדזער זאַל, באַטראַכט דעם גרויסן צימער מיט די גרויסע פֿענצטער פֿון גאַנצע דרײַ זײַטן, וואו די זון האָט אַ גאַנצן טאָג אַרײַנגעשײַנט און געוואָרפֿן גאָלדענע שטראַלן אויף דער רויטער פּלושענער סאָפֿע, דעם פּאָלירטן גרויסן קליידער־שראַנק מיט דער מעשענער קליאַמקע, דעם לאַנגען שטייענדיקן שפּיגל פֿון דיל ביזן סופּיט מיטן קליינעם טישעלע וואָס האַלט דער מאַמע'ס קעמעלעך און פֿלעשעלעך מיט שמעקנדיקע דופֿטן, דעם טאַטנ'ס שרײַב־טישל מיט'ן קרישטאָלענעם טינטערל און צוויי שוואַרצע שרײַב־פֿענדלעך מיט די פֿאַנירטע שיפֿלאָדלעך וואָס האַלטן זײַנע בריוו און פּאַפּירן. נאָכדעם ווי ער האָט דאָס אַלץ באַקוקט, האָט ער געפֿרעגט דעם טאַטן וואָס פֿאַר דעקאָראַציעס אָדער „אוזאָרן" ער וואָלט וועלן אויף די ווענט און דער סטעליע.

בשעת דער טאַטע מיט דער מאַמען און זכריה מיט משה'ן זײַנען געשטאַנען און זיך גע'עצה'ט וואָס צו טאָן, בין איך געבליבן שטיין אינמיטן זאַל מיט'ן פֿאַרריסענעם קאָפּ צו דער סטעליע און זיך געוואונדערט צוליב וואָס מען דאַרף גאָר איבערפֿאַרבן אַזאַ קלאָרע געלבלעכע סטעליע. קוקנדיק אַזוי און כאַפּנדיק אַ בליק דורכן אָפֿענעם פֿענצטער האָב איך דערזען ווי אין בלאָען הימל צווישן די וואָל־קענדלעך, ווי בערגלעך שניי, איז פֿאַרבײַגעפֿלויגן אַ שפּילעווודיקע מענגע שוועלבעלעך וואָס האָבן געשוועבט אין צוויי שערענגעס מיט אַן אָנפֿירער אין דער שפּיץ. איך האָב אָנגעציילט אַ צוועלף שוועל־בעלעך. זיי האָבן זיך געהויבן, זיך געדרייט און געטויכט אַהין און צוריק.

מיטאַמאָל האָט זכריה באַמערקט מײַן נײַגעריקן קוקן אויף דער סטעליע און שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן:

— וואָס וואָלסטו וועלן זען אויף דער סטעליע, דודאַלע?

— אַ בלאָען הימל מיט בערגעלעך שניי און שוועבנדיקע צוועלף שוועלבעלעך!

—ווי כ'בין אַ ייִד, ווי דאָס קינד האָט אַ רײַכע פֿאַנטאַזיע!

— ציפּע, איך וועל אײַך מאַכן אַ בלאָען הימל מיט שוועבנדיקע צוועלף שוועלבעלעך!

און געזאָגט און געטאָן. זכריה האָט פֿאַרמישט בלאָע פֿאַרב מיט ווײַסער און געהייסן משה'ן אָפּשמירן די סטעליע. די סטעליע איז געוואָרן בלאָ ווי דער הימל. אויף מאָרגן האָט זכריה געהייסן משה'ן האַלטן דעם לייטער און ער איז אַרויף מיט אַזאַ בעקעלע אין וועלכן עס זײַנען געשטאַנען קליינע שיסעלעך מיט שוואַרצע, ווײַסע, בלאָע, געלע, גרינע, רויטע און גאָלדענע פֿאַרבן, און גענומען מאַכן בלאָ־ווײַסע וואָלקנדלעך מיט גאָלדענע זוימען. ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע איז זײַן פּינזל געלאָפֿן איבער דער סטעליע. וואָלקנדלעך האָבן גענומען שוועבן. מיטאַמאָל האָבן בלאָ־זײַדענע שוועלבעלעך מיט רויטע העלדז־לעך זיך באַוויזן צווישן די וואָלקנדלעך און אין צווײ רײַען גענומען שוועבן צום פּלאַץ וואו איך בין אַ פֿאַרגאַפֿטער געבליבן שטיין.

דער טאַטע מיט דער מאַמען זײַנען געשטאַנען מיט אָפֿענע מײַלער און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און איך האָב אויסגעשריגן מיט באַ־גײַסטערונג:

— אוי, זיי פֿליען טאַקע ווי לעבעדיקע שוועלבעלעך!

זכריה איז געבליבן שטיין אויפֿן לייטער מיט דעם פּינזל אין דער האַנט און אַ זון האָט זיך צעשטראַלט אויף זײַן ליכטיקן פּנים און דער בלויער הימל פֿון דער סטעליע האָט אויפֿגעלויכטן און זײַנע ברוינע אויגן און די גאָלדענע זוימען פֿון די וואָלקנדלעך האָבן זיך צעשמייכלט אויף זײַנע רויטע וואָנצעלעך:

— אָט האָסטו דיר דײַנע שוועלבעלעך!

דער טאַטע מיט דער מאַמע'ן האָבן מיך אַזש אַרומגענומען פֿאַר פֿרייד. יאָרן לאַנג איז די סטעליע מיט די צוועלף שוועלבעלעך געווען דאָס שײַנדל פֿון אונדזער הויז.

און איך, ווען איך זע נאָך הײַנט צו טאָג אַ בלויען הימל מיט שוועלבעלעך, שמייכלט אויף בײַ מיר אין האַרצן זכריה'ס געזיכט מיט די ליכטיקע אויגן און גאָלדענע וואָנצעלעך.

# משה סאָלדאַט

ער איז געווען דער פּראָצענטניק בײַ אונדז אין שטעטל. קינד און קייט האָבן פאַר אים מורא געהאַט און שונאים פלעגן זיך שעלטן מיט זײַן נאָמען:

— זאָלסט דאַרפן אָנקומען צו משה סאָלדאַט!

— זאָלסט אַרײַנפאַלן אין משה סאָלדאַט'ס הענט!

וואו אַ שטיקל בעט-געוואַנט, אַ זילבערנע אָדער גאָלדענע כּלה-צירונג, אָדער דרשה-געשאַנק, איז עס געלעגן בײַ משה סאָלדאַט ערגיץ אין זײַנע קאַמאָדן און סקלעפּן פון קעלער, פאַרשלאָסענע און באַריקאַדירטע הינטער די ווענט פון זײַן אײַנגעפאַלענעם מויער.

ער איז געווען זייער רײַך, אָבער אַזוי קאַרג, אַז זײַן ציגעלנע געבײַדע און בלעכערנער דאַך זײַנען געוואָרן אײַנגעפאַלן און צעבראָכן און ער האָט זיי פאַר יאָרן נישט רעמאָנטירט. ער אַליין און זײַן ווײַבל בינקע די „סאָלדאַטקע", זײַנען געגאַנגען אין שמאַטעס און געטראָגן צעריסענע קאַלאָשן אָנשטאָט שיך.

צוליב זייער האַרצלאָזיגקייט און קאַרגשאַפט האָבן זיי זיך קיינ-מאָל נישט באַוויזן פאַר לײַטן. זיי האָבן אויסגעמיטן מענטשן און האָבן זיי פײַנט געהאַט. מען האָט גערעדט אין שטאָט אַז בײַ אים דאָרטן ליגן אוצרות און ער רײַסט אַ גרויסן פּראָצענט פון די אומ-גליקלעכע וואָס מוזן אָנקומען נאָך אַן הלוואה. אַחוץ דעם פּראָצענט האָט ער נאָך געפאָדערט ווערטפולע משכּנות. נישט איין אידענע האָט בײַ אים אײַנגעלייגט איר צירונג אָדער זילבערנע לײַכטער.

ער איז געווען האַרצלאָז אַפילו ווען אַ אידענע איז געקומען זיך בעטן איר געבן צוריק אירע לײַכטער ביז איבער שבת. דער בית דין האָט נישט איינמאָל געמוזט אים צווינגען צו פירן זיך לויטן אַלטן

דין, אַז זאַכן וואָס זײַנען אומבאַדינגט נויטיק אויף שבת אָדער יום־טובֿ זאָלן אומגעקערט ווערן צום אייגנטימער ביז נאָך הבֿדלה.

משה סאָלדאַט האָט פֿאַר קיינעם נישט מורא געהאַט. אַפֿילו די דיינים (דאַיאָנים) פֿלעגן צו אים אָנקומען נאָך אַ הלוואה און זיך צו אים חנפֿ'נען.

## געראַדעט פֿון היץ...

מײַן טאַטע פֿלעגט ליב האָבן צו דערציילן אַט די מעשׂה וועגן משה סאָלדאַט:

איינמאָל איז משה סאָלדאַט אַזוי קראַנק געוואָרן, אַז די דאָק־טוירים האָבן שוין אויפֿגעגעבן אַלע האָפֿענונגען אים צו ראַטעווען. האָט משה סאָלדאַט געשיקט רופֿן דעם רבֿ און די שענסטע באַלעבאַטים פֿון שטעטל און זיי אַזוי געזאָגט:

— רופֿט צונויף אַלע ייִדן אין דער גרויסער שול און זאָל מען פֿאַר מיר זאָגן תהילים. אויב איך וועל געזונט ווערן גיב איך טויזנט רובל פֿאַר אָרעמעלײַט.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ טומל. מען האָט אָנגעפּאַקט די גרויסע שול, און אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהילים.

אַ נס איז געשען און משה סאָלדאַט איז טאַקע געזונט געוואָרן. ווען ער איז שוין געקומען צו זיך און אַרומגעגאַנגען אין הויז, זײַנען



דער רבֿ און די שענסטע באַלעבאַטים פֿון שטעטל געקומען אים מבֿקר־חולה זײַן און טאַקע אײַנקאַסירן די טויזנט רובל. ווען משה סאָלדאַט האָט דערהערט נאָכוואָס זיי זײַנען געקומען, האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און זיך געוואונדערט:

— וואָס, איך האָב צוגעזאָגט טויזנט רובל פֿאַר אָרעמעלײַט? איך גלויב דאָס ניט. איר זאָגט דאָך אַז איך בין געלעגן אין דער גסיסה. נו, כ'האָב מסתמא דאַן גערעדט פֿון היץ...

און די טויזנט רובל פֿאַר אָרעמעלײַט האָט ער טאַקע נישט געגעבן.

## ער האָט מורא פֿאַר מײַן זיידן

בלויז פֿאַר מײַן זיידן, אהרן־אנשל, און זײַנע בנים האָט משה סאָלדאַט מורא געהאַט. דער זיידע איז געווען דער ראש פֿון דער חבֿרה־קדישא און זײַנע בנים די שטאַרקסטע נושׂאי־המיטה.

ווען עמיצער איז זיך געקומען באַקלאָגן צום זיידן אויף משה סאָלדאַטס רציחות און בעטן בײַם זיידן עפּעס טאָן, פֿלעגט דער זיידע אַוועקלייגן זײַן שנײַדערײַ און אַוועקגיין צו אים אין זײַן באַריקאַדירטן מויער.

משה סאָלדאַט פֿלעגט אים זייער העפֿלעך אויפֿנעמען און זײַן האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז רעב אהרן־אנשל איז געקומען אים מוסר'ן און צווינגען עפּעס טאָן.

דער זיידע פֿלעגט אויף זײַן געלאַסענעם אופֿן פֿאַרברענגען די בקשה פֿון דעם קרבן און לאָזן משה'ן האַנדלען. אַז דער „סאָלדאַט" האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און נישט געוואָלט נאָכגעבן, פֿלעגט דער זיידע ווערן בייז און וואָרענען:

— איך וועל דיך, משה, נישט אַרויפֿלאָזן אויפֿן בית־עולם!

— איך וועל דיך נישט לאָזן ליגן צווישן ייִדן!

אַזוי האָבן מײַן זיידע און זײַנע בנים ניט איין ייִדן אָדער ייִדענע אַ טובֿה געטאָן.

## ביילע די אלמנה

אײַן פֿאַל וועל איך קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס איך בין געקומען פּנים־אל־פּנים מיט משה „סאָל־דאַט" און זײַנע טועכצן.

איינמאָל אין אַ פֿרײַטאָג פֿאַרנאַכט, פֿאַר ליכט בענטשן, ווען מײַן טאַטע און מיר דרײַ, זײַנע בנים, זײַנען אַהיימגעקומען פֿון דער הייסער

באַד אָנגעשוויצטע און זיך געזעצט טרינקען הייסע טיי, איז מיט אַ יעכץ אַריין צו אונדז ביילע די אַלמנה:

— רעב יאָסל, שטעלט זיך איין פֿאַר מיר. משה סאָלדאַט וויל מיר נישט געבן מיינע לייכטער ביז איבער שבת און מיינע מחותּנים פֿון מאַרקולעשט זיינען געקומען אויף שבת, וואָס זאָל איך טאָן? ווי קען איך זיך שטעלן בענטשן ליכט? עס איז דאָך אַ ווייטאָק און אַ שאַנדע!

דער טאַטע האָט געוואוסט אַז דאָס וואָס זי וויל, איז, אַז ער זאָל גיין פּועל'ן ביי משה סאָלדאַט איר געבן די לייכטער ביז איבער שבת. אַ מידער האָט דער טאַטע אַ קרעכץ געטאָן. עס איז געווען שווער נאָך אַ לאַנגער וואָך אַרבעט און אויסגעפּאַריטן אין באַד זיך איבערטאָן און גיין אַרונטער צום מאַרק זיך קריגן מיט משה סאָלדאַט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען און אַז ער האָט דערזען טרערן שטייען אין אירע אויגן האָט ער שוין געוואוסט אַז ער מוז. ער האָט זיך פֿאַרטראַכט און מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— גיי, דוד'ל אַריבער צו משה סאָלדאַט און קלאַפּ אָפּ אין זיין טיר. זאָג אים אַז דו קומסט מיט אַ שליחות פֿון יאָסל אַהרן־אַנשל'ס. אויב ער וועט דיך פֿרעגן אין וואָס באַשטייט די שליחות, זאָג אים נית ביז ער וועט נישט עפֿענען די טיר און דו וועסט זיין אינעווייניק. דעמאָלט זאָלסטו אים זאָגן, אַז „דער טאַטע האָט אייך געהייסן געבן צוריק, ביז איבער שבת, די לייכטער פֿון ביילע די אַלמנה!"

טאָמער שפּאַרט ער זיך איין און וויל נישט געבן זאָג אים מיטן האַרבן וואָרט, אַז אויב דער טאַטע וועט מוזן אַליין קומען וועט זיין ערגער...

## אין משה סאָלדאַט'ס מויער

איך בין אַוועק צו משה סאָלדאַט און אָנגעקלאַפּט אין דער גרויסער שווערער הילצערנער טיר מיט די אייזערנע פּרענטעס. דאָס שלייכן פֿון גומענע קאַלאָשן אויף באַרוועסע פֿיס האָט זיך דערהערט און מיט אַמאָל האָט משה סאָלדאַט'ס הייזעריקע שטימע אָפּגעהילכט:

— ווער איז דאָרטן, און וואָס ווילט איר?

— איך בין יאָסל־אַהרן־אַנשל'ס עלטערער זון און איך קום צו אייך מיט אַ שליחות פֿון טאַטן.

— וואָס וויל ער, דיין טאַטע.

— עפֿנט מיר די טיר און לאָזט מיך אַריין, וועל איך אייך זאָגן.

ער האָט עפּעס דאָרטן מיט כּעס געוואָרטשעט צו זיך און אָנגע־הויבן אַרויסשלעפּן די אײַזערנע פֿאַררוקערס פֿון די פֿרעגנטעס.

איך בין אַרײַן אין אַ פֿינצטערן אַלקער פֿאַרשטעלט מיט קאַסטנס און ראַגאָזשע קוישן.

אין פֿאָדערצימער איז געשטאַנען זײַן ווײַב כינקע, אַ באָרוועסע, און צוגעגרייט אירע לײַכטער צום בענטשן.

— נו, וואָס וויל דײַן טאַטע?

— דער טאַטע האָט מיר געהייסן אײַך זאָגן, אַז איר זאָלט אים גלײַך געבן ביילע דער אַלמנה׳ס לײַכטער ביז איבער שבת!

משה סאָלדאַט׳ס פּנים איז געוואָרן רויט פֿון רציחה און זײַן הייזעריקע שטימע האָט גענומען קווײטשען:

— גיי, זאָג דײַן טאַטן ער זאָל זיך נישט מישן אין מײַנע געשעפֿטן. איך מיש זיך נישט אין זײַנע שנײַדערשע געשעפֿטן!

— דער טאַטע האָט מיר געהייסן זאָגן מיטן האַרבן וואָרט, אַז טאָמער דאַרף ער אַליין קומען וועט זײַן ערגער!

— אוי, אַ ווייטאָק איז מיר, משה, גיי גיב אים די לײַכטער און הויב זיך נישט אָן מיט אַהרן־אַנשל׳ס בּנים! — האָט כינקע אויס־געשריגן מיט שרעק און צוגעלאָפֿן מיט בעטנדיקע הענט צו איר מאַן.

משה סאָלדאַט האָט אַ קרעכץ געטאָן ווי אַ קראַנקער, ווען מען פֿאַרקעט בײַ זײַנע נאַקעטע וואונדן:

— איך גיי, איך גיי.

און ער איז אַרײַן אין אַ צווייטן צימער אונטער זייער אַ שווערער טיר, וועלכע ער האָט אויפֿגעריגלט מיט אַ שליסל און איז באַלד אַרויסגעקומען מיט צוויי לײַכטער אין אַ בלויער געפֿינטלטער פֿאַטשיילע.

— זאָג דײַן טאַטן, אַז איך האַלט אים בײַם ערן־וואָרט, אַז אם־ירצה־השם, זונטיק פֿרי, קריג איך זיי צוריק.

איך האָב געכאַפּט די לײַכטער און בין געלאָפֿן אַהיים. ווען איך בין אַרײַן צו אונדז אין הויז און ביילע די אַלמנה האָט דערזען איר פֿאַטשיילע מיט די לײַכטער האָט זי זיי אַ כאַפּ געטאָן פֿון מײַנע הענט און זיי געדריקט צום האַרצן:

— אוי, מײַן מאַמעס לײַכטער!

די מאַמע ציפּע האָט אויף איר געקוקט מיט טרערן אין די אויגן.

דאָ האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן:

— ביילע, טײַערע, וואַרט נאָר צו אַ מינוטקעלע.

דער טאַטע איז אַרונטער אין קעלער און אַרויפֿגעבראַכט אַ פֿלאַש רויטן פֿינקלענדיקן ווײַן.

— ביילע, גייט אַהיים און שטעלט אויף אײַער שבת-טיש אָט דעם רויטן ווײַן. ליב אײַך מיט אײַערע געסט!

ביילע האָט אַ כאַפּ געטאָן די בלויע פֿאַטשיילע מיט די לײַכטער אין איין האַנט און די פֿלאַש מיט ווײַן אין דער אַנדערער האַנט און איז אַרויס אינדרויסן, לויפֿנדיק אין דער מיט פֿון גאַס.

די צאַנצנדיקע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָבן זיך געשפּילט אין דער רויטער פֿלאַש ווײַן און דער געלער באַבלימלטער שאַל איבער אירע אַקסלען האָט געפֿעלכט אין אָוונטיקן ווינטעלע.

זי איז געלאָפֿן און צעפּויקט איבער די ערבֿ-שבת'דיקע גאַסן:

— אוי, ייִדן, אַ גליק האָט מיך געטראָפֿן!

# ציניקל און אַניוטאַ

ער איז געווען אונדזער שטאָט-משוגע'נער, און זי זײַן באַשערטע. געהייסן האָט ער בן-ציון, אָבער אַלע האָבן אים גערופֿן ציניקל. איר יידישער נאָמען איז געווען חנה, אָבער מען פֿלעגט זי רופֿן אַניוטאַ.

פֿון וואַנען ער האָט זיך גענומען, האָט קיינער נישט געוואוסט. מען ווייסט נאָר, אַז איינמאָל אַ דאָנערשטיק בײַנאַכט האָט ער זיך באַוויזן אין דער שטאָטישער באָד און דער רויטער בעדער האָט אים מקרבֿ געווען.

אַ בייזער ייִד איז געווען דער רויטער בעדער און אַלע האָבן פֿאַר אים און זײַן מיאוס'ן מויל מורא געהאַט. קיינער האָט נישט געקענט אַזוי שילטן ווי ער. „שיינע באַלעבאַטים" האָבן אויסגעמיטן אַרײַנ-צופֿאַלן אין זײַן מויל.

נאָר אַז בעטלער אָדער אָפּגעריסענע קבצנים פֿלעגן קומען זיך באָדן, פֿלעגט דער רויטער בעדער מילד ווערן און עפּעס אַ מאָדנע טרויעריגקייט און צערטלעכקייט פֿלעגט אַרויסשטראָמען פֿון אים.

ווען די „שיינע באַלעבאַטים" האָבן פּראָטעסטירט, אַז די בעטלער און „אורחי-פורחי" פֿאַרלײַזיקן די באָד, האָט דער בעדער אײַנגעפֿירט דעם מנהג פֿון אָנהייצן די באָד דאָנערשטיק, שפּעט בײַנאַכט, נאָכדעם ווי די נשים פֿלעגן אַהיימגיין, פֿאַר די בעטלער און די אָפּגעריסענע קבצנים. ער פֿלעגט אַרויסשטעלן אַ לאָמטערן אינדרויסן בײַם אַרײַנ-גאַנג צו דער באָד, און דאָס איז געווען אַ סימן פֿאַר די אָרעמעלײַט, אַז זיי קענען שוין גיין אין באָד אַרײַן.

ער אַליין פֿלעגט דאַן זיך אויך באָדן און רײַבן אַ פּלייצע צווישן זײַנע אָנגעלעגטע געסט. דערפֿאַר פֿלעגט מען זאָגן, אַז דער רויטער בעדער האָט אַמאָל אויך געדאַרפֿט זײַן אַ בעטלער, וועלכער האָט „אָנגעקליבן אַ פֿאַרמעגן" און אויף דער עלטער זיך באַזעצט אין דער באָד.

### גענוג געוואַנדערט

ווען דער רויטער בעדער האָט יענעם דאָנערשטיק ביינאַכט אַרייַנגעלאָזט אין באָד אַרייַן דאָס בינטל בעטלער און קבצנים און דערזען דאָס בלאַסע איידעלע געזיכט און די פֿייַערדיקע אויגן פֿון דעם שלאַנקן בחור מיט די לאַנגע פּאות און אין צעריסענע בגדים, האָט ער מיט נייַגיר אַ פֿרעג געטאָן:

— ווי רופֿט מען דיך, קינד מייַנס?

— בן-ציון.

— פֿון וואַנען?

— וואָס איז די נפֿקא-מינה?

— דאָך?

— מכּל פּינות הארץ.

— קיין משפּחה?

— אין מוח דער טאַטע, אין הארצן די מאַמע, און אין די בלוטן דער אומרו, כאַ-כאַ-כאַ!

און זייַן ווילדער געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען אין דער סטעליע און דער אויבערשטער באַנק פֿון דער באָד.

איינער פֿון די בעטלער האָט אויסגעשריגן:

— משוגע אויפֿן גאַנצן קאָפּ!

דער רויטער בעדער האָט זיך אויף אים צעשריגן:

— אָפּגעריסענער נאַר! שטיל זאָל זייַן! גיי טונק זיך אונטער!

און דער רויטער בעדער האָט בן-ציון'ען אַוועקגעפֿירט אין אַ ווינקל, אים אַוועקגעלייגט אויף דער נאַסער וואַרעמער באַנק און אים אָנגעזייפֿט און צערטלעך אויסגעריבן יעדעס ביינדל און געזאָגט:

— גענוג געוואַנדערט, מייַן קינד, בלייַב דאָ ביי אונדז, און עס וועט דיר וואויל זייַן.

פֿון דאַמאָלט-אָן איז ציניקל געבליבן וואוינען אין דער באָד אויף דער הילצערנער נאַרע איבערן גרויסן וואַרעמען אויוון. אינדערפֿרי און אין אָוונט פֿלעגט ער איבערליגן אין דער טרעגערישער שול, און אַ גאַנצן בייַטאָג פֿלעגט ער גיין איבער די הייַזער און בעטלען נדבֿות.

### ווען פֿאַלט אויס שׂמחת-תּורה?

ציניקל'ס גרעסטער קונץ איז געווען צו טרעפֿן, ווען יעדער יום-טובֿ, דורכן יאָר, פֿאַלט-אויס. ער האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן זכּרון און פֿלעגט זייער אָפֿט אויס'חזר'ן די ענטפֿערס פֿון דעם קליינעם לוח'ל

און בענטשעריל, וואָס ער האָט געטראָגן אין זײַן בוזים־קעשענע. אַלע האָבן באַוואונדערט זײַן וויסן און נאָך מער דאָס זמר׳ל און טענצעלע, מיט וועלכן ער פֿלעגט באַגלייטן זײַנע ענטפֿערס:

שמחת־תּורה, האָפּעניו,
מיטן פֿיסעלע קלאַפּעניו!
אָדער
ל„ג־בעומר, ביקסעלע,
באָקסער און ניסעלע!

ווען קינדער פֿלעגן אים נאָכלויפֿן און זיך מיט אים רייצן, פֿלעגן די טרעגער זײַ צעטרײַבן און אים אַרײַנפֿירן אין דער טרעגערישער שול, זיך אַרומזעצן אַרום אים און זיך צוהערן צו זײַנע רייד. עפּעס פֿלעגט ער גאָר דאַן רעדן צו זיי ווי אַ לערער צו תּלמידים, און ער האָט געהאַט אַ סך וויסן. און די טרעגערישע שול איז טאַקע געוואָרן זײַן היים. ער פֿלעגט דאָרטן איבערליגן טאָג און נאַכט. אינדערפֿרי, ווען ער פֿלעגט דאַווענען שחרית פֿלעגן די טרעגער, וואָס אַרבעטן אַרום די בעקערײַען, אים ברענגען פֿרישע בייגל אָדער צוקער־לעקעכלעך און צו מינחה און מעריב — אַ בולקעלע אָדער אַ ברויטל.

דער שמש, רעב אַלטער, האָט אויף אים שטענדיק אַכטונג גע־געבן, אַז קיינער זאָל זיך צו אים ניט טשעפּען. פֿון אַלע אַנדערע קלויזן און שולן אין שטאָט פֿלעגט מען ציניקל׳ען טרײַבן, אָבער ניט פֿון דער טרעגערישער שול און אויך ניט פֿון דעם טאָלנער חסידים־שטיבל, וואו דער פֿעטער לייב, דער שוחט, איז געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער.

### אין חסידים־שטיבל

איינמאָל ווען אַ גרופּע לערנער מיטן פֿעטער לייב בראש איז געזעסן און מיט אַ זמר עפּעס געלערנט, איז ציניקל אַ שטראַליקער און פֿאַרזיכטיקער אַרײַנגעקומען. עמעצער, וואָס האָט אים דערזען, איז אים געלאָפֿן אַנטקעגן און געוואָלט אַרויסשטופּן, טאָמער וועט ער שטערן.

דער פֿעטער לייב האָט אים אָפּגעשטעלט:

— ניטע, לאָזט אים אַרײַן, ער איז אַ תּלמיד, אַ קענער.

אַלע זײַנען געבליבן נשתּומם:

— ציניקל, אַ תּלמיד, אַ קענער?

— יאָ, רבותי, אַ בן־תּורה, אַ געשטראָפֿטער עילוי.

און דער פּעטער לייב האָט דערציילט אַז איינמאָל בשעת ער איז געשטאַנען אין דער שניידערשער שול און זיך געאַמפּערט מיט זײַן ייִנגערן חבֿר, אַבֿרהם שוחט, עפּעס וועגן אַ שווערן ענין, איז ציניקל שטילערהייט אונטערגעקומען, זיך אײַנגעהערט און מיטאַמאָל אַרויס־געזאָגט דעם גאַנצן פּרק אויסנווייניק. ווען זיי האָבן אים געוואָלט פֿאַרוואָרפֿן מיט פֿראַגן, איז ער נעלם־געוואָרן מיט אַ געלעכטער.

פֿון דעמאָלט־אָן האָט מען געקראָגן דרך־ארץ פֿאַר ציניקל'ען אין דעם טאָלנער שטיבל און ער איז דאָרט געוואָרן אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

## אַניוטאַ פֿון קאָסטיזשען

איינמאָל אין אַ מיטוואָך בײַטאָג האָט ציניקל זיך באַוויזן פֿאַרן רויטן בעדער און געפֿירט בײַ דער האַנט אַ צעפּודלט בלאָנד מיידל אין שמאַטעס און מיט אַרונטערגעלאָזטע פֿאַרווייִנטע אויגן. ער האָט בעטנדיק אַרויסגעשטאַמלט:

— זי האָט נישט קײַן היים. איך וויל זי פֿאַר אַ ווײַב.

דער רויטער בעדער איז בלאַס געוואָרן, דאָס בלוט איז אים אַנט־רונען פֿון געזיכט.

— טאָכטער, פֿון וואַנען קומסטו?

— פֿון קאָסטיזשען, — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ געלעכטערל, און אירע אויגן זײַנען שעלמיש געוואָרן.

דער רויטער בעדער איז פֿאַרציטערט געוואָרן. ער האָט געוואוסט, אַז אין קאָסטיזשען געפֿינט זיך דער אַנשטאַלט פֿאַר גײַסטיקע קראַנקע.

גראַדע איז דאַן געווען בײַ אים אַלטער, דער שמש פֿון דער טרעגערישער שול. דער רויטער בעדער האָט זיך צו אים געקערט:

— רעב אַלטער, וואָס טוט מען? אפֿשר האָט זי פּליטה־געמאַכט פֿון קאָסטיזשען, און מיר וועלן נאָך אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון נאַטשאַלסטווע?

רעב אַלטער האָט אָנגעשטעלט זײַנע גרויסע מילדע אויגן אויפֿן פּאָר־פֿאָלק, וואָס האַלט זיך בײַ די הענט. ער האָט זיך געגלעט די לאַנגע גראָע באָרד און שטיל אַרויסגעזאָגט:

— אַ זיווג מן השמים. מיר וועלן זיי חתונה־מאַכן אין דער טרעגערישער שול.

## די חתונה

יענע אָרעמאַנסקע חתונה האָט אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער געגנט. קצבים האָבן געבראַכט פֿלייש און עוף, בעקער האָבן געבאַקן ברויט און לעקעך, און אַרקע ווײַנשענקער האָט מנדב געווען צען אָקעס ווײַן. מרים די סאַרווערין האָט איבערגענומען די גרענדע און געמאַכט אַ גילדענע יויך מיט פֿאַרפֿעלעך און אַליין געבאַקן אַ מלכות־ברויטל, וואָס מען האָט געהאַלטן איבער דער טיר פֿון דער שול, בשעת מען האָט אַרויסגעפֿירט חתן־כּלה.

דער רויטער בעדער און רעב אַלטער שמש האָבן גענומען אונטער־פֿירעכטס און דער פֿעטער לייב שוחט, דער חזן, איז געווען דער מסדר־קידושין.

לייזער קלעזמער האָט געבראַכט נאָך פֿיר קלעזמאָרים און די פֿינף האָבן אַזוי אַרײַנגעריספּערט, אַז די טרעגערישע שול איז גע־גאַנגען כאַדאָראָם פֿון דעם טומל, און די טרעגערישע קלעפּ פֿון די שטיוואַלעס האָבן שיעור נישט צעבראָכן דעם דעמבענעם דיל.

דער רויטער בעדער האָט אָוועקגעגעבן אַ צימער פֿון זײַן הויז פֿאַרן נײַעם פּאָר־פֿאָלק, וואָס פֿלעגט זיך שטענדיק פֿירן פֿאַר די הענט און גיין אין די הײַזער צוזאַמען.

# „טאַטאַלע"

אונדזער פֿעטער לייב איז געווען איינער פֿון די צוויי באַליבסטע חזנים און בעלי־תּפֿילות ביַי אונדז אין שטעטל, און ביידע זיַינען געווען אויך שוחטים — לייב שוחט און אַבֿרהם שוחט.

דער פֿעטער לייב איז געווען אַ רויטלעכער מיטלוואוקסיקער זקן מיט אַ שיינער גאָלדענער באָרד ווי קוקורוזע־צויטן. אַבֿרהם שוחט איז געווען אַ יונגער, הויכער און שטאַלטנער ברונעט מיט אַ קליין שוואַרץ קאַמעץ־בערדל.

ווי פֿאַרשיידן זיי זיַינען נישט געווען אין יאָרן, וואוקס און אין אויסזען, זיַינען זיי דאָך געווען ענלעך אין גיַיסט און אין נוסח־חסידות. זיי האָבן ביידע מער געזאָגט ווי געזונגען, כאָטש ביידע האָבן געהאַט זיסע צערטלעכע שטימען. זייער פּירוש־המילות איז געווען אָנגע־פּיקעוועט מיט יִדישלעכן קנייטש, טיַיטש און חן.

דער פֿעטער לייב האָט געדאַוונט אין דער סקווערער שול און אַבֿרהם שוחט אין אונדזער שניַידערשער שול. די גרויסע שול און די דיַיטשע שול האָבן אפֿשר פֿון ציַיט־צו־ציַיט געהאַט גרעסערע און באַרימטערע גאַסט־חזנים, מען פֿלעגט אָבער פֿון אומעטום קומען הערן די שוחטים.

לייב שוחט איז געווען מיַין טאַטנ'ס אַ פֿעטער און מיר אַלע קינדער האָבן אים אויך גערופֿן פֿעטער. אַלעמען פֿלעגט ער רופֿן ביַים נאָמען און בלויז מיך פֿלעגט ער רופֿן „טאַטאַלע". עפּעס אַזאַ צערטלעכע ליבלעכקייט פֿלעגט זיך צעגיסן אויף זיַין געזיכט ווען ער פֿלעגט מיך פֿרעגן:

— נו, וואָסזשע מאַכסטו, טאַטאַלע?

קינדוויַיס האָב איך נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס ער צערטלט זיך אַזוי אַרום מיר, אָבער שפּעטער, ווען איך בין אויסגעוואַקסן, האָב איך

אויסגעפֿונען אַז איך בין אַ נאָמען נאָך דעם פֿעטער לייב׳ס טאַטן, דעם וואַנדערנדיקן פּאָדאָליער חזן און חסיד, וועלכער האָט אָפּגעריכט גלות אין די רבי׳אישע הויפֿן פֿון פּאָדאָליע און וואָלין, דודי דועוועצער.

## מיטן רבינ׳ס וואַנדער־שטעקן

מײַן זיידע אַהרן־אַנטשל און זײַנע בנים פֿלעגן דערציילן אַזאַ מעשׂה וועגן עלטער־פֿעטער דודי דועוועצער. איינמאָל ווען ער איז אַרויסגעטראָטן בײַם מעזשבישער רבי׳ן אין שול, אין דער זעלבער שול וואו עס שטייט דעם בעשט׳ס הייליקע שטול, און געדאַוונט פֿאַרן עמוד, האָט ער זיך אַזוי צעוויינט בשעת׳ן דאַווענען, אַז אַלע חסידים זײַנען דערשטוינט געוואָרן און דער רבי אַליין איז צוגעגאַנגען צום עמוד און דודי׳ן אַרומגענומען:

— דודי טײַערער, זײַ זיך ניט מצער. הויב אויף דײַן שטימע און זינג אַ לויב און דערפֿרייי די הערצער פֿון די מתפּללים!

דודי האָט פֿאַרגעזעצט דאָס דאַווענען און זײַן קלינגעוודיקע שטימע האָט אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער שול און דערהויבן די חסידים צו עקסטאַז און אַנגעפֿילט דעם רבינ׳ס געזיכט מיט לויטער־קייט.

נאָכן דאַווענען האָט דער רבי געשיקט רופֿן דודי׳ן און זיך מיט אים פֿאַרשפּאַרט אין זײַן חדר־מיוחד. דער רבי האָט דורכגעדרינגען דעם חזן מיט זײַנע טיפֿע פֿאַרשנדיקע אויגן און געזאָגט:

— זאָג, דודי, וואָס עס דריקט דײַן האַרץ.

— ס׳איז מיר ענג דאָ, רבי, עס ציט מיך אין דער וועלט אַרײַן!

דער רבי האָט אַ שמייכל געטאָן און נעמענדיק זײַן שטעקן, וועלכער איז געשטאַנען אַנגעשפּאַרט אין זײַן שטול, געזאָגט:

— נאַדיר, דודי, מײַן שטעקן, און גיי דיר דײַן וואַנדער־וועג. און זאָל דײַן גאָלדענע שטימע דערקוויקן די הערצער פֿון די ייִדן אין גלות.

## אויף מײַן ברית

מען האָט דערציילט אַז אויף מײַן ברית איז דער פֿעטער לייב געוואָרן בגילופֿים און געטאַנצט אויף טיש און אויף בענק. און אַז ער האָט דערהערט ווי אַזוי איך האָב זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט און געגוואַל־דעוועט האָט ער זיך פֿריידיק פֿאַנאַנדערגעזונגען און אָנגעזאָגט דער וועלט:

— ייִדן, עס וואַקסט אַ מנגן וואָס וועט עפֿענען די שערי שמים!

פֿון קינדוויַיס געדענק איך ווי אַזוי יעדן גאַנצפֿרי פֿלעגט דער פֿעטער לייב קומען צו אונדז אין הויז אַרײַן, צוגיין צו מײַן בעטל, אַרײַנשטעקן זײַן גאָלדענע באָרד, אַרונטערלייגן אונטער מײַן קישן אַ פּריש־געבאַקענעם וואַרעמען בייגל און זאָגן:

— אַ גוט־מאָרגן, טאַטאַלע.

ווען מען האָט מיך אָפּגעגעבן אין חדר איז דער פֿעטער לייב געווען דער איינציקער פֿון דער פֿאַמיליע וואָס איז יענעם טאָג גע־קומען זען וואָס איך טו. איך בין אַ דערשראָקענער געזעסן צווישן דער כאַפּטע קליינוואַרג און נאָכגעשריגן די ווערטער וואָס פֿלעגן אַרויסקומען פֿון רבי'ן.

ווען דעם פֿעטער לייב'ס גאָלדענע באָרד האָט זיך אַרײַנגעשטעקט אין דער טיר איז דער רבי אויפֿגעשטאַנען, זיך אויף שנעל צוגעשפּי־ליעט די הויזן און אַרײַנגעשטעקט דעם טלית־קטן:

— מיט וואָס קען איך אײַך דינען, רעב לייב?

— איך בין געקומען זען וואָס מײַן טאַטאַלע טוט.

דער פֿעטער איז צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

— זײַ מצליח, טאַטאַלע.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין שוין געווען אַ תּלמוד־תּורה־ייִנגל, ווען איך פֿלעג פֿאַרבײַגיין די סקווערער שול און הערן דאָס קלינגען פֿון פֿעטער לייב'ס שטימע, בשעת ער האָט געלערנט אַ שיעור מיט זײַנע פֿרײַנד און חסידים, פֿלעגט מיך זײַן זיס קול צוציען און אַז איך פֿלעג אַרײַנשטעלן דעם קאָפּ, פֿלעגט ער זיך צעשטראַלן און זאָגן:

— קום אַרײַן, טאַטאַלע, זעץ זיך און פֿאַרנעם אַ ייִדיש וואָרט!

ייִדן פֿלעגן זיך וואונדערן. עס פֿלעגט קלינגען ווי ער וואָלט גע־רעדט צו אַן עלטערן און בכּבֿודיקן מענטשן.

## דער דועוועצער ניגון

בײַ שלוש־סעודות אין דער ווײַסער שול אָדער בײַ אונדז אין הויז, פֿלעגןביידע שוחטים זיצן אויבן־אָן און זיך פֿאַרמעסטן מיט זייערע ניגונים, ביז עמיצער פֿלעגט אַ פֿאָדער טאָן דעם דועוועצער ניגון. אַלע פֿלעגן זיך ווענדן צום פֿעטער לייב ער זאָל זינגען. דער פֿעטער לייב האָט זיך געלאָזט בעטן און דערנאָך זיך אָוועקשטעלן אינמיטן שטוב, אַרײַנשטעלן די גראָבע פֿינגער פֿון ביידע הענט אין

גאַרטל פֿון זײַן זײַדענער קאַפּאָטע, פֿאַרוואָרפֿן די גאָלדענע באָרד צו דער סטעליע און שטיל זיך נעמען וויגן מיטן צאַרטן דאָינע־ניגון וואָס האָט זיך געצויגן ווי דאָס קוועלן פֿון אַ פֿאָפּיאָל. מיטן שנעלערן ריטם פֿון דעם ניגונ׳ם פֿריילעכן איבערגאַנג פֿלעגט דער פֿעטער לייב אַרויס־ציען ביידע הענט פֿון גאַרטל און ווי מיט פֿליגל זיך לאָזן פֿליען צום באַלקן.

דאַן פֿלעגט אַבֿרהם שוחט אַ שוועב טאָן צום פֿעטער, אַרויפֿלעגן איין האַנט אויף זײַן רעכטן אַקסל און מיט דער צווייטער אָנרירן די סטעליע.

דאָ האָט שוין דער עולם מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, אַרומ־גערינגלט די צוויי טענצער און אַוועק אין אַ חסידישן וואָלעך אַז דער דעמבענער דיל האָט אַזש געקרעכצט פֿון נחת. אויך מיך האָט מען נישט איינמאָל אַרײַנגעצויגן אין קאָן און מיטגעריסן צום באַלקן.

### דער שנײַדערשער רעבע

איבערהויפּט פֿלעגן ביידע שוחטים זיך צעטאַנצן און צעזינגען ווען דער „יונגער“ מעזשבישער רעבע, וועלכן מען האָט גערופֿן מיט ליבע „דער שנײַדערשער רעבע“, פֿלעגט קומען יעדן יאָר און אײַנשטיין בײַ אונדז אין הויז.

אונדזער הויז פֿלעגט אויף אַ וואָך צײַט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַזאַ מין מאָדנעם שולכל וואו מען פּראַוועט שׂמחת־תּורה יעדע נאַכט און פּורים אַ גאַנצע וואָך.

די מאַמע און אירע פֿרײַנט זײַנען געשטאַנען און געהאַלטן אין איין קאָכן און באַקן און דער טאַטע און זײַנע פֿרײַנט צוזאַמען מיטן רעבן האָבן געהאַלטן אין עסן און טרינקען, זינגען און טאַנצן.

איינמאָל ווען דער פֿעטער לייב איז געוואָרן אַזוי באַגײַסטערט פֿון רעבן און דער רעבע פֿון זײַן זינגען, אַז זיי האָבן זיך אַזש צוקושט טאַנצנדיק אינמיטן ראָד, האָט דער פֿעטער מיך דערזען שטיין אין דער אָפֿענער טיר פֿון קיך.

— רעבע, דאָס איז מײַן טאַטאַלע! — האָט ער געוויזן אויף מיר מיט דער האַנט.

— אַ נאָמען נאָך דײַן זעליגן טאַטן, דודי דוועוועצער?

— יאָ, רעבע.

— קום אַהער, קינד מײַנס, וועל איך דיך בענטשן.

איך ווייס נישט וויאַזוי, נאָר הענט האָבן מיך אַרײַנגעשטעלט אין

קרײַז פֿון די טענצער און בײַ די צוויי צעהעלטע ייִדן מיט טאַנצענדיקע בערד.

דער רעבע האָט אָנגעלײגט זײַן ווײַסע האַנט מיט די לאַנגע צאַרטע פֿינגער אויף מײַן שעפּסן קוטשמעלע און פֿאַרגלאָצנדיק די אויגן עפּעס שטיל געדאַוונט.

איך האָב געהערט ווי דער פֿעטער לייב האָט אַרויסגעזונגען:

— אָמן, זאָלסט אויסוואַקסן אַ גרויסער חסיד — און ער האָט מיר אַ קוש געטאָן אין שטערן.

## דאָס פֿאַרשייטע טאַטאַלע

איך האָב אָבער דעם פֿעטער לייבן נישט פֿאַרשאַפֿט קיין נחת. אַלע מאָל ווען מען פֿלעגט אים איבערגעבן אַז איך ליג איבער ביים דניעסטער, שפּיל זיך מיט די פּויערישע קינדער אויף די ספּלאַוון און האָב אַפֿילו אויסגעזעצט די שויבן בײַם רעבן מרדכי „קאַט" אין חדר, פֿלעגט ער קרעכצן. און אַז ער פֿלעגט מיך אָנטרעפֿן אַ פֿאַרסאַפּעטן און אַ לויפֿנדיקן זיך שפּילן פֿלעגט ער מיר אַרײַנקוקן אין די אויגן און בעטן:

— האָב גאָט אין האַרצן, טאַטאַלע.

די גרעסטע טראַגעדיע פֿאַרן פֿעטער לייב'ן איז פֿאַרגעקומען ווען איך בין אַלט געוואָרן 12 יאָר, און אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אין „פּריגאָטאָוויטעלנע קלאַס" (צוגרייטונג-קלאַס) פֿון דער גימנאַזיע.

מײַן טאַטע אַליין האָט מיר אויפֿגענייט אַ נײַעם געוואַנטענעם גרויען מונדיר מיט זילבערנע קנעפּ, געקויפֿט אַ היטל מיט אַ בלויען פּאַס און אַ לאַקירטן גאַרטל מיט אַ אָדלער-גערב אויפֿן שפּראַנטשיק. אַלע שכנים זײַנען אַרײַנגעקומען זיך שפּיגלען אין מײַן אויסזען.

מײַן פֿעטער מאָטל, מײַן טאַטנס ייִנגערער ברודער, איז געשטאַנען אין דער טיר און ווען ער האָט דערזען דעם פֿעטער לייב דורכגיין האָט ער אים אַרײַנגערופֿן און ווײַזנדיק אויף מיר מיט שפּאַס געזאָגט:

— נו, ווי געפֿעלט אײַך, פֿעטער, דער „סקובענט"?

דער פֿעטער לייב איז בלייך געוואָרן און זיך אַ וואַקל געטאָן ווי צום חלושן. ער האָט מיט שרעק אָוועקגעריסן די אויגן פֿון מיר און זיי אָנגעשטעלט מיט ווייטיק אויפֿן טאַטן.

דער טאַטע האָט דערפֿילט דעם שטאָך און פּרובירט עפּעס זאָגן, נאָר עס איז נישט געגאַנגען.

דער פֿעטער לייב איז אַרויס פֿון הויז אָן אַ „גוטן-טאָג".

## אויס טאַטאַלע

פֿון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרן אויס „טאַטאַלע". דער פֿעטער לייב פֿלעגט זייער זעלטן קומען צו אונדז אין הויז אַרײַן און איך פֿלעג אויסמײַדן דורכגיין די ווײַסע שול.

ווען דער פֿעטער לייב איז נפֿטר געוואָרן און מײַן טאַטע און זײַנע ברידער זײַנען געשטאַנען אַרום דעם אָפֿענעם קבֿר בין איך געשטאַנען אין אַ זײַט אין אַ מײַן וואָכעדיקן פּאַרוסיניעם אַלטן אָנצוג און אָפּגעבליאַקעוועטן שוואַרצן קוטשמעלע און זיך ניט געקאָנט געפֿינען קיין אָרט.

ווען דער פֿעטער מאָטל איז לעבן מיר אויסגעוואַקסן און געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס האָסטו אויסגעטאָן דײַן שיינעם גימנאַזיסטן מונדיר?

— האָב איך אָפּגעדרייט דעם קאָפּ און באַהאַלטן די טרערן אין מײַנע אויגן.

# זאָסי

זי איז געווען אַ דאַרע, הויכע, מיט צאַרטע קורצזיכטיקע אויגן און אַ בלייך דעליקאַט געזיכט, אָבער פֿון איר גאַנץ וועזן האָט געשלאָגן מיט קראַפֿט און שפּרודלדיקער ענערגיע.

זי איז שטענדיק געגאַנגען אין אירע הויכע שטיוועלעך אויף הויכע קאַבלוקן און קנעפּלעך בײַ די זײַטן, איר שוואַרץ קליידל קורצער ווי געוויינלעך און דאָס ווײַס זײַדן קאָפּטל מיטן גאָלדענעם זייגערל צוגעשפּיליעט איבער איר לינקער ברוסט און דאָס געלע שטרויענע היטעלע, מיטן בלויען באַנד און די צוויי סטענגעס אַריבער־געוואָרפֿן איבער אירע אַקסלען איז געזעסן חנ׳עוודיק איבער אירע געקרײַזלטע בלאָנדע אונטערגעשוירענע האָר.

אין דער לינקער האַנט האָט זי געטראָגן דעם רימען פֿון איר גרויסן לעדערנעם טאַש, ברייט און אָנגעפּאַקט מיט קלייניקײַטן, אַ בוך און שרײַב־געצײַג, און אין דער רעכטער האַנט איר בלוי מיט זילבער געשטרײַפֿטן זאָנטיקל מיטן זילבערנעם הענטל געטאָקט ווי אַ שישקע פֿון אַ סאָסנע.

זי איז געווען די בעסטע לערערין איבער מאַטעמאַטיק אין דער מיידלשער רעגירונגס־שול. אין הויז און אין שטאָט האָט מען זי גערופֿן זאָסי, אָבער אין דער רעגירונגס־שול האָבן זי די לערער און שילער גערופֿן סאָפֿיאַ יאַקאָוולעוונאַ. מען האָט זי געאַכט פֿאַר אירע פּעדאַגאָגישע פֿייאיקײַטן און גרויס וויסן אין הויכער מאַטעמאַטיק, אָבער פֿאַר אירע געשפּרעכן וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און סאָציאָ־לאָגיע האָט מען מורא געהאַט און זיך פֿאָרזיכטיק אָפּגעגרעניצט.

## אַ מיידל אַ בונטאַר

זי איז געווען אַ בונטאַר קעגן יעדער צוואַנג און דעספּאָטישער אויטאָריטעט. שוין פֿון קינדוויַיס אָן האָט זי זיך קעגנגעשטעלט איר טאַטנס פּאַטריאַרכאַלע פֿירעכצן. אין אירע עלטערנס גרויסן וויַיסן געמויערטן איַינפֿאָר־הויז, ניט וויַיט פֿון דער „אופּראַווע" (שטאָט־ראַט), לעבן אַבֿרהם מעילערס בוך־געשעפֿט, האָט זי יונג איבער־גענומען די גרענדע.

די דריַי בחורים וואָס האָבן געאַרבעט אַלס אָנטריַיבער און אויפֿזעער איבער די פֿערד אין די שטאַלן און דינער אַרום די געסט און די פֿינף מיידלעך וואָס האָבן געאַרבעט אַלס קעכינס און דינסט־מיידלעך אין הויז און אין די געסט־צימערן פֿלעגן זיַיער שטרענג באַהערשט ווערן דורך איר טאַטע־מאַמע. אָבער ווען זאָסי איז אונטער־געוואַקסן האָט זי דורכגעפֿירט אַ הויז־איבערקערעניש. זי האָט אונטער־געשניטן איר טאַטנס אויטאָריטעט און געפֿאָדערט מענטשלעכע באַדינגונגען פֿאַר די מיידלעך און בעסערע קוואַרטיר פֿאַר די בחורים ווי אין שטאַל.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן אָוונט ווען זי און אירע עלטערן זיַינען געזעסן און געגעסן זייער וועטשערע אין ליכטיקן און רחבֿות׳דיקן עס־צימער האָט אויסגעבראָכן אַ קריגעריַי און דעם שטיבל לעבן דער קיך וואו די קעכין, זלאַטע די קורנאָסע, און אירע געהילפֿן, די דינסט־מיידלעך און די שטאַל־יונגען פֿלעגן עסן זייער אָוונט־ברויט אַרום גרויסן רונדן דובאָון טיש.

זאָסי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון טיש און געוואָלט גיין זען וואָס דאָרטן קומט פֿאָר. דער פֿאָטער אירער, רעב יאַנקל, האָט איר באַפֿוילן בליַיבן זיצן:

— זאָלן זיי דאָרטן זיך שלאָגן קאָפּ אין דער וואַנט. אַז וואָס מען גיט זיי נישט עסן איז אַלץ נישט גענוג און ניט גוט גענוג. כאָטש לאָז זיי עסן ביַי אונדזער טיש.

זאָסי האָט זיך אָנגעצונדן:

— און פֿאַרוואָס טאָקע ניט? זיי אַרבעטן שווערער פֿון אונדז און פֿאַרדינען אַלץ וואָס מיר קריגן אַריַין. וואָלטן מיר געדאַרפֿט זיַין דאַנק־באַר און זיך באַציען צו זיי ווי צו אייגענע.

— אַזוי, זיי אַרבעטן מער פֿון מיר? און דאָס געלט וואָס איך האָב אַריַינגעבראָקט אין אָט דעם איַינפֿאָר־הויז איז גאָר ניט?

— האָסט קיינמאָל נישט געאַרבעט פֿאַר דעם. מיר האָבן עס געקראָגן בירושה פֿון זיידן, וועלכער האָט דאָ אָנגעקליבן אַ פֿאַרמעגן פֿון דער האַרעוואַניע פֿון אַזעלכע ווי זיי.

רעב יאַנקל איז אויפֿגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער:

— טאָסטע דיר אַ נײַער „דעמאָקראַץ". זי וועט שוין באַלד ווערן אַ „ציציליסטקע".

און זי איז טאַקע געוואָרן.

אין שטאָט האָט מען געהאַלטן אַז זי חבֿר'ט זיך מיט די אַרבעטער־קרײַזן און האַלט לעקציעס בײַ געהיימע פֿאַרזאַמלונגען. צו איר פֿלעגן אָנקומען צײַטונגען, זשורנאַלן און ביכער אין רוסיש, דײַטש און פֿראַנצויזיש איבער פּאָליטישער־עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע און קאָאָפּעראַציע.

### פֿרויען־רעכט

איבערהויפּט האָט זי זיך פֿאַראינטערעסירט אין דער פּראָבלעם פֿון פֿרויען־רעכט. די „פֿעמיניסטישע באַוועגונג" אין אַמעריקע און אײַראָפּע האָבן זי פֿאַראינטריגירט און זי האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די געשעפֿט־אָנגעשטעלטע, די פּריקאַשטיצעס, די דינסט־מיידלעך און די נייטאָרינס בײַ די מאָדיסטקעס.

ווען די נייטאָרינס בײַ לייזער גענדלער, דעם גרעסטן דאַמסקי־שנײַדער אויף דער אָדעסער גאַס, זײַנען אַרויס אין אַ „שטרײַק" און לייזער האָט געסטראַשעט גיכער פֿאַרשליסן אינגאַנצן דאָס געשעפֿט איידער נאָכגעבן, האָט זאָסי זיך איינמאָל באַוויזן צווישן די נייטאָרינס און זיי אָנגעהויבן אַגיטירן אַז זיי זאָלן דעמאָנסטראַטיוו אַוועקמאַרשירן צו די הײַזער פֿון די רײַכסטע מאַדאַמען, לייזערס קונדן, און בײַ זיי פֿאָדערן גערעכטיקייט... נאָך עטלעכע אַזעלכע אַרויסטרעטונגען בײַ וועלכע זאָסי האָט געהאַלטן דרשות אין איר קלינגעוודיקער רוסישער שפּראַך, איז לייזער געצוואונגען געוואָרן נאָכצוגעבן.

ווען די מיידלעך פֿון זיסערמאַנס צוקערניע, בלויז עטלעכע טירן פֿון לייזער גענדלערס מאַגאַזין, האָבן דערזען וויאַזוי די נײַטאָרינס האָבן געוואונען זייערע פֿאַרגרעסערונגען, זײַנען זיי אַרונטער אין גאַס און געשיקט רופֿן זאָסין.

זיסערמאַן מיטן שוואַרצן בערדל און קײַלעכדיקן קעסעלע־קאַפּעליוש איז איר געלאָפֿן אַנטקעגן און זיך בײַ איר געבעטן:

— טײַערע סאָפּיע יאַקאָװלעװנאַ, הײסט די מײדלעך גײן צוריק צו דער אַרבעט. זײ װעלן מיך רואינירן.

— הערט אױס זײַערע פֿאָדערונגען און גיט עפּעס נאָך, הער זיסערמאַן.

— גוט, גוט, זאָלן זײַ פֿריער גײן צוריק צו דער אַרבעט און דערנאָך װעלן מיר רעדן.

— נײן, הער זיסערמאַן, פֿריער װעלן מיר רעדן און דורכקומען און דערנאָך װעלן זײ גײן צוריק צו דער אַרבעט.

הער זיסערמאַן האָט פֿאַרבעטן זאָסי׳ן און די צװײ אַנפֿירנדיקע מײדלעך צו זיך אין קאַנטאָר און דער סכסוך איז געשליכטעט געװאָרן צום װאױל פֿון די מײדלעך.

### קעגנזײַטיקע הילף

װען דאָס „רעמעסלענע קלײנע בענקל", די לײַ־און־שפּאָר קאַסע פֿון די באַלמעלאָכעס איז אָרגאַניזירט געװאָרן אין שטעטל, האָט מײַן טאַטע אַלס דער אױסדערװײלטער „טשליען סאָװיעט" (מיטגליד פֿון אױספֿיר־קאָמיטעט) פֿון אַלע באַלמעלאָכעס געהאַט אַ שװערע אַרבעט בײַצוקומען די גבֿירים און קלײטניקעס װעלכע האָבן געװאָלט באַאַרבעטן די „פּאַלגעס" (אַזױ פֿלעגן זײ רופֿן מיט חוזק די שנײַדער און שוסטער).

עס האָט טאַקע געדאַרפֿט זײַן אַ קאָאָפּעראַטיװע באַנק, אָבער די פּני האָבן פּרובירט באַזירן זײער רעכט אױפֿן אינװעסטירטן קאַפּיטאַל און נישט אױף מיטגלידערשאַפֿט, פֿון װעלכער די באַלמעלאָכעס זײַנען געװען די גרעסטע מערהײַט.

װען עס איז געקומען שרײַבן די סטאַטוטן האָבן די אַדװאָקאַטן פֿון די פֿאַרמעגלעכע גערדרײט אַ ספּאָדיק װעגן „דאָס רעכט פֿון קאַפּיטאַל". מען האָט געראָטן דעם טאַטן אָנפֿרעגן בײַ זאָסי׳ן פֿון אײַנפֿאָר־הױז װעגן אַ פֿאָרמולירונג װאָס זאָל זײַן אי לעגאַל אי צו גינסטן די באַלמעלאָכעס.

דער טאַטע האָט פּרובירט אױעקמאַכן מיט דער האַנט:

— הײסעך, װאָס אַ פּרױ־„טיליגענטקע" קען שױן דאָרטן אָנ־ברײַען. דאָס איז אַן עסק פֿאַר אַדװאָקאַטן.

אָבער אַז דער עולם איז באַשטאַנען האָט ער נאָכגעלאָזט.

מײַן טאַטע איז אַוועק צום אײַנפֿאָר־הויז און מיך מיטגענומען צו פֿאַרצײכענען אין רוסיש װאָס זאָסי װעט זאָגן.

זי האָט אונדז אױפֿגענומען אין זײער ברײטן שײנעם גאַסט־צימער און פֿאַרבעטן טרינקען טײ.

דער טאַטע האָט שטאַמלענדיק אָנגעהױבן צו איר רעדן אין זײַן נישט צו רײַכן רוסיש און זיך אָפּט פֿאַרהאַקט זוכנדיק פּאַסיגע װערטער.

זאָסי האָט אים מיט אַ שמײכל אָפּגעשטעלט:

— רעדט בעסער, רעב יאָסל, אין ייִדיש, װעט אײַך זײַן לײַכטער.

דער טאַטע האָט אָפּגעאָטעמט פֿרײַ און זיך צעלאָזט מיט זײַן געװײַנלעכן שנעלן און אימפּולסיװן לשון.

ער האָט איר דערצײלט װעגן דער נויטװענדיקײַט פֿון אַ קאָ־אָפּעראַטיװער באַלמעלאָכישער לײַ־און־שפּאָר־קאַסע, אַ „רעמעסלענע בענקל" װאו מען זאָל קריגן אַ הלואה אָן גרױסע פּראָצענטן און װעגן די שװעריקײַטן װאָס די גבֿירים שטעלן די באַלמעלאָכעס.

זאָסי האָט אים זײער אױפֿמערקזאַם אױסגעהערט און דערנאָך װי אַ לערערין גענומען זאַכלעך און קלאָר דערקלערן דעם נוץ פֿון קאָאָפּעראַציע, קעגנזײַטיקע הילף און באַלמעלאָכישער אחדות און אַז נאָר אַ סטאַטוט געשריבן דײַטלעך, ניט צװײ־דײַטיק, אין די אינטערעסן פֿון די באַלמעלאָכעס, קען האָבן אַ נוץ. די באַלמעלאָכישע מערהײַט דאַרף איבערװעגן די מערהײַט פֿון אינװעסטירטן קאַפּיטאַל. ניט די מאה זאָל האָבן די דעה, נאָר די עדה, די מערהײַט.

### זאָסי רעדט צו די באַלמעלאָכעס

דער טאַטע איז אַװעק אַ באַגײַסטערטער און פֿאַררופֿן אַ באַל־מעלאָכישע אַסיפֿה אין דער שנײַדערשער שול װאו ער איז געװען גבאי־ראשון.

זאָסי איז אַרױף אױפֿן באַלעמער, און איר שטרױענעם געלן היטעלע און גערעדט צו די ייִדן. אַלטע באַלעבאַטים פֿון דער שול האָבן געקװעטשט מיט די פּלײצעס און פֿאַרדרײט די נעזער:

— װאָס הײסט אַן אשה זאָל רעדן פֿון באַלעמער?

אָבער דער אינטערעס אין דעם װעגן װאָס זי האָט גערעדט איז

געוועז אַזוי גרויס און וויכטיק אַז מען האָט גאָר פֿאַרגעסן אין די אַלטע פֿאַראורטײַלן.

פֿון דער ווײַבערשער הויבערשטער שול האָבן קאָפּן-טיכלעך זיך אַרויסגעשטעקט דורך די פֿאַנאַנדערגענומענע פֿורהענגלעך און מיט שטוינונג און לויכטנדיקע אויגן נאָכגעפֿאָלגט די זשעסטיקולאַציעס פֿון דער יונגער פֿרוי וואָס דרשנט פֿון באַלעמער און מאַנסבילן שטייען און שלינגען יעדער וואָרט.

# סענדער

דעם טאַטן זײַנעם, מײַן ערשטן רבי׳ן, האָב איך געהאַסט, און אים זײַן זון, דעם עקסטערנעם־סטודענט און פּריוואַטן לערער, האָב איך ליב געהאַט. דער פֿאָטער האָט מיט גוואַלד און פֿײַערדיקע פּעטש זיך געוואָלט אַרײַנרײַסן צו מיר אין האַרצן און מיך באַהערשן, און איך האָב בײַ אים אויסגעבראָכן אַלע שויבן. דער זון האָט מיך אָנגענומען מיט ליבע בײַ דער האַנט און אַרײַנגעפֿירט אין דער וועלט פֿון געזאַנגען, און מײַן האַרץ איז שטענדיק געבליבן אָפֿן פֿאַר אים.

דעם טאַטן זײַנעם, דעם כעלמער מלמד, האָט מען גערופֿן מרדכי „קאַט”, ווײַל ער פֿלעגט אומ׳רחמנות׳דיק קאַטעווען זײַנע תּלמידים. ער איז געווען אַ הויכער ייִד מיט אַ רויטער פֿלאַמענדיקער באָרד און שטאַרצנדיקע געלבלעכע ברעמען און אָנגעצונדענע בייזע אויגן. ער האָט אַלעמאָל געטראָגן אַ שטעקן און מיט אים געקאַטעוועט. ער האָט ווייניק גערעדט און זעלטן געשריגן, נאָר פֿאַרביסן געקלאַפּט און געשטורמט מיטן שטעקן. די קינדער האָבן געציטערט פֿאַר זײַן שטעקן. זיי האָבן ניט געזאָגט די „עבֿרי”, נאָר זי „געשאָסן” מיט שרעק. זייערע אויגן פֿלעגן נאָכפֿאָלגן דעם שטעקן און געפֿאָלגט זײַן יעדן ריר. אַז דער שטעקן פֿלעגט זיך אַ הויב־טאָן אינדערהויך, פֿלעגן אַלע בלײַבן שטיל און דער שולדיקער פֿלעגט דערוואַרטן זײַן פּסק. פֿלעגן אַלע אינאיינעם אָדער דער איינצלנער זאָגן גלאַט און הויך — פֿלעגט דער שטעקן געמיטלעך זיך וויגן אין רבי׳נס האַנט.

דעם זון זײַנעם, סענדער כעלעמער, האָט מען גערופֿן פּשוט — סענדער. ער איז געווען אַ הויכער און בלאָנדער בחור מיט אַ טשופּרינע האָר און לאַכנדיקע בלויע אויגן. ער איז ניט געגאַנגען, נאָר געטאַנצט; ער האָט ניט גערעדט, נאָר געזונגען; ער האָט זיך ניט בלויז באַגריסט, נאָר זיך אַרומגעכאַפּט און געלאַכט. ער איז געווען

אַ שפּילעוודיקער און אַ שטראַליקער ווי די זון. ליב און האַרציק האָט געקלונגען דער נאָמען סענדער.

אַ חוץ שלאָגן מיטן שטעקן האָט מרדכי „קאַט" אויך געהאַט אַנדערע שטראָף־מיטלען. פֿאַר די גאָר קליינע קינדער איז געווען געניגוג שטעלן אין „קונע", מיטן פּנים צו דער ווינקל־וואַנט. פֿאַר די גרעסערע און געזונטע חבֿרה האָט ער געהאַט אַ ספּעציעלע שטראָף. ער פֿלעגט אָנוואַרפֿן זערנעס טרוקענע קוקורוזע אין ווינקל בײַ דער וואַנט און אָוועקשטעלן דעם שולדיקן אויף די קני איבער די האַרטע און שאַרפֿע זערנעס און אים געבן האַלטן איןביידע הענט הויך איבערן קאָפּ אַ שווערע און גרויסע גמרא. נאָך עטלעכע מינוט פֿלעגן די שטאַרקסטע צוזאַמענברעכן און זיך צעוויינען. געוויין האָט בײַם רבי'ן געהייסן בעטן רחמים. די וואָס פֿלעגן זיך גלײַך צעוויינען זײַנען טאַקע פּטור געוואָרן פֿון דער שטראָף. ווי איז אָבער געווען יענעם וואָס האָט ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט וויינען.

## מײַן ערשטער טאָג אין חדר

דעם ערשטן טאָג וואָס דער טאַטע האָט מיך געבראַכט אין חדר אַרײַן און איבערגעלאָזט אין גרויסן הויף מיטן אַלטן הילצערנעם פּלויט, האָב איך דערפֿילט דעם רבי'נס שטעקן.

דער טאַטע אין זײַן אײַלעניש, האָט אַפֿילו ניט באַוויזן מיך איבערגעבן אין די הענט פֿון רבי'ן. דער רבי איז גראָדע דעמאָלט אַוועק ערגעץ און געלאָזט די קינדער זיך שפּילן אין הויף. דער טאַטע האָט ניט געקאָנט וואַרטן, האָט ער מיך געלאָזט זיך שפּילן אין הויף מיט די קינדער ביז דער רבי וועט קומען. ער האָט בלויז אַרײַנגעשריגן צו דער רבי'צן אין קיך, אַז ער לאָזט מיך איבער.

איך בין גלײַך געוואָרן חבֿר מיט עטלעכע קינדער, וואָס איך האָב געקענט פֿון אונדזער גאַס און אַפֿילו גלײַך געוואָרן אַרומגערינגלט פֿון כּמעט דעם גאַנצן חדר. איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט צוויי קווערע שטיקלעך גלאָז און אַ גרויס שטיקל קיט וואָס איך האָב געפֿונען בײַם גלעזער, וואָס האָט געוואוינט ניט ווײַט פֿון אונדזער הויז. איך בין גלײַך געוואָרן היימיש אין חדר־הויף. איך האָב אָפּגעזוכט אַ גרויסן לאָך פֿון אַן אַרויסגעזעצטן סוק אין איינעם פֿון די ברעטער פֿון פּלויט. איך האָב צוגעלייגט איין שטיקל גלאָז צו איין זײַט פֿון לאָך און פֿאַרקיטעוועט דאָס גלאָז פֿון אַלע פֿיר זײַטן אַז עס האָט אויסגעזען ווי אַ שײַבל. דאָס צווייטע שטיקל גלאָז האָב איך פֿאַרקיטעוועט אויף

דער אַנדערער זײַט, אַזוי אַז אַ קליין שפּעלטיקל האָט געקאָנט דורכ־לאָזן אַ פֿליג און די עפֿענונג האָב איך פֿאַרפּראָפּקעוועט מיט אַ שטיקל אײַנגעגעצטע פּאַפּיר.

איצט האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט פֿון כאַפּן פֿליגן. איך פֿלעג אָפּוואַרטן ביז אַ פֿליג פֿלעגט זיך אָפּשטעלן און מאַכנדיק אַ לעפֿל מיט דער לאַדאָניע אַזוי אַ פּאַך טאָן איבער דער פֿליג און שנעל פֿאַרמאַכן די פֿינגער אַז איך פֿלעג זי גלײַך כאַפּן. איך בין געווען אַ גוטער פֿליגן־כאַפּער. איבערהויפּט פֿלעג איך זיך יאָגן נאָך די „גאָלדענע" פֿליגן און די גאָר גרויסע — די „באָביצעס". אַזוי שנעל ווי איך האָב געכאַפּט אַ פֿליג פֿלעג איך אַרויספּראָפּקעווען דאָס שטיקל פּאַפּיר, אַרײַנלאָזן די פֿליג און צוריק פֿאַרפּראָפּקעווען. די פֿליג פֿלעגט זיך צעזשומען אין דער פּאַסטקע און דורך די גלעזלעך פֿלעגט מען זען ווי זי טאַנצט אַרום. אַז עטלעכע פֿליגן מיטאַמאָל זײַנען שוין געווען צווישן די גלעזלעך איז געווען וואָס צו זען.

ערשט מיטאַמאָל גיט אַ שטעקן אַ לעכער דורך די גלעזלעך מיט אַ טראַך. די פֿליגן צעפֿליען זיך און אין איין אויגנבליק קריג איך אַ כמאָל איבער דער פּלייצע אַז איך דערזע פֿונקען אין די אויגן. די קינדער צעלויפֿן זיך אין חדר אַרײַן, און איך בלײַב אַ פֿאַרקאַרטשעטער בײַ דעם פּלויט און אַ בײַזע רויטע באָרד מיט אָנגעצונדענע אויגן סטאַרטשען מיר אין פּנים אַרײַן.

דאָס איז געווען מײַן ערשטער צוזאַמענשטויס מיטן רבי'ן מרדכי „קאַט".

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעג איז זייער אָפּט קריגן מיטן שטעקן און נאָך אָפּטער שטיין מיט די קני איבער די שאַרפֿע זערנעס קוקורוזע, אָבער וויינען האָב איך קיינמאָל ניט געוואָלט, ביז עס האָט איינמאָל אויסגעבראָכן דער ריכטיקער שטורם.

## „מוישע־קוישע"

איינמאָל נאָך עטלעכע חדשים זײַן בײַ מרדכי „קאַט" אין חדר האָב איך געבראַכט פֿון דער שוסטער־גאַס אַ נײַ לידל.

דער רבי איז געווען אַוועק אַ לאַנגע צײַט און איבערגעלאָזן זײַן סענדער'ן, דעם סטודענט, אַכטונג געבן אויף אונדז. סענדער האָט אונדז געהייסן זיך שפּילן נאָר אָן געשלעגן און אַליין איז ער אַרויף אין זײַן בוידעם־שטיבל לייענען זײַנע ביכלעך און דורכן אָפֿענעם פֿענצטערל געהאַלטן אין איין אַרונטערקוקן צו אונדז און פֿון צײַט־

צו־צײַט אָרונטערגעשריגן ווען עס פֿלעגט אויסברעכן אַ קריגערײַ אָדער געשלעג.

איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט און פֿאַר אַ קרײַז קינדער געמומען זינגען:

„מוישע־קוישע,
לאַמפּאַפּירל.
טאַנצן די וואַנצן
הינטערן טירל.

חיה, חיה,
גרייט צום טיש,
צוואַנציק קאָפּיקעס
אַן אָקע פֿיש".

אַז סענדער האָט דערהערט דאָס לידל, האָט ער זיך הויך צעלאַכט און אַרויסשטעקנדיק דעם קאָפּ דורכן בוידעם־פֿענצטערל, האָט ער אַרונטערגעשריגן איך זאָל עס ווידער זינגען און העכער. ער האָט פֿאַרשריבן די ווערטער אויף פּאַפּיר און זייער פֿריילעך געלאַכט.

אַז ער האָט פֿאַרמאַכט דאָס פֿענצטער איז ממש געוואָרן אַ סומאַטאָכע אין הויף. חבֿרה האָט זיך אָנגענומען פֿאַר די הענט אין אַ ראָד אַרום מיר און אין אַ ליאַרעמדיקן כאָר געזונגען דאָס לידל „מוישע־קוישע".

ווי אונטער דער ערד איז דער רבי אויסגעוואַקסן לעבן ראָד און אַ פֿאָך־טוענדיק מיט ביידע הענט האָט ער מיך אַרויסגענומען פֿון אינעווייניק ראָד און אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד. איידער איך האָב באַוויזן זיך שטעלן אויף די פֿיס, האָט ער מיר אָפּגעציילט צוויי פּעטש אין פּנים אַרײַן, אַז עס האָט מיר אַזש אָנגעהויבן קלינגען אין די אויערן, פֿינקלען אין די אויגן און אַ שטראָם האָט אַ זעץ געטאָן פֿון די נאָזלעכער.

אַז איך האָב דערזען דאָס בלוט אויף מײַנע פֿינגער, האָב איך זיך צערעוועט ווי אַ חיה. איך האָב אויפֿגעהויבן צוויי שטיינער פֿון דער ערד און מיט זיי געמומען שלאָגן אין איינציקן פֿענצטער פֿון חדר, אויסגעזעצט אַלע שויבן און מיט ביידע שטיינער אין די הענט זיך צום ערשטן מאָל הויך אויפֿן קול צעוויינט.

סענדער איז אַראָפּ די טרעפּ, אַרײַן אין הויף און אַ צעקאָכטער עפּעס בייז געשריגן אויף זײַן טאַטן, און אַרויסנעמענדיק די צוויי שטיינער פֿון מײַנע פֿאַרקלאַמערטע הענט מיך געטרייסלט און לאַכנדיק געשריגן:

— „מוישע־קוישע! זעץ די שויבן!"

אַז איך האָב זיך עטוואָס באַרואיקט, האָט ער מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— קום איך וועל דיך פֿירן אַהיים. דײַן טאַטע וועט דיר דינגען אַ נײַעם רבי׳ן.

איך בין געגאַנגען מיט סענדער׳ן אַהיים און שטיל געכליפּעט. אַ מורא איז מיך באַפֿאַלן פֿאַר די צעבראָכענע שויבן.

ווען מיר זײַנען אַרײַן צו אונדז אין הויז איז גראָדע דאָן דער זיידע אהרן־אַנשל דאָרט געווען און עפּעס אַרײַנגעטענה׳ט מיטן טאַטן. די מאַמע איז מיר געלאָפֿן אַנטקעגן און גענומען וואַשן מײַן צעבלוטיקטן פּנים.

סענדער האָט גלײַך אַ זאָג געטאָן:

— רעב יאָסל, דינגט פֿאַר אים אַ בעסערן מלמד, וועט ער פֿאַר־שפּאָרן בײַ אים אויסזעצן אַלע שויבן.

ווען דער טאַטע האָט דערהערט די גאַנצע מעשׂה מיט די אויס־געזעצטע שויבן האָט ער זיך אָנגעצונדן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן פֿון טיש די שנײַדערשע הילצערנע ווירע און זיך געוואָרפֿן אויף מיר. דער זיידע האָט בײַ אים אַרויסגעכאַפּט די ווירע און אַ בייזער זיך גע־ווענדעט צו סענדער׳ן:

— פֿאַר זינגען לידלעך פֿאַרגיסט מען בלוט? איך וואָלט דײַן טאַטן אויסגעזעצט די צײַן!

די מאַמע האָט מיך אָוועקגעלייגט אויפֿן בעט אין אַלקער, צו־געלייגט אַ נאַסע פֿאַטשיילע צו די נאָזלעכער און אַליין זיך ערשט אָנגעהויבן בייזערן און שילטן דעם מלמד מיט טויטע קללות.

דערווײַל איז שוין דער זיידע מילדער געוואָרן און אַרויסנעמענדיק אַ זילבערן פּאָרטעלע פֿון זשילעט־קעשענע אַ זאָג געטאָן צו סענדער׳ן:

— יונגערמאַן, אַן אָרעמער מלמד טאָר נישט אויסשטיין דעם גאַנצן היזק. נאַט אײַך אַ פּאָרטעלע צושטײַער אויף די שויבן און זאָגט אײַער טאַטן, אַז ער זאָל קאַטעווען יִדישע קינדער מיט גאָט אין האַרצן!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס סענדער, דער סטודענט, איז מיר אַרײַן אין האַרצן. דאָס צווייטע מאָל, מיט זעקס יאָר שפּעטער, איז ער אַרײַנגעקומען אַן אומגעבעטענער און אַ שטראַליקער און שוין דאָרט אויף שטענדיק פֿאַרבליבן.

## מיר באַגעגענען זיך ווידער

מיט זעקס יאָר שפּעטער, ווען איך בין שוין דורכגעגאַנגען אַ צוויי־דרײַ אַנדערע חדרים, פֿאַרענדיקט די תּלמוד־תּורה און אויס־

געהאַלטן דעם עקזאַמען אין דער „גאָראָדסקאָיע אוטשילישטשע", האָט דער דירעקטאָר אַרײַנגערופֿן מײַן טאַטן און געזאָגט, אַז אויס־געהאַלטן האָב איך טאַקע, אָבער איך בין שטומפּיק אין גערעדטן רוסיש. דערפֿאַר שלאָגט ער פֿאָר, אַז דער טאַטע זאָל פֿאָרן זומער דינגען עפּעס אַ סטודענט, וואָס זאָל מיט מיר רעדן און אײַנשטודירן דאָס גערעדטע רוסישע לשון. האָט דער טאַטע געזוכט אַזאַ סטודענט און ניט געפֿונען.

סענדער׳ן האָב איך די אַלע יאָרן נישט געזען. ער האָט געאַרבעט און זיך געלערנט אין אָדעס און פֿלעגט זעלטן קומען אַהיים קיין סאָראָקי.

פּאַסירט, אַז איך גיי איינמאָל אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק אַרויסנעמען אַ רוסיש מעשׂה־ביכל, און אַז איך שטיי אַזוי אין דער שוועל און בלעטער דאָס נײַע ביכל, ערשט סענדער כאַפּט מיך אָן בײַ ביידע הענט און לאַכט:

— „מוישע־קוישע"!

איך האָב זיך מיט אים דערפֿרײַט און אים דערציילט וועגן מײַן אויסגעהאַלטענעם עקזאַמען און וועגן דעם, אַז דער טאַטע זוכט פֿאַר מיר אַ לערער.

סענדער האָט זיך צעשמייכלט און גענומען מיך פֿאַר דער האַנט געזאָגט:

— קום, איך וועל דיך צום צווייטן מאָל פֿירן אַהיים.

אַ דערשראָקענער האָב איך אַרויסגעכאַפּט די האַנט און אים פֿאַרדעכטיקט אָנגעקוקט.

— ניט פֿאַר ברעכן שויבן פֿיר איך דיך אַהיים. איך וויל ווערן דײַן לערער, נאַרעלע.

סענדער האָט איצט אויסגעזען גאָר אַנדערש ווי מיט זעקס יאָר צוריק. ער האָט געטראָגן אַ בלויען לײַוונטענעם אָנצוג מיט אַ ווײַסער העמד מיט אַן אָפּענעם אַריבערגעוואָרפֿענעם קאָלנער מיט לאַנגע שפּיצן, ברוינע לעדערנע סאַנדאַלן מיט מעשענע ספּראָנטשיקעס און אַ געלבלעכן שטרויענעם פּאַנאַמע קאַפּעליוש, וועלכן ער האָט געטראָגן פֿאַרוואָרפֿן אויף אַ זײַט און די ברעגן אַרונטערגעלאָזן. ער האָט געגעבן „אוראָקן" אויף רוסיש און העברעאיש בײַ די רײַכסטע פֿאַמיליעס אין שטאָט.

ווען מיר זײַנען ביידע אַרײַן צו אונדז אין הויז, איז דער טאַטע סענדער׳ן געגאַנגען אַ פֿאַרוואונדערטער אַנטקעגן. סענדער האָט אים

אויסגעשטרעקט די האַנט, זיך מיט אַלעמען באַגריסט, און גלײַך אַ זאָג געטאָן:

— רעב יאָסל, איך וויל, אַז דאַוויד זאָל הײַנטיקן זומער בײַ מיר לערנען. כּדי ער זאָל אויפֿכאַפּן דאָס רוסישע לשון וועל איך אים מיט־נעמען צו אַלע מײַנע „אוראָקן" און ער וועט פֿאַרברענגען כּמעט יעדן טאָג אין קרײַזן וואו מען רעדט נאָר רוסיש. איך דענק, אַז דאָס וועט אים העלפֿן. וועגן אָפּצאָל וועלן מיר דורכקומען.

— „גאָספּאָדין כעלמער"... האָט דער טאַטע גענומען שטאַמלען.

— רופֿט מיך בעסער סענדער, רעב יאָסל.

— סענדער — האָט דער טאַטע אַ צופֿרידענער אויפֿגעכאַפּט — וואַרט נאָר אַ מינוט.

און דער טאַטע איז אַרויף אויף אַ טאַבורעטקע און פֿון דער וועשעלקע אויפֿן סופֿיט אַרונטערגענומען אַ פּאָר בלויע געוואַנטענע הויזן, זיי דערלאַנגט סענדער'ן און געזאָגט:

— דאָס זײַנען פֿון בעסטן אימפּאָרטירטן שטאָף. נעמט זיי אײַך אַלס אַן אויפֿדעראויף און אויף פּסח ניי איך אײַך אויף אַ גאַנצן אָנצוג.

סענדער האָט זיך גענומען ווערן, אָבער דער טאַטע האָט אים אַרומגעגאַרטלט מיטן סענטימעטער־שנירל און גענומען אַ מאָס.

אַזוי אַרום האָט זיך סענדער אַליין אָנגעדונגען אַלס מײַן לערער און איך בין געוואָרן זײַן שטענדיקער באַגלייטער אין די רײַכע הײַזער פֿאַרן גאַנצן זומער.

## דאָס געפֿליגלטע וואָרט

כּמעט יעדן טאָג, אַ חוץ שבת, פֿלעג איך פֿון אינדערפֿרי ביז שפּעט אין אָוונט אַרומגיין מיט סענדער'ן. איך פֿלעג בלויז בײַטאָג אַהיימגיין עסן אָנבײַסן און דערנאָך ווידער זײַן מיט סענדער'ן. אַ גאַנצן זומער האָב איך געטראָגן מײַנע יום־טובֿ'דיקע מלבושים. עס איז יעדן טאָג געווען „חגא" אין די פֿיר־פֿינף רײַכע אַסימילירטע הײַזער וואו סענדער האָט געגעבן זײַנע „אוראָקן", און מיך מיטגענומען אַלס זײַן שטילן באַגלייטער. איך פֿלעג מיטטראָגן זײַנע ביכער און העפֿטן און אָפּט האַלטן זײַן פּאַנאַמע־הוט. זײַנע שילער זײַנען געווען מערסטנס די יונגע זינדלעך פֿון דער ייִדישער רײַכער אינטעליגענץ און פּראָפֿעסיאָנאַלן. עפּעס געדענק איך נית, אַז סענדער זאָל האָבן געלערנט מיט מיידלעך, — בלויז אינגלעך.

פֿון אַכט ביז צען אינדערפֿרי פֿלעגט סענדער גיין שפּאַצירן צום בולוואַר און אויסער שטאָט אין וואַלד אַרײַן. ערשט אַרום 11 אַזייגער פֿלעגט ער אָנהויבן באַזוכן זײַנע שילער. ער איז באַשטאַנען, אַז איך זאָל מיטגיין מיט אים אויף זײַנע שפּאַצירן. אָט־די צוויי שטונדן פֿלעגט ער ווידמענען בלויז מיר און גערעדט בלויז רוסיש. ער האָט געהאַט אַ זינגעוודיקע שטימע, וואָס פֿלעגט וויברירן ווי דאָס שפּילן פֿון אַ טשעלאָ. אַלע האָבן געזאָגט, אַז ער רעדט וואונדערבאַר שיין רוסיש. ער פֿלעגט מיך פֿאַרוואַרפֿן מיט פֿראַגן און געצוואונגען צו ענטפֿערן אין רוסיש, אָפֿט קאָרעגירן און געצוואונגען איבערענטפֿערן עטלעכע מאָל ביז איך האָב געקענט קלאָר אַרויסזאָגן יעדעס וואָרט אין גאַנצע זאַצן.

ביז איך האָב סענדער'ן געטראָפֿן, בין איך געווען אַ גרויסער שטאַמלער און אַז איך פֿלעג דאַרפֿן עפּעס זאָגן, פֿלעג איך זיך געפֿערלעך „פֿאַרהיקן". סענדער האָט אָבער אַרום מיר אַרומגעוועבט אַזאַ צויבער פֿון געפֿליגלטן וואָרט, אַז איך האָב אים אָנגעהויבן נאָכמאַכן און בין מיטגעריסן געוואָרן מיט זײַן לויטערער דיקציע.

איבערהויפּט האָט סענדער באַווירקט מיט זײַן שיינעם דעקלאַמירן. אַז ער פֿלעגט אַרײַן אין וואַלד, פֿלעגט ער אַרונטערוואַרפֿן זײַן רעקל, און, צעשפּרייטנדיק זײַנע ווײַסע אַרבל פֿון קלאָרן העמד, שטענדיק אָנהויבן אויסנווייניק פּושקינ'ס באַרימטע „פּיעסניאַ אָ וועשטשעם אָלעגע". דאָס איז געווען זײַן פּרעליודיע אַלעמאָל צו אַ שעה אָדער מער פֿון רוסישער פּאָעזיע. און געקענט האָט ער אויסנווייניק צענדליקער לידער.

מיך האָט ער דאַן געלערנט בלויז צוויי לידער אויף אויסנווייניק — פּושקינ'ס „פּטיטשקאַ באָזשיאַ" (גאָט'ס פֿייגעלע), אַן אויסצוג פֿון דער פּאָעמע „ציגײַנער", און ניעקראַסאָוו'ס „ליעס" — (דער וואַלד)... אָבער אײַנגעזאַפּט אין מיר האָט זיך אַמשטאַרקסטן זײַן דעקלאַמירן פֿון „פּיעסניאַ אָ וועשטשעם אָלעגע". איך פֿלעג אויף מײַן גלעלעגער בײַנאַכט אויסחלומ'ען יעדע אינטאָנאַציע און יעדער ריר פֿון זײַן קערפּער און הענט, איך פֿלעג פּשוט אויסגיין פֿון פֿאַרלאַנג אַז ער זאָל אויסהערן ווי אַזוי איך דעקלאַמיר דאָס ליד. אָבער ער האָט מיך קיינמאָל ניט געבעטן און נאָר זיך קאָנצענטרירט אויף פּושקינ'ס קלענער ליד פֿאַר מײַן עקזאַמען. איך האָב דאָס ליד „גאָט'ס פֿייגעלע" ניט שלעכט דעקלאַמירט, לויט זײַן מיינונג, און ער איז געווען צופֿרידן.

## דער עקזאַמען

ווען דער טאָג פֿון עקזאַמען איז געקומען זײַנען דער טאַטע און סענדער מיט מיר געגאַנגען אין דער „אוטשילישטשע”. בײַם דירעקטאָר אין קאַבינעט זײַנען געזעסן אַ חוץ אים נאָך אַ לערער און אַ דאַמע. געווען איז דאָס בלויז אַ מינדלעכער פֿאַרהער. דעם געשריבענעם האָב איך שוין צופֿרידנשטעלנדיק אויסגעהאַלטן.

ווען דער דירעקטאָר האָט מיך אַרויסגערופֿן, האָט סענדער מיר געגעבן אַ פֿרײַנטלעכן פּליעסק אין דער פּלייצע, געוואָרפֿן מיר אַ דרײַסטן שמייכל און, זיך אָנשפּאַרנדיק אין דער פּאַרענטשע פֿון בענקל, צופֿרידן פֿאַרוואָרפֿן די הענט איבער זײַן ברוסט. דאָס האָט מיר צוגעגעבן אַ סך מוט און איך בין אַרויס באַגעגענען מײַן מזל.

דער דירעקטאָר האָט מיך געפֿרעגט אין רוסיש אייניקע פֿראַגן און איך בין געוואָרן איבערראַשט וואָס זיי זײַנען געווען ענלעך צו די פֿראַגן וואָס סענדער פֿלעגט מיר שטעלן אויף אונדזערע שפּאַצירן. איך האָב אָנגעשטעלט מײַנע אויגן אויף סענדער'ן און געענטפֿערט גלײַך ווי איך וואָלט צו אים אַליין גערעדט. ער האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען און איך האָב געפֿילט אַז איך בין מצליח.

מיטאַמאָל טוט דער דירעקטאָר אַ זאָג:

— קענסטו דעקלאַמירן אַ רוסיש ליד?

— יאָ, פּושקינ'ס אַ פּאָעמע.

— גוט!

איך וויים ניט ווי אַזוי, נאָר ס'האָט זיך פֿון מיר אַרויסגעכאַפּט:

— „פּיעסניאַ אָ וועשטשעם אָלעגע”.

סענדער איז אויפֿגעשפּרונגען און קאָרעגירט:

— „פּטיטשקאַ באָזשיאַ”!

דער דירעקטאָר האָט אים מיט דער האַנט אַוועקגעזעצט און צו מיר געזאָגט:

— „פּראָדאָלזשאַיטע”! (זעצט פֿאָר!).

דער צימער מיט די מענטשן זײַנען פֿאַרשוואונדן. איך האָב זיך דערפֿילט אין וואַלד לעבן סענדער'ן און אים געזען אַ דעקלאַמירנדיקן. איך האָב געהערט יעדעס וואָרט זײַנס און געזען זײַנע האַוואַיעס. איך האָב נאָכגעזאָגט יעדעס וואָרט זײַנס און געקאָפּירט זײַנע זשעס־טיקולאַציעס.

ווען איך האָב פֿאַרענדיקט, האָב איך געהערט בלויז ווי עטלעכע

הענט קלאַפּן אין די לאַדאָניעס און דערפֿילט דעם פּאַרפֿיום פֿון דער דאַמע, וואָס האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב געזוכט בלויז סענדער׳ס אויגן און זײַ דערזען שעמעוודיקע אַרונטערגעלאָזן צום דיל בשעת דער דירעקטאָר האָט אים געדרוקט ווארעם די האַנט און עטלעכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט:

— „אָטשען כאָראָשאָ, מאָלאָדאָי טשעלאָוועק! אָטשען כאָראָשאָ״!
(זייער גוט, יונגערמאַן, זייער גוט).

דער טאַטע איז געבליבן מיטן דירעקטאָר און אים עפּעס אַרײַנ־גערוקט אין יד אַרײַן. סענדער און איך זײַנען אַרויס אינדרויסן און אַ לאַנגע צײַט שווײַגנדיק געשפּאַצירט איבערן בולוואַר. מיטאַמאָל זײַנען סענדערס לאַנגע, צאַרטע פֿינגער, מיר אַרײַן אין דער טשאַפּרינע האָר און זיי צעשויבערט און בשעת מעשׂה מיט אַ געלעכטער געזונגען:

— „מוישע־קוישע, ברעך די שויבן!״

**מאַמע־לשון**

די גרעסטע איבערראַשונג און אַנטפּלעקונג זײַנען געווען סענ־דער׳ס געשפּרעכן וועגן ייִדיש אין די הײַזער פֿון דער רײַכער אינ־טעליגענץ. ווען מען פֿלעגט זאַטשעפּען מאַמע־לשון, פֿלעגט זיך סענדער אָנצינדן און אַ פֿײַער, וואָס איך האָב קיינמאָל פֿריער נישט געזען בײַ אים, פֿלעגט זיך צעפֿלאַקערן אין זײַנע בלויע אויגן.

איך געדענק אַזאַ נאָכמיטיק אין הויז פֿון דעם ציין־דאָקטאָר איסאַק מיכאַילעוויטש אַווערבוך אויף דער דוואָריאַנסקי גאַס. בײַ אים זײַנען געווען צוויי אינגלעך, גימנאַזיסטן, מיט וועלכע סענדער האָט געלערנט. אויך האָט דער דאָקטאָר געהאַט אַ פֿולע הויז קרובֿים פֿון די אַרומיקע שטעטלעך. איז אַז סענדער און איך פֿלעגן קומען, איז דאָס הויז געווען פֿול מיט מענטשן, איבערהויפּט דאַמען. מיך פֿלעגט מען שטענדיק, ווי עפּעס אַ געצוואונגענע נויטווענדיגקייט, אַוועקזעצן לעבן דער טיר. איך פֿלעג זיצן דאָרטן מיט סענדער׳ס פּאַנאַמע אין די הענט און נערוועז דרייען הין און צוריק. אַלע זײַנען געזעסן אַרום די ווענט און זיך צוגעהערט ווי אַזוי סענדער לערנט מיט די אינגלעך רוסישע ליטעראַטור.

נאָך דער שטונדע פֿלעגט דער דענטיסט אַרײַנציען סענדער׳ן אין פֿאַרשידענע געשפּרעכן און זיך באַמיען אין דער דיסקוסיע אַרויס־ווײַזן זײַן וואוילקענטעניש. מען פֿלעגט דערלאַנגען טיי און שטעלן זיך צוגעהערט ווי אַזוי איסאַק מיכאַילאָוויטש „דערלאַנגט״ דעם

לערער. דער ציין־דאָקטאָר האָט ליב געהאַט זיך הערן רעדן און זײַן הויז־געזינד און קרובֿים הערן סענדער'ס מעלאָדישע שטימע.

סענדער האָט יענעם טאָג געבראַכט מיט זיך, אונטער דער פּאַכווע די ייִדישע צײַטונג „דער קעשענעווער איד". ווען דער דענטיסט האָט דערזען בײַ אים די צײַטונג, האָט ער מיט פֿאַראַכטונג אַ מאַך געטאָן:

— „זאַטשעם וואָס נוזשנאָ, סענדער מאָרדקאָוויטש, עטאָ זשאַר־גאָנאַיאַ טריאָן"? (צוליב וואָס דאַרפֿט איר, סענדער מאָרדקאָוויטש, אָט די זשאַרגאָנישע שמאַטע?)

סענדער האָט זיך אָנגעצונדן און איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערהערט ענטפֿערן אויף ייִדיש:

— דאָס איז ניט קיין שמאַטע, הער אַווערבוך, און ייִדיש איז ניט קיין זשאַרגאָן. דאָס איז דאָס לשון פֿון מיליאָנען ייִדן איבער דער גאָרער וועלט.

— אויך מיר אַ לשון, חצי דײַטש און פּאָלאָוויני רוסיש! —

און אַווערבוך האָט זיך אַוועקגעשטעלט אָפּ'חוזק'ן פֿון זשאַרגאָן:

— עס האָט ניט קיין ווערטער, קיין גראַמאַטיק, קיין ליטעראַטור, קיין לײַב־און־לעבן! אָט למשל גיט מיר אַ זאָג אין זשאַרגאָן: „פֿעדאָט דאַ ניע טאָט".

סענדער האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ שטאַראַליקער:

— „די זעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט"!

— „סמירו פּאַ ניטקו — גאָלעמו רובאַשקאַ".

— פֿון יעדן אַביסל — אַ הונגעריקן אַ גאַנצע שיסל.

דער עולם אַרום איז געוואָרן נײַגעריק און נאָכגעפֿאָלגט סענדער'ס באַגײַסטערטע ענטפֿערס.

הער אַווערבוך איז געוואָרן נערוועז. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַם אָפֿענעם פֿענצטער און אויפֿהויבנדיק דעקלאַמאַטאָריש זײַן האַנט אַ זאָג געטאָן:

— נו, און אַ פּושקינ'ען האָט איר? אָט גיט מיר אַזעלכע שורות:

„או לוקאָמאָריאַ דוב זעליאָני,
זלאַטאַיאַ ציעפּ נאַ דובע טאָם,
אי דניאָם אי נאָטשיו קאָט אוטשיאָני
וסיאָ כאָדיעט פּאַ ציעפּי קרוגאָם".

(בײַם ים־ברעג שטײט אַ דעמב אַ גרינער
אַ קײט אַ גאָלדענע אויף יענעם דעמב,
און טאָג און נאַכט אַ קאָטער אַ למדן
גײט רונד אַרום אויף יענער קײט.)

סענדער איז אים געגאַנגען אַנטקעגן צום פֿענצטער אויך מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט:

— און מיר האָבן אַ י. ל. פּרץ און אָט האָט איר פֿיר פֿון זײַנע שורות:

אויף יענער זײַט ים
איז געשטאַנען אַמאָל
אויף הינערשע פּיסלעך
אַ הײַזל אין טאָל".

אַווערבוך'ן האָט פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם און ער האָט אָנגעהויבן דעקלאַמירן גאַנצע זײַטלעך פֿון פּושקינ'ס „רוסלאַן און ליודמילאַ". פּושקינ'ס וואונדערלעכע שפּראַך האָט אַלעמען באַצויבערט און ווען אַווערבוך איז געבליבן זיצן אַן אויסגעשעפּטער אין גרויסן פֿאָטעל, האָבן אַלע נצחונות'דיק געוואָרפֿן סענדער'ן אַרויסרופֿנדיקע בליקן.

סענדער איז רואיק צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און אָנגעהויבן אין אַ שטילן עפּישן טאָן דעקלאַמירן פּרצ'ס באַלאַדע „מאָניש" און מיטן גאַנג פֿון דער דערצײלערישער שפּראַך האָט אָנגעהויבן אויפֿשטורעמען דער דראַמאַטישער קאָנפֿליקט און דער טראַגישער פֿינאַל.

איך האָב סענדער'ן נאָך קײנמאָל פֿריער נישט געהערט אַזוי פּרעכטיק דעקלאַמירן.

ווען ער האָט פֿאַרענדיקט די גרויסע באַלאַדע, האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם פֿון אַפּלאָדיסמענטן. אַווערבוך איז געזעסן אײַנגעקאָרטשעט אין זײַן פֿאָטעל און אַ שוויים האָט באַשלאָגן זײַן צערונצלטן שטערן. פֿון זײַנע ציטערדיקע ליפּן האָט זיך אַרויסגעריסן. דאָס אײנציקע וואָרט:

— „טשודאָטוואָרעץ"... „טשודאָטוואָרעץ"... („וואונדער־שאַפֿער... וואונדערשאַפֿער"...).

ווען סענדער און איך זײַנען אַרוים אין דרויסן און זיך געלאָזט דורכן בולוואַר אַהײם, האָט מײַן האַנט אַ ציטערדיקע זיך אַרײַנ־געגליטשט אין זײַן אָפֿענער וואַרימער לאַדאָניע. ער האָט אָנגעכאַפּט

מיט ביידע הענט מײַנע פֿינגער און שטאָלץ און וואוילעריש אַ זאָג געטאָן אין ייִדיש:

— נו, דאַוויד, מיר האָבן זיי דערלאַנגט, אַ רוח אין זײַער טאַטן אַרײַן!

און ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

— סענדער, אפֿשר קען מען לייענען אָט דאָס ייִדישע ליד?

— „מאָניש"? געוויס! קום מיט מיר צו מעלער'ן!

און סענדער איז מיט מיר אַוועק צום „פֿלאַשטשאַד", צו אַבֿרהם מעלער'ן אין ביכער-געשעפֿט און אַרײַנקומענדיק זיך פֿריילעך באַגריסט און געזאָגט:

— הער מעלער, איך ברענג אײַך אַ נײַעם ייִדישן לייענער. ער וועט אָנהויבן מיט י. ל. פּרצ'עס „מאָניש". איז גיט אים דאָס קליינע ביכעלע. דאָס גיב איך אים אַ מתּנה לזכר פֿון הײַנטיקן שיינעם טאָג.

— סענדער, איר האָט שוין ווידער אָפּגעהאַלטן אַ ליטעראַרישן זיג, וואָס איר טיילט שוין ווידער מתּנות? זאָל גאָט אײַך העלפֿן אַ סך אַזעלכע זיגן און ברענגט מיר וואָס מער נײַע ייִדישע לייענער.

און מעלער האָט מיט פֿרייד אַרונטערגענומען פֿון אַ פּאָליצע דאָס קליינע ביכעלע.

סענדער האָט אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע זײַן שרײַב-פּען און אָנגעשריבן מיט קליינע קײַלעכדיקע בוכשטאַבן.

„אַ מתּנה מײַן ליבן שילער".

יאָרן לאַנג האָב איך אַרומגעטראָגן אין בוזים-קעשענע דאָס קליינע ביכעלע. אפֿשר די שענסטע און טײַערסטע מתּנה אין מײַן לעבן.

# היימישע אַקטיאָרן

דאָס האַרץ־רירנדיק דראַמאַטיש וואָרט און דאָס שפּילעוודיקע געזאַנג פֿון דער פֿאָלק־אָפּערעטאַ האָט פֿרי אָנגעשלאָגן אין מײַן קינדערשער נשמה.

די שפּילער פֿון אונדזער סאַראַקער דראַמאַטישן־קרײַז בײַ דער קולטור־ליגע מיט זייערע אויפֿטרעסלענדיקע דיאַלאָגן און מײַן מאַמע און די נייטאָרין העניע מיט זייער געזאַנג פֿון גאָלדפֿאַדנ׳ס אָפּערעטן בײַ אונדז אין שנײַדער־הויז פֿלעגן אָפּקלינגען אין מײַנע בלוטן און צעפֿלאַטערן דאָס געפֿליגלטע וואָרט און די לירישע מעלאָדיעס.

איבערהויפּט פֿלעגט זיך מײַן פֿאַנטאַזיע און געמיט צעשפּילן ווען דראַמאַטישע־טרופּן פֿלעגן אַרונטערקומען גאַסטראָלירן אין גאָרדינ׳ן און הירשביינ׳ס פּיעסן און אין גאָלדפֿאַדנס און לאַטײַנערס אָפּערעטן.

**שנײַוווּיִים**

קיין געלט אויף בילעטן האָבן מיר, קונדסים, ניט געהאַט און שנייוויִים, דער קאָנטראָליאָר אין אונדזער טעאַטער „פּאַלאַס", איז געווען זייער אַ שטרענגער און קיינעם אומזיסט נישט אַרײַנגעלאָזט.

אָבער מיר האָבן געפֿונען אַ מיטל וויאַזוי זיך אַרײַנצוכאַפּן אין טעאַטער. דאָס שטיבל פֿון אונדזער פֿרײַנט דער פּאָטשטאַליאָן טיראָשקאַ איז געווען פּונקט בײַם אַרײַנגאַנג צו דער בינע פֿון טעאַטער. טיראָשקאַ פֿלעגט אונדז דרײַ חבֿרים, שמיל־אַרן, הערשל און מיך לאָזן וואַרטן אויף זײַן גאַניקל ביז דער ערשטער גלאָק פֿלעגט אָנזאָגן אַז דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך באַלד אויף. דאַן פֿלעגן מיר זיך אַרײַנכאַפּן דורך דער הינטער־טיר אויף דער בינע און זיך פֿאַרשטעקן צווישן די דעקאָראַציעס און קאַסטנס.

די אַקטיאָרן און די בינע-פֿאַרוואַלטער זיינען געווען אַזוי צעטראָגן און פֿאַרטאָן אין זייערע אַרבעטן אַז זיי האָבן אונדז אַפֿילו נישט באַמערקט. אַזוי אַרום זיינען מיר געווען די בעסטע באַאָבאַכטער וויאַזוי די אַקטיאָרן גרייטן זיך אַרויסטרעטן און וויאַזוי זיי שפּילן און די קונצן וואָס קומען פֿאָר אונטער די קוליסן.

## שמריה הערלעכמאַן

מיר האָבן זעלטן געזען די פּראָפֿעסיאָנעלע אַקטיאָרן ביי זייערע רעפּעטיציעס, דערפֿאַר אָבער זיינען די רעפּעטיציעס און די פֿאָר־ברייטונגען פֿון אונדזער סאָראָקער דראַמאַטישן קריַיז געווען זייער אינטערעסאַנט און פֿאַרכאַפּנדיק.

זייער אָנפֿירער, שמריה הערליכמאַן, פֿלעגט פֿאַררופֿן אַ פֿאַר־זאַמלונג פֿון אַלע ליבהאָבער פֿון טעאַטער און אַספּיראַנטן צו שפּילן. ביי יאָליסן, אין דעם באַקאַליי־געשעפֿט אויף דער אָדעסער גאַס, אויף אַ הויבערשטן גאָרן, פֿלעגט מען זיצן און הערן ווי הערליכמאַן לייענט די פּיעסע און שפּילט־אויס די ראָלן.

דערנאָך פֿלעגט מען זיך נעמען דינגען ווער עס זאָל שפּילן די אָדער יענע ראָל. עס פֿלעגט אָפֿט קומען צו קריגערייען און שיור נישט צו געשלעגן. אַז מען האָט זיך ווי עס איז איַינגעשטילט, פֿלעגט שמריה אויסטיילן די איבערגעשריבענע ראָלן צו צוויי פּאָטענציעלע שפּילער פֿאַר דער זעלבער ראָל.

די ערשטע פּראָבע איז געווען מיט אַ וואָך שפּעטער, ווען יעדער שפּילער האָט פֿריער פֿאַרגעלייענט זיַין ראָל און דערנאָך דורכגעגאַנגען עטלעכע דיאַלאָגן מיט אַ צווייטן ראָליסט. דאַן פֿלעגט ווידער ווערן אַ טומל און אַ קריגעריַי. מען האָט אומ׳רחמנות׳דיק אַרונטערגעריסן יעדער אַנדערן שפּילער און זיך זייער געערגערט פֿון יעדן קריטישן וואָרט איבער אייגענעם לייענען אָדער שפּילן.

## שמריה האָט דאָס לעצטע וואָרט

דאַן פֿלעגט שמריה אַרויסטרעטן און האָבן זיַין לעצט וואָרט. ער פֿלעגט צעטרייבערן יעדן שפּילער און אָנוויַיזן אויף זייערע מעלות און חסרונות און צום סוף אויסקליַיבן זיַין טרופּע פֿאַר דער שפּיל. נאָכדעם ווי ער האָט באַשלאָסן האָט מען שוין נישט געקאָנט אָדער געטאָרט בײַטן. ער איז געווען אַן עקשן אָבער אַ פּייאַיקער און אַרבעטזאַמער רעזשיסער.

איך געדענק אַ גאַנצע גרופּע פֿון ליבהאָבער־שפּילער, יונגע אַרבעטער און אינטעליגענטן. איך פֿלעג ליב האָבן צו הערן פֿאַרלייענען און סופּלירן דעם יונגן לייבעלע באַרטאַוואַי, דאָס שקאַצערײַ פֿון רעציטירן און זינגען פֿון קופּלעטן פֿון הערשל גערבס.

**יונה חיים־הערש־ריווקעס**

דער באַליבטער שפּילער אָבער בײַ אונדז אין שטעטל איז געווען דער שנײַדער־געזעל יונה חיים־הערש־ריווקעס. ער איז געווען אַ הויכער שיינער יונג מיט אַ מאַגנעטישער שטימע צום דעקלאַמירן און אַ לירישן טענאָר צום זינגען.

זײַן שפּילן הערשעלע דובראָוונער אין גאָרדינ׳ס „גאָט, מענטש און טײַפֿל" האָט אויף מיר געמאַכט דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק. דאָס איז געווען די ערשטע ערנסטע און דראַמאַטישע שפּיל וואָס איך האָב געזען. זײַן זינגען „מזמור לדוד" קלינגט מיר נאָך הײַנט אין האַרצן.

זײַן טאַטע, חיים הערש־ריווקעס, האָט געהאַט זײַן שנײַדער־וואַרשטאַט עטלעכע הײַזער פֿון מײַן זיידנ׳ס הויז לעבן „פּערעאולאָק". יונה׳ס זינגען בײַם נעניי פֿלעגט מיך זייער אָפֿט צוציען.

איין מאָל, ווען איך בין געבליבן שטיין לעבן זייער אָפֿענער טיר און זיך צוגעהערט צו זײַן זינגען, האָט ער מיך באַמערקט און אַרײַנגערופֿן:

— קום אַרײַן, דודאַלע, און זעץ זיך צו.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים בשעת ער האָט געשטעפּט אויף דער זינגער־מאַשין און געזינגען:

„נעמט צונויף די סנאָפּעס ברידער".

איך האָב אים מיט פֿאַרוואונדערונג געפֿרעגט:

— יונה, אַז דו האָסט אַזוי שטאַרק ליב צונויפֿנעמען סנאָפּעס, פֿאַרוואָסזשע ווערסטו ניט קײַן ערד־אַרבעטער?

ער האָט אָפּגעשטעלט די נײ־מאַשין און מיך מיט שטוינונג באַטראַכט און מיט אויפֿגעהויבעטע הענט זיך געווענדעט צו זײַן טאַטן:

— דו הערסט אַ פֿראַגע, טאַטע?

דער אַלטער חיים־הערש איז צוגעקומען צו מיר מיט אַ שמייכעלע און געזאָגט:

— קינד מײַנס, ווײַל מיר זיינען אין גלות. ווען מיר האָבן אייגענע ערד וואָלטן מיר בעסער געזינגען בײַם שנײַדן תּבֿואות איידער בײַם פֿינצטערן שנײַדערײַ.

## מרדכי־זיידל

אַ צווייטער וואָס האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערע ווירקונג אויף מיר און מיך שיור נישט געמאַכט פֿאַר אַ שוי־שפּילער איז געווען דאָס בעקער־ייִנגל מרדכי־זיידל, רבֿקה דער אַלמנה'ס זון, וועמענס זיידע שמואל בעלום האָט געהאַט אויפֿן מאַרק אַ קלייטל מיט ניס, קערלעך און געטרוקנטע פֿרוכטן.

רבֿקה האָט חתונה געהאַט פֿאַר אַ סטאָליער אין קאַמינקע, פּאָדאָליע. נאָך זעכצן יאָר זײַן אינדערפֿרעמד איז זי, נאָכדעם ווי איר מאַן איז געשטאָרבן, אַהיימגעקומען קײַן סאָראָקי און מיטגעבראַכט איר 15־יעריקן ייִנגל, דעם יתום מרדכי־זיידל, וועלכער איז שוין געווען אַ בעקער־געהילף און שוין געשפּילט טעאַטער אין קאַמינקער דראַמאַטישן קרײַז.

## שמילאַטיע

די ייִנגלעך בײַ אונדז אין גאַס זײַנען געווען אָרגאַניזירט אין אַ חבֿרה מיט שמיל־אַרען'ען אַלס דער „קעניג". שמיל־אַרן איז געווען אַ גרויסער, געזונטער בחור וועלכער האָט זיך נאָר געוואָלט שלאָגן און זיך שפּילן. זיך לערנען איז אים נישט געגאַנגען אין דער לינקער פּאה.

ווען מיר האָבן זיך געלערנט אין דער אַלטער תּלמוד־תּורה איז שמיל־אַרן דרײַ יאָר נאָכאַנאַנד געבליבן אין ערשטן קלאַס. אונדזער לערער מאָדעסט ספּעקטאָר פֿלעגט זיך פֿאַר אים קלאָגן:

— שמיל־אַרן, וואָס וועט זײַן דער סוף? זע נאָר, אַלע דײַנע חבֿרים זײַנען שוין צוויי מאָל אַריבער אין העכערע קלאַסן, און דו זיצסט נאָך אַלץ אויף דער זעלבער באַנק.

שמיל־אַרן פֿלעגט אָנשטעלן זײַנע וואַסערדיקע אויגן און תּמ'ע־וואַטע פֿרעגן:

— וואָסזשע, די בענק זײַנען דאָרטן בעסערע ווי דאָ?

דערפֿאַר האָט אים דער לערער ספּעקטאָר אַ נאָמען געגעבן „שמילאַטי". די מערסטע מאָלדאָוואַנישע נעמען ווערן פֿאַרצויגן: נאַלאַטי, פּעטראַטי, קאָסטאַטי.

## דער שטענדיקער קעניג

שמילאַטי איז געווען דער שטענדיקער קעניג בײַ אונדז אין גאַס. ער האָט קיינים נישט צוגעלאָזט צום גרויסן כּבֿוד, מען האָט פּשוט

מורא געהאַט פֿאַר זײַנעם אַ זעץ. דאָס העכסטע וואָס איך בין דער־גאַנגען אין זײַן שני־למלך.

אַחוץ שלאָגן זיך מיט די ייִנגלעך פֿון די אַנדערע גאַסן פֿלעגן מיר זיך שפּילן אין „רויבער", „קאָזאַקן און טשערקעסן", „פּאַראַכאָד" און „סטענקאַ ריאַזין". אָבער די אינטערעסאַנטסטע שפּיל איז געווען „טריאַטער" — „יוסף־שפּיל", „קעניג־אחשורוש" און אַנדערע.

## דאָס בעקער־ייִנגל

ווען מרדכי־זיידל איז געוואָרן דער בעקער־געהילף בײַ בערל בעקער, בײַ אונדז אין גאַס, און מיר האָבן זיך דערוואוסט אַז ער האָט שוין געשפּילט טעאַטער איז שמילאַטי באַשטאַנען אַז מיר נעמען אים אַרײַן אין אונדזער חבֿרה און זאָל ער אונדז לערנען שפּילן טעאַטער.

מיך האָט ער באַפֿוילן גיין רעדן מיט מרדכי־זיידלען. ווען איך בין צוגעקומען צו דער „באַשקע" (קעלער־וואוינונג) פֿון בערל'ס בעקערײַ האָב איך דערהערט גוואַלדן: אַ פֿרוי וויינט און אַ מאַן בייזערט זיך. זי קלאָגט־זיך און ער שילט־זיך.

ערשט איך קוק אַרײַן אין דער בעקערײַ, זע איך ווי מרדכי־זיידל שטייט איינער אַליין אינמיטן דער בעקערײַ, אַ פֿאַרשטויבטער אין מעל, טראָגט אַ פֿאַרטיק ברויט אויף אַ הילצערנער לאָפּעטע אין הויוון אַרײַן און אינמיטן דרינען בלײַבט ער שטיין און שפּילט אויס אַ סצענע פֿון אַ מאַן מיט אַ פֿרוי וואָס קריגן זיך. אָט איז ער די וויינענדיקע פֿרוי און אָט איז ער דער בייזער מאַן.

ווען איך האָב מרדכי־זיידלען דערקלערט וואָס מיר ווילן האָט ער אָנגענומען. צו אונדזער ערשטער אסיפֿה מיט אים האָט ער מיט־געבראַכט זײַן שיין שוואַרצחנעוודיקע שוועסטעריל מינצי.

## צאַן־קדושים, הוראַ!

יענעם אָוונט ווען דער בליץ־לאָמפּ בײַ אונדז אין גאַס איז אָנ־געצינדן געוואָרן, (עס פֿלעגט נעמען אַ צען־פֿופֿצן מינוט ביז ער האָט זיך צעברענט, ער פֿלעגט זיך צינדן און לעשן יעדע עטלעכע סעקונדן,) האָט שמילאַטי מיט זײַן חבֿרה אַרויסגעפֿירט מרדכי־זיידלען פֿאַר דער וועלט.

יעדעס מאָל ווען דער לאָמפּ האָט זיך אָנגעצינדן האָט שמילאַטי אַ געשרײַ געטאָן:

— צאַן־קדושים!

און מיר האָבן אויסגעשריגן:

— הורא! הורא!

מען איז אַרוים פֿון אַלע טירן קוקן אויפֿן בייז־וואונדער. שמילאַטי האָט דאָן אַ געשריי געטאָן:

— איך שטעל פֿאָר דעם אַקטיאָר, מאָרדכי־זיידל קאַמינקער!

און מרדכי־זיידל האָט זיך אָוועקגעשטעלט און דעקלאַמירט ביאַליק׳ס „דאָס לעצטע וואָרט”. דער עולם האָט געקלאַפּט בראַוואָ און פֿון דעמאָלט אָן האָט מרדכי־זיידל אָנגעפֿירט מיט אונדזערע שפּילן.

## די שיינע מלכּה

מרדכי־זיידל האָט מיט אונדז געגומען איינשטודירן די „אחשורוש־שפּיל”. שמילאַטי איז גלייך געוואָרן קעניג אחשורוש און מינצי אסתּר המלכּה. זי האָט געהאַט אַ שיינע שטימע צום זינגען. איך האָב זיך אַנטזאָגט צו שפּילן המן־הרשע און געוואָרן מרדכי־הצדיק.

שמילאַטי האָט זיך גלייך גענומען קושן מינצין:

— אַ קעניג דאַרף קושן זיין מלכּה!

ווען ער האָט מיך געכאַפּט קושן מינצין האָבן זיך זיינע וואַסער־דיקע אויגן צעשטורעמט:

— הער אויף! בלויז דער מלך דאַרף קושן די מלכּה!

— אַ פֿעטער מעג קושן זיין פּלימעניצי, אַפֿילו ווען זי איז אַ מלכּה!

— אָבער בלויז ווי אַ פֿעטער — אין שטערן!

## וואָס איז געוואָרן פֿון יונה׳ן און מרדכי־זיידלען

יונה חיים־הערש־ריווקעס און מרדכי־זיידל זיינען ביידע געקומען קיין אַמעריקע און פּרובירט זייער מזל אויף דער בינע. יונה האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן פֿון מאָרים שוואַרץ קונסט־טעאַטער און צום סוף געוואָרן דער חזן פֿון דעם שולכל פֿון זיינע לאַנדסלייט. זיין נידער־לאָגע אויף דער בינע האָט געבראָכן זיין געמיט און ער האָט דער־טרונקען זיינע צרות אין ביטערן טראָפּן.

מרדכי־זיידל האָט אין ניו יאָרק זיך אָנגעשלאָסן אין איינעם פֿון די דראַמאַטישע־קרייזן ביי די אַרבעטער־קלובן און איז שפּעטער געוואָרן איינער פֿון די טאַלאַנטפֿולע שפּילער אין „אַרטעף”.

און ווען איך זע אים (מאַקס שניידערמאַן) נאָך היינט, אויפֿטרעטן פֿאַר אַן אַרבעטער־אוידיטאָריע ווילט זיך מיר אויסשרייען:

— צאָן־קדושים, הורא!

# פּאַלגע

ביז מײַן אָנקומען אין ערשטן קלאַס גימנאַזיע האָב איך קיינמאָל נישט געפֿילט דעם גבֿיראָקראַטישן סנאָביזם קעגן זיך. קיינער האָט מיר פּערזענליך נישט פֿאָרגעוואָרפֿן מײַן שנײַדערישן אָפּשטאַם און זיך נישט געשעמט מיט מײַן יחוס.

טאָמער פֿלעגן די קינדער פֿון די אַריסטאָקראַטישע גאַסן זיך טשעפּען צו אונדז קינדער פֿון שוסטער-און-שנײַדער גאַס, פֿלעגן מיר זיי אָנברעכן די ביינער און אויף מאָרגן זיך געשפּילט מיט זיי גלײַך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.

די רײַכע קינדער פֿלעגן אונדז אָפּט אויפֿנעמען מיט אָט דעם רייצנדיקן לידל:

שנײַדערוק — שוסטערוק,
נעם די שטיוול
און טראָג־אָפּ!

מיר פֿון אונדזער זײַט פֿלעגן זיי אָפּענטפֿערן מיט אָט דעם לידל:

צירלעך, מאַניערלעך,
איידעל, קאָכעס;
טרינק קאַפֿיר
און עס קאַדאָכעס!

**ליאָווע קאַגאַן**

מיט איינעם אַזאַ רײַכן זינדעלע, ליאָווע קאַגאַן, האָב איך זיך זייער באַפֿרײַנדעט אין אונדזער קלאַס. מיר פֿלעגן זיצן איינער לעבן צווייטן, זיך געטיילט מיט אונדזערע העפֿטן, כּדי איינער זאָל בײַם צווייטן איבערשרײַבן און אַפֿילו געטיילט דעם לעצטן ביסן.

מערסטנס פֿלעגט ער קומען צו אונדז אין הויז אַרײַן. איך צו זיי בין זייער זעלטן געגאַנגען. עפּעס האָט ער אויסגעמיטן מיך אײַנלאַדן.

ווען ער איז אין פֿרילינג געוואָרן 12 יאָר האָבן זײַנע עלטערן באַשלאָסן אים מאַכן אַ גרויסע געבורטס־טאָג פֿײַערונג. ער האָט מיך דעם ערשטן פֿערזענלעך אײַנגעלאַדן און איך האָב אָנגעהויבן קלײַבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן כּדי אים קענען קויפֿן אַ שיינע מתּנה.

גראַדע איז דער טאַטע דאַן געפֿאָרן קיין אָדעס קויפֿן סחורה און ער האָט מיר צוגעזאָגט ברענגען פֿאַר 10 קאָפּיקעס אַ שיינעם קאָלירטן „וויד" (פּאָסט־קאַרטל בילד) פֿון אָדעס.

דרײַ וואָכן פֿאַר ליאָוועס געבורטס־טאָג האָט דער טאַטע זיך צוריקגעקערט פֿון אָדעס און מיר געבראַכט דעם „וויד". אַ פּראַכטפֿולע פּאַנאָראַמע פֿון אָדעסער פּאָרט מיט די באַרימטע ווײַסע טרעפּ.

ווען ליאָווע האָט דערזען דעם „וויד" האָט ער אָנגעהויבן זיך בעטן בײַ מיר איך זאָל אים גלײַך געבן „זײַן" מתּנה. וואָס איך האָב נישט פּרובירט דערקלערן אַז אַ מתּנה דערלאַנגט מען ערשט בײַם יום־טובֿ, האָט ער זיך נישט אונטערגעגעבן.

נו, האָב איך אָנגעשריבן „צום אייביקן אָנדענק" און אויסגעדריידלט מײַן אונטערשריפֿט און אים עס געגעבן. איך האָב געפֿילט אַז מײַן זײַן בײַ דער „אימענינע" (געבורטס־טאָג פֿײַערונג) איז אַ פֿאַרזיכערטע.

## איך קריג נישט קיין אײַנלאַדונג

ליאָוועס עלטערע שוועסטער, צוויי גימנאַזיסטקעס פֿון די העכערע קלאַסן האָבן אַרויסגעשיקט די אײַנלאַדונגען. מיך האָבן זיי אויסגעלאָזט. איך האָב זיך דערוואוסט אַז אייניקע אַנדערע רײַכע זינדלעך, אויך סטודענטן אין אונדזער קלאַס, האָבן שוין דערהאַלטן די אײַנלאַדונגען. איינער האָט מיר אַפֿילו געוויזן דעם קאָנווערט מיט זײַן נאָמען אויף אים.

אַ גאַנצע וואָך האָב איך געוואַרט אַז אונדזער פּאָטשטאַליאָן (בריוו־טרעגער) טיראָשקאָ וועט מיר ברענגען די אײַנלאַדונג. ליאָוואַ האָט זיך מיר נישט געוויזן פֿאַר די אויגן און איך האָב זיך געשעמט אים זוכן און אים פֿרעגן וועגן דעם.

איך האָב בײַ זיך אָפּגעמאַכט אַז די מינדלעכע אײַנלאַדונג פֿון אַ פֿרײַנט איז בעסער ווי די געשריבענע אײַנלאַדונג פֿון זײַנער אַ שוועסטער און זיך גענומען גרייטן. אין טאָג פֿון דער פֿײַערונג האָב

איך זיך אָפּגעפּוצט די שטיוועלעך, גוט אָנגעריבן די מעשענע קנעפּ און דעם שפּראַנטשיק פון מײַן גאַרטל און דעם גערב פון מײַן היטל און זיך אַרויסגעלאָזט צום „פּערעאָולאָק" וואו די קאָגאַנ'ס האָבן געוואוינט.

ווען איך בין צוגעקומען צו דער טיר האָבן די צוויי עלטערע גימנאַזיסטקעס און זייערער אַ פרײַנט אַ גימנאַזיסט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט אויף דער אײַנלאַדונג.

איך האָב זיי דערקלערט אַז ליאָווע האָט מיך פּערזענלעך אײַנ־געלאַדן און אַז איך האָב אים אַפילו שוין געגעבן מײַן מתּנה אין פאַראויס. זיי האָבן זיך אויסגעלאַכט פון מיר און ווען איך האָב זיך אײַנגעשפּאַרט און נאָר געוואָלט זיך אַרײַנשטופּן אין הויז אַרײַן, האָט מיך דער גרויסער בחור אַ שטויס געטאָן אין האַרצן אַז איך בין שיער נישט אַרונטער פון גאַניקל.

איינע פון די מיידלעך האָט זיך צעשריגן אויף מיר:

— טראָג זיך אָפּ, פּאַלגע!

דער שטויס אין האַרצן האָט מיר נישט אַזוי אַ ברי געטאָן ווי אָט דאָס זידל־וואָרט: פּאַלגע.

איך בין אַרונטער די טרעפּלעך און כמעט ווי געלאָפן אַן אויפ־געטרעגטער און פאַרשעמטער צו מײַן אַנטרינונגס־פּלאַץ — צום דניעסטער.

איך בין געבליבן זיצן אויף אַ ספּלאַוו בײַם ברעג און טרערן האָבן מיר גענומען פּליסן פון די אויגן.

## וואַרטאַס

מיטאַמאָל איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר מײַן פרײַנט, דער מאָל־דאַוואַן וואַרטאַס, דער סאַפּילקע־שפּילער, און לאַנג שווײַגענדיק געזעסן לעבן מיר און באַטראַכט מײַנע טרערן.

מיטאַמאָל האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— ווער האָט דיך באַליידיקט?

איך האָב אים אַ וויינענדיקער דערציילט וואָס מיט מיר איז געשען. ער האָט געהײַמניספול געשמייכלט און געפרעגט:

— נו, און דעם „וויד" האָסטו נישט גענומען צוריק? איך וואָלט זיי אויסגעזעצט די שויבן!

אַ פֿײַער האָט אַ שטראָם געטאָן בײַ מיר אין די בלוטן. איך האָב דערפֿילט אַז מײַנע הענט בײַלן זיך אין די פֿויסטן און איך בין אַוועק מיטן ברעג, אין איין אָטעם, אין שטאָט אַרײַן.

וואַרטאַס האָט זיך צעלאַכט און נאָכגעשריגן:

— דערלאַנג זיי, דער טײַפֿל זאָל זיי נעמען!

ווען איך בין צוגעקומען צו ליאָווע קאָגאַנ׳ס הויז זײַנען שוין די דרײַ נישט געווען בײַ דער טיר. פֿון אינעווייניק האָט זיך דערהערט דאָס שפּילן פֿון אַ גראַמאָפֿאָן, דאָס געטאַנץ פֿון פֿיס און דאָס קינדערשע פֿריילעכע געלעכטער.

## צאָרן

איך האָב אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר און געבליבן שטיין אַ פֿאַרשטויבטער און אַ פֿאַרשוויצטער אין גרויסן צימער.

קאָלירטע סטענגעס האָבן זיך געצויגן פֿון דער סטעליע צו די ווענט. דער גרויסער טיש איז געווען פֿול מיט לאַקאָמקעס, טאָרטן, קאָנפֿעקטן און פֿרוכט. אויפֿן קרעדענץ זיינען געשטאַנען די מתּנות ווי אויך מײַן „וויד״.

נישט מיט מײַן קול האָב איך אַ יעכץ געטאָן ווײַזנדיק מיטן פֿינגער צום קרעדענץ:

— אָטדאָי מניע „וויד״! (גיב מיר צוריק מײַן „וויד״)

דאָס שפּילן האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער עולם איז פֿאַרגליווערט געוואָרן און דערשטוינט געקוקט אויף מיר.

ליאָוועס מאַמע האָט אים באַפֿוילן מיר צוריקגעבן מײַן „וויד״. ער איז אַ נערוועזער און בלאַסער צוגעגאַנגען צום קרעדענץ און מיר דערלאַנגט דעם „וויד״.

איך האָב אים אַ ריס געטאָן פֿון זײַנע הענט און צודריקנדיק צום האַרצן אַרויס פֿון דער טיר און אַרונטער די טרעפּ פֿון גאַניק. אַ קוויטשענדיקע פֿרויען־שטימע האָט מיך נאָכגעיאָגט:

— אָט אַ חוצפּה פֿון אַ פּאַלגע!

# הענ יע

זי איז געווען די בעסטע און שנעלסטע שטעפּערין בײַ מײַן טאַטן אין שנײַדער-וואַרשטאַט און דער געקלאַנג פֿון איר מאַשין און דאָס געזאַנג פֿון איר שטימע זײַנען מיר, פֿון קינדווײַז אָן און ביז מײַן פֿריער יינגלשאַפֿט, אַרײַן אין די בלוטן און געבליבן אויף שטענדיק אין האַרצן.

זי איז געווען לעווין דעם שוסטער׳ס טאָכטער, אַ מוסקולירטע בלאָנד-קוטשעריאַווע מיידל מיט אַ פּנים מיט ראָזעווע באַקן און בלוי-שמייכלענדיקע אויגן.

איר שטימע האָט געקלונגען ווי אַ קרישטאָלענער באָקאַל ווען מ׳טוט אין אים אַ שנעל מיטן פֿינגער. ווען זי האָט געלאַכט האָט עס אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן הויז און אין דרויסן אַרויס. מיר דאַכט זיך אַז די ערשטע זאַך וואָס איך געדענקט פֿון מײַן פֿריערסטער געדעכעניש איז איר פֿריידיקער געלעכטער.

### פֿון אַרבעט און נויט

העניע׳ס לידער פֿלעגן מיך אויפֿוועקן אינדערפֿרי און אײַנשלעפֿערן אין אָוונט. איך פֿלעג ליב האָבן זיצן אין דער „ראַבאָטשע" (אַרבעט-צימער) אין פֿירעקעדיקן פֿענצטעריל פֿון דער הרובע-וואַנט וואָס טיילט אָפּ דעם וואַרשטאַט פֿון אַלקער, און הערן העניע׳ן און אירע אַרויסהעלפֿערס. די צוויי שנײַדער-געזעלן ברוך און שלום, זינגען זייערע לידער. איבערהויפּט פֿלעגט קלינגען מונטער און רירנדיק דאָס ליד „שוועסטער און ברידער פֿון אַרבעט און נויט".

פֿון זיבן פֿרי ביז זיבן אין אָוונט פֿלעגן בײַ אונדז אין הויז הודזשען די ניי-מאַשינען און די געזעלן צוקלינגען זייערע געזאַנגען. איך געדענק אַ קורץ טרויעריק לידל וואָס העניע פֿלעגט שטענדיק זינגען:

מײַן מאַמע וועקט מיך אויף,
מיט אַ גרויסער מי,
שטיי שוין אויף טאָכטערשע,
ווײַל עס איז שוין אינדערפֿרי.

שטיי איך אויף און טו מיך אָן,
און טו מיר צו מײַן אַרבעט גיין.
גרויסער גאָט שיק מיר צו מײַן זיוויק
איך זאָל שוין מער נישט דאַרפֿן נייען.

דער גרעסטער פֿאַרגעניגן איז געווען אין די פֿאַרטאָגן ווען דער טאַטע פֿלעגט מיך שיקן אויפֿוועקן העניען, וועלכע פֿלעגט זיך זייער אָפֿט פֿאַרשפּעטיקן. דער טאַטע פֿלעגט כּמעט קיינמאָל איר ניט אויסרעדן, אָבער דאָך פֿלעגט ער מיך שיקן זי אויפֿוועקן. זי האָט געוואוינט אַ פּאָר הײַזער פֿון אונדז.

ווען איך פֿלעג אַרײַן צו לעווין דעם שוסטער אין הויז איז ער שוין געזעסן אויף זײַן בענקעלע אַרום דעם קליינעם טישעלע און געשנורעוועט אַ שטיוול. אַ באַברילטער, מיט בינטלעך גרוי־שוואַרצע באַקענבאַרדן און פֿאַרדרייטער קײַלעכדיקער באָרד און שאַרפֿע גרויע אויגן אונטער גרויסע ברעמען, איז ער שטענדיק געווען אַ פֿאַרכמורעטער.

ווען ער פֿלעגט מיך דערזען פֿלעגט ער אַ ברום טאָן אונטער דער נאָז:

— אָ, אָ, אָט גייט שוין דער שאַלאָטן־שמש דיך רופֿן, טאָכטער!

העניע פֿלעגט אַ מידע זיך ציען אויפֿן בעט אין צווייטן חדר און אַרויסזאָגן:

— קום אַרײַן, דודעלע.

אין איר צימער איז געווען וואַרעם און עס האָט געשמעקט מיט רויזן־דופֿט. זי האָט אויסגעשטרעקט אירע אַנטבלויזטע הענט צו מיר און מיך צוגעצויגן צום בעט און איר וואַרעמען קערפּער.

אַ שרעק פֿלעקט מיך שטענדיק באַפֿאַלן און מיך צוריקגעהאַלטן. די הענט מײַנע פֿלעגן פֿילן אַז עפּעס ציט זיי צו העניען אָבער מײַנע פֿיס פֿלעגן גליוורען צו דער ערד.

זי פֿלעגט דאָס באַמערקן און שעלמיש לאַכן:

— האָב נישט קיין מורא, נאַרעלע. אַ קינד מעג זיך קישן.

און זי פֿלעגט מיך אַ וואַלגער טאָן און לאַנג קושן און מײַן געביין פֿלעגט ציטערן פֿון הנאה און שרעק.

גייענדיק מיט מיר צו אונדז אַהיים פֿלעגט זי זאָגן:

— אַז אויסגעריסן זאָלן זיי ווערן! לאָזן ניט שלאָפֿן!

— ווער?

— די באַלעבאַטים.

— שילסט דעם טאַטן?

— ניין, ניט דײַן טאַטן. איך מיין די רײַכע, די פּוסט־און־פּאַס־ניקעס. דײַן טאַטע איז אַן אָרעמער שנײַדער און אַרבעט אַזוי שווער ווי איך.

איך בין איר געווען דאַנקבאַר דערפֿאַר. איך האָב נישט געוואָלט אַז מײַן טאַטע זאָל זײַן אַ באַלעבאָס און פּוסט־און־פּאַסניק וועמען ליבע מיידלעך שילטן.

## „מײַן האַרץ"

העניע האָט געהאַט איר חתן אין אַמעריקע און ער האָט זייער ווייניק וואָס געשריבן צו איר. די מאַמע פֿלעגט זאָגן אַז עס איז אַ רחמנות אויף איר און אַז איר האַרץ גייט אויס נאָך איר געליבטן.

דערפֿאַר פֿלעג איך אַלעמאָל אויפֿציטערן ווען איך פֿלעג זייער אָפֿט הערן העניען זינגען:

מײַן האַרץ, מײַן האַרץ וויינט אין מיר,
אַז איך דאַרף זיך שיידן איצט מיט דיר,
מײַנע געדאַנקען — אַהין, אַהער,
מיט דיר צו שיידן איז מיר שווער.

און וואָס פֿאָרסטו מײַן זיס לעבן?
וואָס פֿאָרסטו פֿון מיר אַוועק?
וואו וועל איך דיך דאַרפֿן זוכן,
זאָג־זשע מיר אויף וועלכן וועג.

פֿון ערשטן שטעטעלע, פֿון ערשטן דערפֿעלע
דאָס ערשטע בריוועלע שרײַב צו מיר.
בעטן, בעט איך דיך, מײַן זיס־לעבן,
פֿאַרגעסן זאָלסטו ניט אין מיר.

גראַדע פֿלעגט טאָג און נאַכט בײַ אונדז אין הויז איבערליגן שעפּסעלע דעם קצבֿ'ס, אַ הויכער ברונעט מיט רויטע בעקעלעך און

בלאָסן געזיכט. ער איז געווען אַ טשאַבאַטעטשניק און אַלע האָבן געוואוסט אַז ער האָט שוין נישט לאַנג צו לעבן.

ער פֿלעגט זיך קיינמאָל נישט אָנזעטיקן פֿון העניעס געזאַנגען. זומער פֿלעגט ער שטיין אינדרויסן בײַם פֿענצטער און אַריבערשטעקן דעם קאָפּ צו העניען, זיך אָנהערן אין אירע געזאַנגען און קוקן איר אין די אויגן און שמייכלענדיקן פּנים. ווינטער פֿלעגט ער זיצן בײַ אונדזער וואָרעמער הרובע און זײַן האַרץ איז געווען לעבן העניע׳ן.

העניע האָט געוואוסט אַז ער האָט זי ליב און נישט געוואָלט אים ווײ טאָן. ער האָט געוואוסט אַז זי בענקט נאָך איר באַשערטן אין אַמעריקע, אַז יענער לאָזט פֿון זיך נישט הערן, און ער האָט געהאָפֿט טאָמער וועט זי פֿאָרט אַמאָל אָננעמען זײַן ליבע.

ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, און העניע פֿלעגט פֿאַר אים אָפֿט זינגען:

## טיף אין וועלדעלע

טיף אין וועלדעלע שטייט אַ ביימעלע
און די צווײַגעלעך בליען,
און בײַ מיר אָרעם שנײַדערל
טוט אין הערצעלע ציען.

אויפֿן ביימעלע וואַקסט אַ צווײַגעלע
און די בלעטער זשוזשען,
און מײַן אָרעם שוואַרץ הערצעלע
ציט צו מײַן זיסער דושען.

איך ווייס נישט צי די אַנדערע אין הויז האָבן דאָס באַמערקט, נאָר איך פֿלעג אַלעמאָל זען טרערנדלעך אין העניע׳ס אויגן ווען זי פֿלעגט זינגען דאָס ליד און שעפּסעלע פֿלעגט פֿאַרמאַכן זײַנע אויגן און די ראָזעווע בעקעלעך פֿלעגן נאָך בלאַסער ווערן.

## „ניאַמצו"

אַ צווייטער אָפּטער באַזוכער בײַ אונדז אין הויז איז געווען דער רומענישער זשאַנדאַרם-סערזשאַנט „ניאַמצו". ער איז געקומען פֿון דער שטאָט פּיאַטראַ-ניאַמצו אין רומעניע און איז געווען אַ גרויסער אכזר. אין שטאָט האָט מען אים געהאַסט פֿאַר זײַנע אוממענטשלעכע באַציאונגען צו ייִדן און מאָלדאַוואַנער. מײַן טאַטע האָט געגייט פֿאַר אים מלבּישים פֿאַר מורא און מיר האָבן געהאַסט זײַן דוך.

און דאָך האָט ער זיך פֿאַרליבט אין העניען און אין איר זינגען ביז איבער די אויערן. ווען ער פֿלעגט אַרײַנקומען, אונטערן אויסרייד פֿון עפּעס פֿאַרריכטן, פֿלעגט שעפּסעלע מיט אַ קרעכץ זיך אויפֿהויבן און אַהיימגיין.

„ניאַמצו" פֿלעגט זיך אַוועקזעצן און בעטן העניען זינגען די וואָלעכישע און מאָלדאַוואַנישע טרויעריקע לידער. עפּעס אַ מאָדנע מעלאַנכאָליע פֿלעגט זיך צעגיסן איבער „ניאַמצו'ס" שטרענגן געזיכט.

איינמאָל ווען העניע האָט אים געפֿרעגט פֿאַרוואָס ער ווערט טרויעריק פֿון אָט די לידער האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— ווײַל דײַן זינגען דערמאָנט מיך אין מײַן היים און מײַנע שוועסטער.

**דער צוזאַמענשטויס**

איינמאָל ווען „ניאַמצו" איז אַרײַנגעקומען צו פֿאַריכטן אַ פּאָר הויזן און דערוואָרט אַז שעפּסעלע זאָל זיך אָפּטראָגן, איז יענער גאָר געבליבן זיצן און זיך נישט גערירט.

„ניאַמצו" האָט מיט אַן איראָנישן שמייכעלע געזאָגט:

— דאַכט זיך אַז איר קלײַבט זיך גיין אויף אַ שפּאַציר?

— ניין, מײַן פֿרײַנט, נישט הײַנט.

— זאָל איך אייך אפֿשר אַרויסבאַגלייטן — איז שוין „ניאַמצו" געוואָרן אין כּעס.

— איך דאַרף נישט קיין זשאַנדאַרם-באַגלייטונג. איך וואָרט אָפּ-צופֿירן העניע'ן אַהיים.

„ניאַמצו" איז בלאַס געוואָרן, געכאַפּט די פֿאַרריכטע הויזן און אַרויס מיט אַ קלאַפּ פֿון דער טיר.

העניע האָט אַרומגעכאַפּט שעפּסעלען און אים אַ קוש געטאָן:

— שעפּסעלע, ביזסט שטאַרקער פֿון אים!

פֿון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבן רעדן אַז העניע און שעפּסעלע פֿירן אַ ליבע. אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט. אין זעקס חדשים אַרום איז שעפּסעלע צוגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל און ער איז דאָרטן געשטאָרבן.

העניע איז טרויעריקער געוואָרן. אירע לידער האָבן געקראָגן אַ וויינענדיקע צערטלעכקייט. „ניאַמצו" איז שוין מער נישט געקומען צו אונדז זיך עפּעס נייען, און דער טאַטע האָט געזאָגט „ברוך שפּטרני".

## מיר פֿאָרן אַוועק

ווען דער טאָג פֿון אונדזער אָפּפֿאָרן קיין אַמעריקע איז געקומען, איז העניע פֿון גאַנץ פֿרי געווען ביי אונדז אין הויז און געהאָלפֿן דער מאַמען זיך איינפּאַקן.

ווען עס איז געקומען זיך געזעגענען האָט זי און די מאַמע זיך לאַנג געקושט און טרערן זיינען געשטאַנען אין זייערע אויגן. דעם טאַטן האָט זי דערלאַנגט די האַנט און די קלענערע קינדער האָט זי אַרומגענומען און געקושט. ווען עס איז געקומען צו מיר בין איך געבליבן שטיין אַ פֿאַרגליווערטער ביי דער וואַנט און זיך נישט געקענט רירן.

העניע האָט געקוקט אויף מיר מיט אירע שמייכלענדיקע אויגן:

— קום גיב מיר אַ קוש, דוד!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זי האָט נישט פֿאַרצויגן מיין נאָמען „דודעלע”.

איך האָב זיך אַ ריסגעטאָן צו איר און צום ערשטן מאָל אין מיין יונגן לעבן זיך איינגעביסן אין מיידלשע ליפּן.

# מיין חבר הערשל

פֿינף חבֿרים זײַנען מיר געווען: הערשל, יונה, משה, פֿישל און איך. מיר האָבן זיך געהאַלטן אַזוי צוזאַמען אַז מען האָט אונדז אַ נאָמען געגעבן די „פּיאַטיאָרקע" (די פֿינף). אַלע פֿיר חבֿרים מײַנע זײַנען מיר נאָענט געווען, נאָר בלויז איינעם פֿון זיי האָב איך שטאַרק ליב געהאַט. ער איז אָבער אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופֿן.

ער, הערשל שקאָלניק, איז געווען אַ הויכער, רויטלעכער בחור מיט זומער־שפּרינקלעך און איך בין געווען אַ קליינער „קאַרפּוזיק". מענטשן פֿלעגן זיך זייער וואונדערן פֿון דעם מאָדנעם פּאָרל און מיט אַ שמייכל אונדז נאָכקוקן.

עס האָבן אונדז פֿאַרבונדן די זעלבע ביכער און די זעלבע חלומות.

מיר זײַנען געווען פֿיר זין פֿון שנײַדער און איינער אַ סטאָליער'ס אַ זון. געוואוינט האָבן מיר אין דער זעלבער געגנט און אונדזערע טאַטעס האָבן געדאַוונט אין דער זעלבער שנײַדערשער שול.

ווען מיר אַלע פֿינף פֿלעגן זיך אַרונטערלאָזן שפּאַצירן צום בולוואַר און געגאַנגען מיט אַ מאַרשירנדיקן הולך אינמיטן פֿון דער ברוקירטער גאַס און געקלאַפּט מיט אונדזערע „סאָלדאַטסקי" אָפּגעפּוצטע שטיוול און געפֿאָכעט מיט די אַרבל פֿון די שטאָלטנע שינעלן און פֿאַרהויבן די קאַראַקולענע קוטשמעס, פֿלעגט מען עפֿענען טירן און אַרויסקוקן:

— אַהאַ, די „פּיאַטיאָרקע"!

— די „שנײַדערוקעס"!

איינמאָל האָבן מיר פֿאַראורזאַכט אַ סענסאַציע אין שטעטל.

יענעם זומער, אין 1918, האָט אונדזער שטאָט דערהאַלטן אַ צען קאַסטענס מיט קליידער און שוכוואַרג פֿון דעם אַמעריקאַנער „פּיפּלס רעליף" אויסצוטיילן צווישן די נויטבאַדערפֿטיקע.

אַ קאָמיטעט פֿון פֿינף באַלעבאַטים, מײַן טאַטע איינער פֿון זיי,

איז באַשטימט געוואָרן פֿון קהל פֿאַנאַנדערצוטיילן די זאַכן. ווען דער קאָמיטעט האָט זיך גענומען, אין שטאָטישן חתונה־זאַל, פֿאַנאַנדערפּאַקן די גרויסע קאַסטנס זײַנען מיר, די „פּיאַטיאָרקע", גראַד דעמאָלט דורכגעגאַנגען. מען האָט אונדז אַרײַנגערופֿן און געבעטן אויפֿברעכן די מיט בליאַכעס אַרומגעסטאָמפּעוועטע, גרויסע הילצערנע קאַסטנס.

מיר, פֿינף יונגען, האָבן אַ צעברעך געטאָן די קאַסטנס, אַז ס'איז געגאַנגען אַ רויך. דער קאָמיטעט איז געווען צופֿרידן פֿון אונדזער אַרבעט און מען האָט אונדז גלײַך דערלויבט צו זײַן פֿון די ערשטע זיך אויסצוקלייבן אָנצוגן. מיר האָבן געוואָרפֿן אויגן און אויסגעקליבן פֿינף ווײַסע אַמעריקאַנער „דזשאָמפּערס" (ספּאָרט־העמדער) מיט מאַנזשעטן און זילבערנע זאַפּאָנקעס, פֿינף פּאָר בלויע געוואַנטענע הויזן, פֿינף פּאָר לאַקירטע שיך מיט לאַנגע „נאָסקעס", פֿינף לעדערנע קאַשקעטן מיט לאַנגע גלאַנציקע דאַשיקעס.

דאָס איז געווען דאָנערשטאָג אין אָוונט. יענע נאַכט און פֿרײַטאָג אַ האַלבן טאָג האָט הערשל, דער איינציקער שנײַדער־געזעל צווישן אונדז, (מיר אַנדערע פֿיר זײַנען געווען סטודענטן), אַרײַנגעאַרבעט. ער האָט צוגעפּאַסט די העמדער און הויזן אַזוי, אַז זיי האָבן פֿון אונדז אַרונטערגעזונגען.

שבת בײַטאָג, נאָכן טשאָלנט, ווען דאָס שטעטל האָט געמיטלעך געדרימלט, זײַנען מיר אַרויס אין אונדזערע „אַמעריקאַנער" קליידער און זיינען אַוועק, מיטן מיט־גאַס מיט נאָך אַ טראָציקערן מאַרש ווי געוויינטלעך, אַרונטער צום בולוואַר.

מען איז אַרויס פֿון אַלע טירן און קינדער זײַנען אונדז נאָכגעלאָפֿן. אַזעלכע פֿינף שטאָלטנע „אַמעריקאַנצעס", האָט די שטאָט נאָך קיינמאָל ניט געזען.

נו, האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשפּילט אין שטעטל! מען האָט גע־גוואַלדעוועט און געשטורעמט קהל פֿאַר אַוועקגעבן די „שנײַדערוקעס" פֿון בעסטן, און נאָך איידער מען האָט אָפֿיציעל אָנגעהויבן טיילן. דער קאָמיטעט האָט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. מיר זײַנען אָבער פֿאַר אַ לאַנגער צײַט געווען די סענסאַציע פֿון שטעטל.

### דער שנײַדער־געזעל

אויב עמיצער האָט ווען עס ניט איז געגאַרט נאָך וויסן און געווען געצוואונגען צו פֿראַצעווען בײַם געניי געגן זײַן ווילן, איז דאָס געווען מײַן חבֿר הערשל.

דער טאַטע זײַנער, זיידע שקאָלניק, איז אַמאָל געווען אין אַמעריקע און געקומען צוריק געגן זײַן ווילן. ער פֿלעגט זומער און ווינטער, אינדערוואָכן און יום-טובֿים טראָגן דאָס ברוינע „דוירבי"-קעסעלע און זײַן גאָלדענעם זייגער איבערן קאָלירטן וועסטל.

זײַן פֿאַרביטערונג האָט ער אויסגעלאָזט צו זײַן משפּחה. ער אַליין האָט שווער געאַרבעט און זײַנע צוויי קינדער, רייזל און הערשל, האָט ער פֿאַרשקלאַפֿט בײַם וואַרשטאַט און בײַ דער שטעפּ-מאַשין.

הערשל האָט געאַרבעט לאַנג און שווער, אָבער אַלע זײַנע פֿרײַע שעה'ן פֿלעגט ער פֿאַרברענגען מיט זײַנע ביכלעך אָדער מיט אונדז, זײַנע חבֿרים.

אים האָט געצויגן צו נאַטור-וויסנשאַפֿט. ער איז צווישן אונדז געווען דער איינציקער וואָס האָט געקאָנט אויסנווייניק די נעמען פֿון אַלע בוימער-פֿלאַנצן, פֿרוכטן, און בלומען, זיי דערקענט און אָנגעוויזן.

ווען מיר פֿלעגן אַלע גיין אויף אונדזער שפּאַציר, פֿלעגט הערשל אונדז, סטודענטן, פֿאַרוואַרפֿן מיט אַזוי פֿיל פֿראַגן און אונדז געבן אַזוי פֿיל ענטפֿערס, אַז מיר פֿלעגן זיך שעמען צוצוגעבן אַז ער ווייסט און קען מער ווי מיר אַלע סטודענטן צוזאַמען.

איינמאָל האָט הערשל מיר פֿאָרגעשלאָגן צו ווערן זײַן שותּף אין שאַפֿן אַ ביבליאָטעק. ער האָט פֿאָרגעשלאָגן אַז מיר זאָלן אָנהויבן מיט די קליינע קאָפּיקע-ביכלעך פֿון דעם רוסישן פֿאַרלאַג „כאָלמושינאַ". דאָס זיינען געווען קליינע קאָלירטע מעשׂה-ביכלעך, לעגענדעס, קינדער-מעשׂות, רײַזע באַשרײַבונגען און נאַטור-געשיכטלעכע סקיצן.

מיר ביידע האָבן דאַן געהאַט צוזאַמען אַרום 50 אַזעלכע קליינע ביכלעך. הערשל האָט געראַטן אַז מיר זאָלן אויסבאָרגן אונדזערע חבֿרים און די מיידלעך פֿון געגענט אונדזערע ביכלעך פֿאַרן אָפּצאָל פֿון אַן אַלט איבערגעלייענט ביכעלע.

מיידלעך און יינגלעך פֿלעגן קומען צו הערשלען אויפֿן הילצערנעם גאַניק, וואו איך, דער שטענדיקער ביבליאָטעקאַר, פֿלעג צונעמען די אַלטע, שוין-איבערגעלייענטע, ביכלעך און אַרויסגעבן נײַע. מיר האָבן געהאַט אַ קאַטאַלאָג מיט קאַרטלעך אין אַ שופֿלאָד פֿון אַן אַלטן קאָמאָד.

אין פֿאַרלויף פֿון צוויי יאָר צײַט איז אונדזער ביבליאָטעק געוואַקסן צו אַרום 300 ביכלעך און 50 גרעסערע אײַנגעבונדענע ביכער.

מיר האָבן געזוכט אַ נאָמען פֿאַר אונדזער ביבליאָטעק און נישט געקענט געפֿינען ביז איינמאָל האָט זיך הערשל אַ כאַפּ געטאָן און ווײַזנדיק אויפֿן נאָמען פֿון פֿאַרלאַג „כאָלמושינאַ" אַ זאָג געטאָן:

— דוד׳ל, לייען דעם נאָמען צוריקוועגס.
איך האָב גענומען אויסציילן יעדן זילב:
— אַ־ני־שו מ־לאַך.
הערשל האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער;
— „הנשמה לך!"
אַזוי אַרום איז אונדזער ביבליאָטעק געוואָרן „הנשמה לך".
יעדער ביכל איז געווען אַ נשמה׳לע — אַ טײַער און ליב וועזן.
קיין געלט אויף קויפן נײַע און געבונדענע ביכער האָבן מיר ניט געהאַט. בלויז איינמאָל אין יאָר, פלעגן מיר ביידע גיין אין וואַלד אַרײַן אָנרײַסן הושענות, מאַכן קליינע בעזעמלעך, פאַר־בינדנדיק די הענטלעך מיט שטריקלעך און פאַרקויפן פון זעלבן הילצערנעם גאַניק וואו אונדזער ביבליאָטעק איז געווען. די דײַטשע שול, וואו די רײַכסטע און אַריסטאָקראַטישע יידן האָבן געדאַוונט איז געווען פונקט אַנטקעגן הערשל׳ס גאַניק. מען האָט פון גאַניק געקענט אַרײַנקוקן אין די אָפענע פענצטער פון שול. איך האָב אויפ־געהאַנגען אַ גרויסן שילד אויפן גאַניק וואָס איך האָב מיט אַ בלוי־און־רויטן קאַראַנדאַש אויסגעמאָלן וואָס האָט זיך געלייענט:
**„יידן, קויפט, די בעסטע הושענא׳ס (הושאַנעס) פון אויבערשטן וואַלד".**
מיר האָבן געהאַט צוויי וועלדער לעבן שטעטל, דער אויבערשטער און אונטערשטער וואַלד. דער אונטערשטער וואַלד איז געווען סאַמע לעבן שטעטל בײַם ברעג פון דניעסטער. דער אויבערשטער איז געווען אויפן הויכן באַרג צו וועלכן מען האָט געדאַרפט קלעטערן און אויך דורכגיין דאָס דאָרף. וויניק יידן האָבן געוואַגט דורכגיין דאָס דאָרף און אַרויפקלעטערן דעם הויכן באַרג. די הושענא׳ס זיינען טאַקע דאָרט געווען פון די גרינסטע און שענסטע, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט אײַנשטעלן דאָס לעבן. בלויז מיר פלעגן דאָס באַווײַזן.
די רײַכע יידן פלעגן אַרויפקוקן צו אונדז אויפן גאַניק און אָנווײַזנדיק מיט זייערע שטעקנס אויסקלײַבן זײַערע הושענא׳ס און אונדז צואוואַרפן זײַערע זילבערנע מטבעות. אַזוי פלעגן מיר יעדן נאָך יום־טוב אַוועקטראָגן צו מעלער׳ן אין בוך־געשעפט עטלעכע זילבערנע רובל און אײַנקויפן געבונדענע ביכער...
אין די ווינטערדיקע לאַנגע אָוונטן ווען הערשל׳ס עלטערן, זײַן שוועסטער רייזל און שכנים פלעגן זיצן און שפילן קאָרטן מיט פאַ־סאָליעס אָנשטאָט געלט, פלעגן הערשל און איך זיצן אין זייער אַלקער

ביים שיין פֿון אַ קעראָסינענעם לעמפּל און קאַטאַלאָגירן און ציילן אונדזער אוצר.

הערשל פֿלעגט אָפֿט אויפֿשפּרינגען און אַרומשפּאַנענדיק ווייזן אויף די ווענט און זאָגן:

— מיר וועלן נאָך האָבן פֿולע ווענט מיט ביכער. אפֿשר טויזנט ביכער.

איך פֿלעג קוקן אויף די גרויע, ליידיקע ווענט און נישט געקאָנט גלויבן.

איינמאָל, גייענדיק דורכן דאָרף צום וואַלד, זײַנען מיר באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַ טשאַטע הינט און איינער האָט מיר צעריסן מײַנע נײַע יום־טובֿ׳דיקע הויזן. מײַן טאַטע האָט טאַקע אַליין מיר אויפֿגענייט די הויזן, אָבער גיי דערוועג זיך ברענגען אים די צעריסענע הויזן! איך האָב זיך שטאַרק געערגערט. הערשל האָט מיך אָבער באַרואיקט. ער האָט מיך געבראַכט צו זיך אַהיים, זיך אַוועקגעזעצט און מיט זייער אַ דינער נאָדל־פֿאָדים מיר פֿאַרצירעוועט דעם ריס און פֿאַר־פרעסט אַזוי קונציק אַז מען האָט גאָר ניט באַמערקט...

איך האָב געטראָגן די הויזן אַ גאַנצן יום־טובֿ און זיך געשראָקן טאָמער וועט דער טאַטע באַמערקן. אָבער אַלץ איז אַריבער בשלום.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט די מאַמע געגעבן דעם טאַטן אויספּרעסן די הויזן. ערשט אַז ער נעמט די הויזן אין די הענט אַרײַן גיט ער אַ געשריי:

— ברוך, קום נאָר אַהער!

ברוך, דעם טאַטנ׳ס שנײַדער געזעל, האָט אויפֿגעהערט שטעפּן און איז צוגעגאַנגען צום טאַטן.

— דאָס איז דײַן אַרבעט, ברוך?

און דער טאַטע ווײַזט אים אויפֿן קונציקן פֿאַרצערעווען.

— ניין, ר׳ יאָסל, איך ווייס נישט פֿון וואָס צו זאָגן.

— קום נאָר אַהער, ציפּע, — רופֿט שוין דער טאַטע די מאַמען.

— זע נאָר ווי ער מאַכט זיך דאָס גע׳פּגר׳ט. ער האָט מסתמא צעריסן אַ הויז, און גיב נאָר אַ קוק ווי קונציק ער האָט דאָס געמאַכט.

ברוך האָט זיך גענומען שווערן און דער טאַטע האָט אָנגעהויבן ווערן אין כּעס.

איך האָב שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און בין אַרויס מיטן אמת.

דער טאַטע האָט געוואָרפֿן אויף מיר זײַנע בייזע בליקן און

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער מאַמען און מיט שפּאָט גענומען ווײַזן אויף מיר:

— נו, וואָדען, דײַן זינדעלע וועט זײַן אַ לײַט? דאָס האָבן דאָך געצערעוועט גאָלדענע פינגער. זיידע׳ס בענאַק איז דאָך אַ דימענטענער באַלמעלאָכע. לײַט האָבן מזל. אַזאַ מזל...

אָבער מײַן חבר הערשל האָט קיין מזל ניט געהאַט.

ווען די רומענישע פאַרכאַפּער זײַנען אַרײַן צו אונדז קיין בעסאַראַביע, סוף 1918, האָבן זיי מיט בלוטיקן טעראָר פאַראומערט דאָס לאַנד. אַ חוץ מאָרדן, פּײַניקן און דערלאַנגען „טשינטש לאַ קור" (פינף אין הינטער חלק) פלעגן זיי אויך צוטראַכטן ספּעציעלע סאַדיסטישע פּײַניקונג-מיטלען וואָס האָבן אויך אַרײַנגעבראַכט אויסלייז-געלט.

די ערשטע פּאָר ווינטערס בײַ אונדז אין שטאָט האָט די רומענישע זשאַנדאַרמעריע צוגעטראַכט דאָס טרײַבן ייִדן „אייד לאַ גיאַצע" (אײַדאַ צום האַקן אײַז). זײַ פלעגן יעדן טאָג צווינגען הונדערטער ייִדן אַרונטערצוגיין צום ברעג דניעסטער און אויסהאַקן מיט העק און ריסקאַליעס פּאַלאַנקעס אין אײַז לענג-אויס דעם שטאָטישן ברעג. דער אויסרייד איז געווען אַז דאָס איז נויטיק אַלס פאַרטיידיקונג געגן די באָלשעוויקעס אויף יענער זײַט.

רײַכע ייִדן פלעגן זיך און זייעריקע אויסקויפן. די אָרעמע פלעגן נעבעך מוזן שטיין שטונדן לאַנג אין פראָסט און זאַווערוכע און האַקן דאָס אײַז.

איינמאָל, אין אַ פרײַטאָג בײַטאָג, זײַנען זשאַנדאַרן אַרײַן אין דער אָנגעהייצטער באָד און אַרויסגעשלעפּט צום דניעסטער אַלע מענער און בחורים, צווישן זיי אויך מײַן חבר הערשל. אָן אָנגעפּאַרעטן, נאָרוואָס אַרונטער פון דער אויבערשטער באַנק האָט מען אים גע־צוואונגען עטלעכע שעה האַקן דאָס אײַז.

יענעם פרײַטאָג בײַנאַכט האָט הערשל אָנגעהויבן ברענען פון היץ און שבת בײַטאָג האָט ער זיך איבער געברענט. ער איז אויס־געגאַנגען פון אַ לונגען-אָנטצינדונג.

ווער ווייסט, צי עס איז כאָטש פאַרבליבן אַ זכר (זעיכער) פון זײַן קבֿר אויפן סאָראָקער בית-עולם...

אין די ווינטערדיקע אָוונטן ווען איך שפּאַן אַרום אין מײַן שרײַב־צימער און זע די פולע ווענט מיט ביכער הער איך הערשלס לעבעדיקע שטימע:

— פולע ווענט מיט ביכער! אפשר טויזנט ביכער!...

# בענטשיק

ווען מײַנע עלטערן האָבן פֿאַרקויפֿט אונדזער גרויס הויז מיטן שיינעם הילצערנעם גאַניק, אין וועלכן רחל דער „צאַצכעס" וועשערײַ האָט זיך אָנגעשפּאַרט, האָבן זיי געקויפֿט משה דעם קצבֿ'ס ציגעלנע הויז פּונקט אַנטקעגן.

דער טאַטע מיט דער מאַמען זײַנען געווען צופֿרידן פֿון די צוויי צוגאָב־פֿליגלען, וועלכע זיי האָבן פֿאַרדונגען און פֿונם זייער גרויסן קעלער און סקלעפּ, וואָס מען האָט פֿאַרדונגען דער ווײַנשענקערין מלכּה'לע דעם „קאַצאַפּ'ס".

מיר, קינדער, זײַנען אָבער ניט געווען צופֿרידן. מיר האָבן גע־בענקט נאָך אונדזער אַלטער נעסט און נאָך אונדזער שיינעם היל־צערנעם גאַניק, וואו מיר האָבן אונדזער קינדהײַט פֿאַרבראַכט שפּילנדיק זיך אין „פֿאַראַכאַד" (דאַמף־שיף) און אין „טעאַטער".

איבערגענומען האָט אונדזער הויז דער שוסטער פּייסי מיט זײַן פֿרוי רייזל און פֿיר בנים, וואָס פֿלעגן זיצן אַרום זײַן „וואַרשטאַטל" אויף די קליינע בענקעלעך, קלאַפּן פֿלעקלעך און זינגען.

מיר, קינדער, פֿלעגן זייער אָפֿט איבערליגן בײַ די „שוסטערוקעס". עפּעס האָט אונדז געצויגן אין הויז אַרײַן, און די שוסטער־פֿאַמיליע האָט אונדז זייער ליב געהאַט.

גוטהאַרציק און וואַרעם צו אונדז איז געווען רעב פּייסי שוסטער. ער פֿלעגט זיצן אין צענטער פֿון זײַנע בנים, אַ הויכער, ברײַט־פּלייציקער ייִד מיט אַ גרויער צעפּאַטלטער באָרד, זײַן ווײַבל רייזל איז געווען אַ קליינינקע. אָבער דערפֿאַר זיינען זײַערע פֿיר זין געווען הויכע איינס־און־איינס מיט שוואַרצע טשופּרינעס, שוואַרצע ניט־ראַזירטע קינבאַקן און מיט שטענדיק פֿאַרשמאַלצעוואַטע פֿינגער מיט שיך־וואַקס און גלאַנציקן גלאַזור.

איך האָב ליב געהאַט צו זיצן לעבן זיי און זען ווי מען ציט דראַטווּעס און ווי די העמערלעך קלאַפּן די קליינע ווײַסע פּלעקלעך און די אָלן טאַנצן אַרײַן און אַרויס.

שיין איז געווען, ווען רעב פּייסי פֿלעגט פֿאַרציען אַ יום־טובֿ׳דיקן ניגון און זײַן „קוואַרטעט״ פֿלעגט אים נאָכהאַלטן סײַ מיט זייערע שטימען און סײַ מיט זייערע העמערלעך.

מײַן האַרץ פֿלעגט אויפֿציטערן, ווען איינער פֿון זיי, דער עלטסטער, בענטשיק, פֿלעגט זיך אַרויסכאַפּן און אויפֿהויבן זײַן טיפֿע באַריטאָן־שטימע. זײַן פֿאָטער פֿלעגט אים צוואַרפֿן אַ בייזן בליק, ווי אַ ספּריטנעם לאָשיק, וואָס טרעט אַרויס פֿון די האָלאָבליעס, און בענטשיק פֿלעגט צוריק זיך אײַנשטילן און ווידער אונטערהאַלטן דעם טאַטן ווי זײַנע ברידער.

אָבער אַמאָל, אַז פּייסי איז געווען אויפֿגעלעגט און בענטשיק פֿלעגט דאַן אַרויס מיט זײַן געזאַנג, פֿלעגט דער טאַטע מיט אַ וואונק מיט די אויגן צו די אַנדערע בנים זיי לאָזן וויסן, אַז זיי זאָלן אַנטשוויגן ווערן, און אַוועקלייגנדיק די העמערלעך פֿלעגן זיי לאָזן בענטשיק׳ן „אָפּגעבן קאָנצערט״.

בענטשיק פֿלעגט קלאַפּן זײַנע פּלעקלעך און זינגען מיט זײַן קלינגעוודיקן באַריטאָן. ער פֿלעגט ניט באַמערקן און ניט פֿילן דאָס שווײַגן פֿון זײַנע ברידער און ער פֿלעגט זיך דאַן צעלאָזן מיטן נוסח פֿון אַבֿרהם שוחט, דער חזן פֿון אונדזער שנײַדערשער שול.

די מאַמע זײַנע, רייזל די קליינע, פֿלעגט זיך דאַן באַווײַזן אין דער טיר פֿון דער קיך, זיך ווישן די הענט מיט איר פֿאַרטוך און אָנקוועלן פֿון איר בכור. פּייסי פֿלעגט וואַרפֿן אַ וואַרעמען בליק צו איר און ווײַזן מיטן פֿאַרשמאָלצענעם גראָבן פֿינגער אויף בענטשיק׳ן און זאָגן:

— נו, מאַמע, דו שעפּסט נחת?

בענטשיק פֿלעגט זיך אַ כאַפּ־טאָן, אַז דאָס געזינדל מאַכט שפּאַס פֿון אים און אַנטשוויגן ווערן. די חבֿרה פֿלעגט אויסשיסן אַ געלעכטער און זיך ווידער נעמען צום קלאַפּן פּלעקליך.

## מי שברך

ווען רעב פּייסי פֿלעגט ערגעץ אַוועקגיין, אין מאַרק אַרײַן אָדער ערגעץ־אַנדערש־וואו, פֿלעגט בענטשיק איבערנעמען די גרענדע. ער

פֿלעגט זיך צעלאָזן מיט זײַן שטימע, און זײַנע דרײַ ברידער פֿלעגן אים נאָכהאַלטן. ער פֿלעגט אָנהויבן מיט שפּאַסיקע גאַסן־לידלעך און אָפּטמאָל איבערגיין צו חזנות.

מי שברך אבֿותי,
דער קאָפּ זאָל דיר ווערן ווי אַ בלײַ,
ווי אַ בלײַ זאָלסטו ווערן,
טאַנצן זאָלסטו ווי די בערן,
ווי די בערן זאָלסטו טאַנצן,
קײַען זאָלסטו...

דאָ פֿלעגט זיך שטענדיק באַווײַזן זײַן מאַמע, די קליינע רייזל, מיט אַ פֿאַלאָניק אין די הענט:

— בענטשיק!

בענטשיק פֿלעגט רויט ווערן ווי אַ בוריק און אַנטשוויגן ווערן. אין אַזאַ פֿאַל פֿלעגט זײַן אינגערער ברודער יונה אָנהויבן מיט זײַן טענאָר־שטימע:

„די מאַמע קאָכט וואַרעניקעס
און איך בין דאָך פֿליישיק"...

אַלע פֿלעגן אונטערכאַפּן און לאַכן.

רייזל פֿלעגט וואַרפֿן יונה'ן אַ ליבן בליק און צוריק אַוועק אין קיך אַרײַן.

## דאָס זעקעלע תּפֿילין

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַרום אַכט יאָר, זײַנען גראָד יענעם יאָר געווען אַ פֿיר־פֿינף יינגלעך בײַ אונדז אין גאַס, וואָס זײַנען געוואָרן בר־מצוה. מיר, קלענערע, פֿלעגן זײַ נאָכלויפֿן, ווען זיי זײַנען געגאַנגען צו זייערע מלמדים זיך לערנען ווי אַזוי צו זאָגן די בּרכות און מיר פֿלעגן שטיין אונטער די פֿענצטער און צוקוקן ווי מען לערנט זיי אָנטאָן דעם של־ראש און ווי אַזוי אַרומוויקלען די רצועות פֿון דעם של־יד.

מיר איז דאַמאָלט אויסגעגאַנגען דאָס חיות צו האָבן אַ זעקעלע מיט תּפֿילין. איך בין צוגעשטאַנען צו מײַן מאַמען, אַז זי מוז מיר קויפֿן אַזאַ שיינע מתּנה. וואָס זי, דער טאַטע און דער זיידע האָבן מיט מיר נישט אײַנגע'טענה'ט האָט נישט געהאָלפֿן. איך האָב נישט געגעסן און נישט געטרונקען און נאָר געהאַלטן אין איין וויינען און פֿאָדערן אַ

זעקעלע מיט תּפֿילין. איך בין שיִער נישט קראַנק געוואָרן, ביז דער וואוילער רעב פּייסי האָט זיך נישט אַריַינגעמישט.

איינמאָל ווען מיַין גוטער זיידע איז געווען בײַ אונדז, האָב איך, צוליב אים, אָפּגעשפּילט אַזאַ געוויין־סצענע, אַז מען איז זיך אַזש צונויפֿגעלאָפֿן פֿון די אַרומיקע היַיזער.

ערשט די טיר עפֿנט זיך און עס קומט אַריַין פּייסי שוסטער מיט זײַנע פֿיר בּנים הינטער אים און ער זאָגט:

— רעב יאָסל, מען טאָר נישט לאָזן, אַז אַ קינד זאָל זיך אַזוי רײַסן דאָס האַרץ נאָך אַ זאַך, וואָס ער דענקט אַז דאָס איז אַ שפּילעכל. איך און מײַנע בּנים האָבן אים אויסגעמײַסטרעוועט אַ מוסטער פֿון תּפֿילין, און מײַן רייזל האָט אים אויפֿגענייט אַ פּלושן זעקעלע.

— נאַ, דודאַלע, און הער־אויף וויינען.

און ער האָט אַרויסגעצויגן פֿון אונטערן לעדערנעם פֿאַרטוך אַ קליין פּלושן זעקעלע און מיר דאָס דערלאַנגט.

— גאָט איז מיט אײַך, רעב פּייסי — האָט די מאַמע אויסגעשריגן

— מען מעג דען טאָן אַזאַ זאַך? דאָס איז דאָך אַ חילול־השם!

דער זיידע האָט זיך צעשמייכלט און מיט שטאָלץ באַטראַכט די צעקאָכטע מאַמע.

— ביזט טאַקע גערעכט, ציפּע־לעבן, דאָס איז אַ חילול־השם.

דאָ איז שוין רעב פּייסי'ס גרויע באָרד געוואָרן אַ דערציטערטע. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט זײַן לייבן־קאָפּ און זיך צעברומט:

— חילעל־שמילעל, פּקוח־נפש ברעכט אַ דין. אויב דער גאָט־פֿאַרכטיקער נגיד רעב משה וואָלאָווער מעג צוליב זײַן איידעלען געזונט עסן אום יום־כּיפּור מיטן רב'ס צושטימונג, מעג דוד'ל יאָסל־אהרנ'ס זיך שפּילן מיט תּפֿילין. ווען ער וועט, אם ירצה השם, ווערן בר־מצוה, וועלן מיר אים קויפֿן צוויי פּאָר כּשר'ע תּפֿילין.

איך ווייס ניט, צי די לאָגיק פֿון רעב פּייסי שוסטער, צי די מורא פֿאַר מײַן געזונט האָט דאָ געהאָלפֿן, נאָר איך האָב געקראָגן די „תּפֿילין" אַלס אַ „שפּילעכל", מיטן תּנאי קיינמאָל זײַ נישט אַרויס־טראָגן פֿון הויז.

## „די פֿליאַסקעדריגעס"

לעבן אונדז האָט געוואוינט די רײַכע סוחר'ישע פֿאַמיליע ווײַצמאַן, וואָס האָט געהאַנדלט מיט מעל און גרויפּן. די אלמנה, די ווײַצמאַנ'כע,

האָט געהאַט דרײַ טעכטער און אַלע זײַנען זיי געווען פֿאַרהײַראַט צו דרײַ ייִדענע יונגערמאַנטשיקעס פֿון די סטעפּעס. זיי האָבן גע־וואוינט אויף קעסט בײַ דער רײַכער שוויגער. אין דעם קליינעם גערטנדל לעבן אונדז פֿלעגן זיי זיצן אין דער „בעסעדקע" אין זייערע „טשימטשאַנענע כאַלאַטלעך און זײַערע יאַרמעלקעס, טרינקען טיי אַ גאַנצן טאָג און זיך אַמפּערן איבער זייערע גרויסע ספֿרים און דער וועלט-פּאָליטיק. זייערע ווײַבער און שוויגער זײַנען בשעת מעשׂה געשטאַנען אין ווײַסן שטויב פֿון מעל און פֿאַרדינט אויף חיונה.

איינמאָל, ווען זיי האָבן מיך דערזען זיצנדיק אויף דער פּריזבע און זיך שפּילן מיט מײַנע תּפֿילין, זײַנען זיי אַרויס אויפֿן טראָטואַר, לעבן אונדזער טיר, און געמאַכט אַ טומל. איינער, דער הויכער און בלייכער מיט דער הייזעריקער שטימע, האָט אַפֿילו געהאַלטן אַ פֿײַער־דיקע, שעלטנדיקע דרשה.

דער טאַטע איז געשטאַנען און געפּרעסט און דער צאָרן האָט זיך אין אים צעזשאַרעט נאָך מער ווי דאָס פּרעסל. די מאַמע האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן פֿאַר בושה.

בלויז רעב פּייסי מיט זײַנע בנים זײַנען אַרויס מיט זייערע העמער־לעך אין די הענט. רעב פּייסי איז געווען מלא חימה. ער האָט אויפֿ־געהויבן זײַן העמערל איבערן קאָפּ פֿון דעם לאַנגן און בלײַכן און זיך צעשריגן, אַז מען האָט אים געקענט הערן אַפֿילו אויפֿן באַרג:

— גייט צוריק אין אײַער רו אַרײַן, איר „פּליאַסקעדריגעס" און ליידיקגייערס. גייט פּרעסן אײַערע אומזיסטע קעסט און לאָזט צורו אַ קינד, וואָס שפּילט זיך און טשעפּעט קיינעם נישט. אויב איר וועט נאָכאַמאָל וואַגן שטערן אונדזער רו, וועלן מיר אײַך ברעכן האַלדז און נאַקן.

רעב פּייסי און זײַנע בנים האָבן טאַקע אָפּגעשריגן יענעם שטורעם, אָבער מײַנע „תּפֿילין" האָב איך טאַקע אָנגעווארן.

## פֿאַרשוואונדן דאָס תּפֿילין־זעקל

די מאַמע איז דאַמאָלט געווען אין נײַנטן חודש מיט מײַן קלענסטן ברודערל, און דער טאַטע האָט אַרײַנגענומען אין הויז אַ דינסט-מיידל פֿון דער „מאַלע", זי זאָל אַרויסהעלפֿן דער מאַמען ביז נאָכן געלעגן ווערן.

דאָס מיידל, אַניע, איז געווען זייער אַ שטילע און אַן אַרבעטזאַמע. זי האָט אָבער געוואָרפֿן אַן אויג אויף מײַן בלוי, פּלושן בײַטעלע, וואָס איך פֿלעג יעדן אָוונט, פֿאַרן גיין שלאָפֿן, באַהאַלטן אונטער מײַן קישן.

ווען נאָך מײַן ברודערל׳ס ברית האָט מען אָפּגעזאָגט דאָס מיידל און זי איז אַוועק אַהיים, איז אויך פֿאַרשוואונדן געוואָרן מײַן פּלושן זעקעלע.

יענעם אינדערפֿרי ווען איך בין אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף און נישט געפֿונען מײַן אוצר, בין איך אַרײַן אין טאַטנ׳ס שנײַדער־וואַרשטאַט מיט אַ יעכץ.

ווען די פּולע „ראַבאָטשע" (אַרבעט־צימער) מיט מענטשן האָט זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז מעגלעך אַז די „מויד" האָט מיט זיך מיטגענומען די תּפֿילין, איז געוואָרן אַ גרויס געלעכטער. אַפֿילו דער טאַטע האָט זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן און זיך געקאַטשעט פֿון געלעכטער.

איך בין געשטאַנען און געוויינט, בשעת די גאַנצע וועלט האָט געלאַכט און פֿון מיר חוזק געמאַכט.

אָבער דאָ איז ווידער אויפֿגעגאַנגען דאָס ליבע געשטאַלט פֿון רעב פּייסי שוסטער. ער איז אַרײַן אין טיר און זיך צעשריען אויף דעם לאַכנדיקן עולם.

מיך האָט ער אַרײַנגענומען אין זײַנע קרעפֿטיקע הענט און געטרייסט:

— האָב זיי אין באָד, דודאַלע, זיי ווייסן דען וואָס עס מיינט צו פֿאַרלירן דאָס טײַערסטע וואָס מען האָט. קום צו אונדז, וועל איך דיר שענקען אַן אָל מיט אַ העמערל און וויפֿיל פֿלעקלעך דו ווילסט נאָר. גלויב מיר, ס׳איז שענער זיך צו שפּילן אין שוסטערײַ, ווי מיט תּפֿילין.

און ער האָט מיך אַריבערגעפֿירט די גאַס צום ליבן טומל פֿון זײַנע טײַערע געזעלן. זײַנע בנים האָבן מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קליין בענקעלע און מיך געלאָזט קלאַפּן פֿלעקלעך אין די זוילן פֿון אַ פּאָר אַלטע שקראַבעס.

חדשים־לאַנג פֿלעג איך זיך אַרומשלײַען, מאַכן לעכלעך מיט דער אָל און אַרײַנקלאַפּן די פֿלעקלעך, מיט מײַן אייגן העמערל, אין אַלע פּלויטן און טויערן.

זומערצײַט פֿלעגן בענטשיק און איך כּמעט אַלע טאָג גייען צום דניעסטער זיך באָדן. בענטשיק איז געווען זייער אַ גוטער שווימער, און די מאַמע האָט בלויז אים געטרויט מיך מיטצונעמען.

מיר פֿלעגן אַרונטערטראָגן צום טײַך אַ „ווערעטקעלע" אויסצושפּרייטן אויפֿן זאַמד, צוויי האַנטוכער און אַ שטיקל זייף. נאָכדעם ווי מיר פֿלעגן זיך עטלעכע מאָל אונטערטונקען און אָפּשווימען אַ לענגערע שטרעקע, פֿלעגט מיך בענטשיק אַוועקזעצן אויפֿן „ווערעטקעלע" און אַליין פֿלעגט ער נעמען מאַכן קונצן אויפֿן וואַסער.

ער פֿלעגט אַריבערשווימען דעם דניעסטער אַהין־און־צוריק, לייגענדיק קלאַפּטער מיט זײַנע קרעפֿטיקע הענט, וואָס פֿלעגן אָפּקלינגען ווי דאָס קלאַפּן פֿון אַ פּראַניק. אָפּטמאָל פֿלעגט ער זיך איבערקערן אויף דער פּלייצע, אַוועקלייגן ביידע לאַדאָניעס אויף דער ברוסט און פֿאָכנדיק מיט די שפּיץ־פֿינגער פֿון די פֿיס פֿלעגט ער שווימען „נאָזנדיק" אָדער גאָר שטיין אין וואַסער און גיין „טריט־וואַסער".

טאָקע אַ דאַנק אים האָב איך זיך אויסגעלערנט גוט שווימען.

ווען מיר פֿלעגן אַרויסקומען זיך טריקענען אויף דער זון, פֿלעגט זיך בענטשיק אויסציִען מיטן פּנים צום הימל און סווישטשען אָדער שטיל זינגען מיט זײַן טיפֿן באַריטאָן.

איינמאָל האָט ער פֿאַרזונגען דאָס צאַרטע ליד:

„פּאַפּיר איז דאָך ווײַס,
און טינט איז דאָך שוואַרץ.
צו דיר, מײַן שיין לעבן,
גייט־אויס דאָס האַרץ".

— בענטשיק, וואָס מיינט „גייט אויס מײַן האַרץ"?

ער האָט זיך אויסגעדרייט אַ פֿאַרוואונדערטער צו מיר. זײַנע שוואַרצע טיפֿע אויגן זיינען מוטנע געוואָרן און ער האָט לאַנג געוואַרט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז אַ שיין וואָרט פֿאַר בענקען...

„בענקען" האָב איך פֿאַרשטאַנען. דאָס איז געווען אַרום צוויי יאָר נאָך דעם ווי רחל און דער „לאַמעדוואָוו" זיינען פֿאַרשוואונדן פֿון מײַן לעבן, און איך האָב נאָך אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך זיי.

— בענטשיק, ווי ווײַט איז סיביר און צי מוז מען דאָרטן לאַנג זיצן הינטער גראַטעס?

בענטשיק האָט זיך אַ שאַרפֿן דריי געטאָן צו מיר און מיט שטוינונג מיר געקוקט אין די אויגן:

— ווען האָסטו אין סיביר, דודאַלע?

— רחל'ס חבֿר און מײַנער.

בענטשיק האָט צעעפֿנט זײַנע גרויסע אויגן און זיך לאַנג אײַנגעקוקט אין מיר, און דאַן האָט ער אַרויסגעזאָגט:

— מען וועט צעברעכן די גראַטעס!

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ווען מיר האָבן מיט צוויי יאָר צוריק זיך דערוואוסט פֿון רחל'ען, אַז דער „לאַמעדוואָוו" איז פֿאַרשיקט געוואָרן אין סיביר, האָט מײַן פֿעטער מאָטל דאַן מיט שפּאָט געזאָגט:

— ער וועט אַרויס, ווען משיח וועט קומען.

דערפֿאַר האָב איך בענטשיק'ן אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער וועט צעברעכן די גראַטעס, משיח?

— ניין, דאָס פֿאָלק.

דער באַגריף פֿאָלק איז מיר געווען פֿרעמד, האָב איך אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער איז דאָס פֿאָלק?

בענטשיק איז געוואָרן נערוועז און זיך געקווענקלט.

— דאָס פֿאָלק מיינט: דער „נאַראָד".

און ער האָט שטיל און סודות'דיק גענומען זינגען:

„ואַסטאַניעט פּאָראַ
אי פּראַסניאָטסיאַ נאַראָד".
(עס וועט קומען די צײַט
און אויפֿוואַכן וועט דאָס פֿאָלק).

גייענדיק מיט בענטשיק'ן אַהיים האָב איך געהאַלטן זײַן שווערע און קרעפּטיקע לאַדאָן, און אין מײַנע אויערן האָט געקלונגען דער נײַער ניגון און דאָס נײַע וואָרט: פֿאָלק.

## „דאַלאָי מיט ניקאָלאַי"

ווען אין 1917 האָט אויסגעבראָכן די פֿעברואַר־רעוואָלוציע און מען האָט אַרונטערגעזעצט דעם קייסער, איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע בײַ אונדז אין שטעטל. איך בין דאַן אַלט געווען 13 יאָר.

ווען די ערשטע „אַפֿישעס" (פּלאַקאַטן) זײַנען אויסגעקלעפּט געוואָרן איבער דער שטאָט מיט דער נײַעס פֿון דער קערענסקי־איבערקערעניש, זײַנען רעדלעך מענטשן געשטאַנען און זיך געטומלט.

די פּאָליציי און די סטראַזשניקעס זײַנען פֿאַרשוואונדן און איבער די גאַסן האָבן זיך באַוויזן היימישע ייִדישע און קריסטלעכע מיליצ־יאָנערן מיט רויטע באַנדן איבער דעם רעכטן אַרבל.

אַזוי ווי קיין באַן איז בײַ אונדז אין שטעטל נישט געווען און די צוויי־דרײַ „פּאַראַכאָדן" (דאַמף־שיפֿן) זײַנען ניט אָנגעקומען שוין דרײַ טעג, איז מען געווען אָפּגעריסן פֿון אַלע נײַעסן פֿון דער גרויסער וועלט.

ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער פּאַראַכאָד „סאַראַקי" וועט יענעם בײַטאָג אַהיימקומען מיט פּאַסאַזשירן פֿון טיראַספּאָל.

נו, איז די גאַנצע שטאָט אַרונטער צום דניעסטער באַגעגענען די שיף און הערן נײַעס.

אויך מיר, תּלמוד־תּורה־ייִנגלעך, האָבן זיך געריסן לויפֿן צום דניעסטער, אָבער אונדזער לערער גורמאַן, אַ גרויסער, געפּאַקטער ייִד מיט אַ רויטן קאַרק, מיט אַ בלאָנד בלאָנזשי־בערדל און קליינינקע וואָנצעלעך און אַן אונטערגעשוירענער שטייענדיקער היטשקע ווי בײַ אַ כאָכאָל, האָט נישט געלאָזט. ער איז געווען זייער אַ שטרענגער און נישט געשאַנעוועט קלאַפּן מיט זײַן הילצערנער לאַנגער „לינעיקע" (ווירע).

די אָנשטרענגונג און דער טומל אינדרויסן פֿונם עולם, וואָס איז פֿאַרבײַגעלאָפֿן אונדזערע פֿענצטער אויפֿן וועג צום דניעסטער, האָט אונדז דורכגענומען מיט רעגונג. בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, ווען עמיצער האָט געעפֿנט די טיר עפּעס צו פֿרעגן גורמאַנ'ען, האָבן מיר אויסגעבראָכן מיט שטורעם, איבערגעקערט אונדזערע „סקאַמעיקעס" (בענק) און מיט אַ „הורא" אַרויס אין קאָרידאָר און זיך געלאָזט לויפֿן צום טײַך.

ווען דער „פּאַראַכאָד" איז צוגעשוואומען צום פּריסטאַן, איז דער ברעג געווען פול מיט מענטשן. די מיליציע האָט קוים געקענט איינהאַלטן דעם עולם בשעת מען האָט אַריבערגעוואָרפן די פּלאַנקע, און די ערשטע פּאַסאַזשירן האָבן זיך באַוויזן.

מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ טומל. אַ צאַרישער גענעראַל אין אַ גרויען מונדיר מיט אַ רויטן אונטערשלאַק, מיט גאָלונענע עפּאָלעטן און מעדאַלן, האָט אָנגעהויבן אַרונטערגיין. אים זיינען נאָכגעגאַנגען צוויי דערשראָקענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געטראָגן אויף די פּלייצעס זייַנע צוויי גרויסע לעדערנע טשעמאָדאַנעס.

ווי אונטער דער ערד זיינען לעבן זיי אויסגעוואַקסן פּייסע דעם שוסטער'ס אַלע פיר בנים און בענטשיק האָט אַ פּאַך געטאָן מיט זייַנע צוויי לאַנגע הענט און אַ ריס-געטאָן די צוויי גאָלדענע עפּאָלעטן און אַ געשריי געטאָן מיט זייַן באַריטאָן:

— „דאָלאָי ניקאָלאַי"!!!

אַ פּאָר שטאָטישע טשינאָווניקעס האָבן זיך אַרייַנגעמישט און פּרובירט פאַרטיידיקן דעם גענעראַל. דער עולם האָט גענומען דראָען מיט די הענט און שרייַען מיט באַנומענע קולות:

„דאָלאָי ניקאָלאַי": „דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָדאַ!"

(אַרונטער מיט ניקאָלאַיען! זאָל לעבן די פרייַהייַט!)

עס האָט דער מיליציע גענומען עטלעכע מינוט, ביז זיי האָבן געקראָגן אַ דראָשקע און אונטער וואַך אַוועקגעשיקט אין שטאָט אַרייַן דעם גענעראַל און זייַנע צוויי „דענטשיקעס" (באַדינער).

מיר, תלמוד-תורה שילער, זיינען אויך מיטגעריסן געוואָרן מיטן אויפבּרויז פון דער מאַסע.

ווען מיר זיינען שפּעטער געקומען צוריק אין קלאַס-צימער, איז דער לערער גורמאַן געשטאַנען מיט זייַן „לינעיקע" און גרייט געווען שנייַדען שטיקער פון אונדזערע רעדל-פירער. זייַן רויט קייַלעכדיק געזיכט איז נאָך רויטער געוואָרן פון צאָרן, און זייַנע אויגן האָבן געשאָסן מיט פונקען פייַער.

מיר זיינען געווען אַזוי באַרוישט פון אויפרעגונג, אַז מיר האָבן אים אַפילו ניט באַמערקט. מיר זיינען אַרייַן אין קלאַס-צימער און זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער וואַנט מיטן שווארצן טאָוול, איבער וועלכן

עס האָט געהאַנגען דאָס באַגילדעטע בילד פֿון דעם קייסער ניקאָלאַי דער צווייטער.

מײַן חבֿר פֿישל און איך זײַנען געווען פֿון די ערשטע אַרויפֿ־צושפּרינגען אויף דעם לערער׳ס טישל און אַרונטעררײַסן דאָס בילד.

מיט אַ בראַסק פֿון צעבראָכענעם גלאָז איז ניקאָלאַי געפֿאַלן מיטן פּנים צו דער ערד.

דער לערער גורמאַן איז געשטאַנען אַ בלייכער בײַ דער טיר און מיט שרעק אין זײַנע אויגן זיך צוגעהערט ווי ייִדישע קינדער שרײַען:

— דאָלאָי מיט ניקאָלאַיען!

## אַ הערלעך בילד

בענטשיק איז אויסגעוואַקסן אין אַלעמענס אויגן, און מען האָט אים אָנגעהויבן אַרויסזען בײַ פֿאַרזאַמלונגען פֿון אַרבעטער און פֿון דער יוגנט. ער האָט מיטאַמאָל געקראָגן לשון און פֿלעגט שטורעמען מיט זײַנע גרויסע הענט און זײַן שוואַרצער טשופּרינע.

אונדז, קינדער, האָט די מאַמע פֿאַרבאָטן גיין צו פֿאַרזאַמלונגען, און זי פֿלעגט ציטערן, טאָמער ווערט עפּעס אַ סומאַטאָכע און מען שיסט. דערפֿאַר איז שטענדיק געווען שווער זיך אַרויסצוכאַפּן פֿון הויז און לויפֿן זען ווי אַרבעטער און סאָלדאַטן פֿירן־דורך מאַני־פֿעסטאַציעס. די מאַמע האָט געציטערט איבער אונדז ווי אַ קוואָטשקע איבער אירע הינדעלעך.

איינמאָל איז דורכגעפֿאָרן דורך אונדזער שטאָט אַ סקוואַדראָן פֿון רעוואָלוציאָנערע קאָזאַקן. דער אַרבעטער־סאָוועט האָט באַשלאָסן געבן זיי אַ קבלת־פּנים אין גרויסן טעאַטער „פּאַלאַס". די מאַמע האָט אונדז פֿאַרבאָטן אַרויסטרעטן פֿון הויז. קאָזאַקן האָבן אויף איר אָנגעוואָרפֿן אַזאַ שרעק, אַז איר ציטערן און „אָכן" האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע הויז.

איך בין געשטאַנען אין פֿענצטער און אַרויסגעקוקט. פּייסע דער שוסטער איז אַרויסגעקומען פֿון זײַן טיר אַן אויסגעפּוצטער אין זײַן שבת׳דיקן בגד און מיט אַ רויט שלייפֿל אין לאַץ. ער האָט מיך דערזען און אויסגערופֿן:

— קום, דודאַלע, מיט מיר, באַגריסן די קאָזאַקן.

— די מאַמע האָט מורא טאָמער...

— נישטאָ וואָס מורא האָבן, נאַרעלע, דאָס זיינען אַלע אונדזערע מענטשן.

און איך בין מיט אים אַרונטער צום בולוואַר, וואו דער טעאַטער „פּאַלאַס" איז שוין געווען אַ געפּאַקטער. בענטשיק און זײַנע ברידער האָבן אונדז דערזען און דורכגעשטופּט דעם גרויסן געדרענג און אַרײַנגעפירט אין זאַל אַרײַן. אינעווייניק איז געווען אַזאַ שטיקעניש, אַזאַ טומל. מענטשן האָבן געהאַנגען אויף די פֿענצטער און געשטאַנען בײַ די ווענט.

צוויי קאָזאַקן מיט רויטע ליאַמפּאַסן אויף די בלויע הויזן און כאַקענע העמדלעך מיט מעדאַלן און רויטע היטעלעך אָן דאַשיקעס, האָבן זיך געגעבן אַ הויב-אויף פֿון זייערע פּלעצער, און איינער האָט מיט אַ צעשטראַלטן פּנים אַ זינג געטאָן צו פּייסי שוסטער:

— סאַדיטעס, פּאַזשאַלויסטאַ, דעדושקאַ.

(זעצט זיך, זײַט אַזוי גוט, זיידע.)

מען האָט רעב פּייסי'ן באַזעצט און מיך אַרײַנגעשטופּט צווישן אים און נאָך אַ קאָזאַק. פּייסי שוסטער האָט אַ צופֿרידענער אַרויסגעשטעקט די ברוסט, און זיך גלעטנדיק די פֿאַרקאַמטע באָרד צו מיר געזאָגט מיט שטאָלץ:

— נו, דודאַלע, איז דאָס נישט משיח'ס-צײַטן?

## פֿון יענער זײַט

ווען די רומענער זיינען סוף 1918 אַרײַן אין בעסאַראַביע מיט גוואַלד און אָנגעהויבן דעם בלוטיקן טעראָר געגן דער באַפֿעלקערונג, איז די יוגנט זיך צעלאָפֿן קיין פּאָדאָליע, אויף יענער זײַט דניעסטער. צווישן זיי איז אויך געווען בענטשיק און זײַן ברודער יונה.

פּייסי און רייזל זיינען געבליבן מיט די יינגערע צוויי זין. זיי פֿלעגן פֿון צײַט-צו-צײַט הערן, אַז בענטשיק און יונה זיינען אין טיראַספּאָל און אַז זיי שלאָגן זיך אין די רייען פֿון די פּאַרטיזאַנען געגן די פּעטלוראָווצעס. פּייסי דעם שוסטער'ס האַרץ איז אויסגעגאַנגען נאָך די צוויי עלטערע זין.

עס זיינען אָנגעקומען אומרואיקע טעג און פֿינצטערע נעכט, ווען מען האָט דערוואַרט פּאָגראָמען אין שטעטל. די „סאַמאָאָבאָראָנאַ"

(זעלבשויץ) פֿלעגט דורכפֿירן בײַנאַכטיקע „אַבכאַדן" פֿון באַוואָפֿנטע חבֿרה־לײַט, וואָס פֿלעגן שפּירן אויף אַלע וועגן וואָס פֿירן אין שטאָט אַרײַן טאָמער „קומט מען". קינד־און־קײַט פֿלעגן נעכטיקן אין די קעלערס און אויף די בוידעמער.

בײַ אונדז אין גרויסן קעלער האָבן זיך געפֿונען אַרום אַכט משפּחות, צווישן זיי אויך רעב פּייסי און זײַן פֿרוי רייזל. זייערע צוויי יינגסטע זין זיינען געווען אין „אַבכאַד".

איך, דער עלטערער פֿון מײַן הויזגעזינד, בין קוים 14 יאָר אַלט געווען, און אַפֿילו ווען איך האָב שוין געטראָגן אַ גימנאַזיסטן־מונדיר מיט קנעפּ און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק און אַ „גערב", בין איך נאָך אַלץ געווען אַ קינד אין מײַן מאַמע׳ס אויגן און מען האָט מיך ניט אַרויסגעלאָזט אינדרויסן. דער פּאַראָל צו עפֿענען די טיר פֿון קעלער פֿאַר עמיצן וואָס קלאַפּט, איז געווען: „נאַדיעזשדאַ" (האָפֿענונג).

שפּעט בײַנאַכט האָט אויסגעבראָכן אַ שיסערײַ בײַם דניעסטער און מען האָט געהערט ווי רײַטער זיינען אָנגעקומען און דורכגעפֿאָרן די גאַסן.

קינדער האָבן זיך געטוליעט צו די מאַמעס און עלטערע מענטשן האָבן געציטערט פֿאַר שרעק.

ערשט מען קלאַפּט אין טיר פֿון קעלער און אַ שטימע רופֿט־אויס:

— „נאַדיעזשדאַ"!

מיט ציטערדיקער פֿאַרזיכטיקייט האָבן עטלעכע מענער אויפֿגעפּרעגעטעט די פֿאַרבאַריקאַדירטע טיר, און פּייסי דעם שוסטער׳ס צוויי בנים זיינען אַרײַן מיט עפּעס אַ הויכן אָפֿיציר אין אַ לעדערנע קורטקע.

דאָס איינציקע קעראָסין־לעמפּל האָט געוואָרפֿן אַ פֿאַררויכערטע שײַן אויפֿן ריז מיט אַ פּאַפּאַכע, אויף וועלכער עס האָט געהעלט אַ רויטער שטערן.

ווען ער האָט אַרונטערגענומען די פּאַפּאַכע און אַנטבלויזט אַ טשופּרינע שוואַרצע האָר, האָט די קליינע רייזל אויסגעשריגן:

— בענטשיקל! —

און איז צוגעפֿאַלן אַ וויינענדיקע צו זײַן ברוסט.

בענטשיק האָט אויפֿגעהויבן זײַן מאַמע צו זיך און זי לאַנג געקושט.

דערווײַל האָבן בענטשיקס ברידער דערציילט, אַז אַן „אָטריאַד" רויטע פּאַרטיזאַנער האָט געמאַכט אַ „נאַליאָט", זיך פֿאַרבונדן מיטן לאָקאַלן אונטערערדישן קאָמיטעט און אַז זיי ציִען זיך באַלד צוריק. בענטשיק איז זײַער קאָמאַנדיר.

בשעת בענטשיק האָט זיך געקושט מיט דער מאַמען און זי האָט אַזוי חנ'עוודיק געכליפּעט, איז פּייסי דער שוסטער געשטאַנען אָנ־געשפּאַרט מיט דער פּלייצע אין שטיינערנעם סקלעפּ, פֿאַרוואָרפֿן די הענט איבער זײַן ברוסט און געשטראַלט:

— נו, מאַמע, שעפּסט נחת?

ווען בענטשיק האָט מיך שפּעטער דערזען זיצנדיק אויף אַ קאַסטן אין מײַן גימנאַזיסטן־מונדיר, איז ער צוגעקומען, זיך צוגעזעצט פֿאַר־וואַרפֿנדיק זײַן ריזיקע האַנט איבער מײַן פּלייצע, אַ זאָג געטאָן אין רוסיש:

— „נו, דאַוויד, נאַסטאַלאָ פּאָראַ או פּראָסנולסיאַ נאַראָד"!

(דאַוויד, עס איז געקומען די צײַט און אויפֿגעוואַכט דאָס פֿאָלק!)

איך האָב געקוקט אויף זײַן שטראַליקן פּנים און פֿלאַמענדיקע אויגן און איך האָב געפֿילט, אַז אויך מײַן מונדיר איז אַ מיליטערישער און אַז אויף מײַן גימנאַזיסטן־היטל ברענט אַ רויטער שטערן...

# טיראָשקאַ און ליעבעדיעוו

וויפֿל עס האָט מיך נישט געצויגן און באַצויבערט דאָס אָנזען פֿון דעם געדרוקטן וואָרט אין ביכער און זשורנאַלן אין דער ביבליאָטעק אָדער אין די ביכער-קראָמען ביי אונדז אין שטעטל, האָט מיך נאָך מער באַרוישט און פֿאַר'כּישופֿ'ט דאָס טעגלעכע אָנקומען פֿון דער פּאָסט מיט בריוו, זשורנאַלן און צייטונגען מיט די קאָלירטע מאַרקעס און שטעמפּלען וואָס אונדזער שטאָטישער פּאָטשטאַליאָן טיראָשקאַ פֿלעגט צעטראָגן איבער די הייזער.

איך פֿלעג אים אָפֿט נאָכגיין און נייגעריק שלינגען די נעמען פֿון די זשורנאַלן און צייטונגען און די שטעמפּלען פֿון לענדער און שטעט און די געדרוקטע און געשריבענע אַדרעסן איבער די קאָנווערטן און צייטונג-באַנדעראָלן.

טיראָשקאַ איז געווען אַן אָפֿטער אַריינגייער צום טאַטן אין שניידער-וואַרשטאַט. מיין טאַטע האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן זכּרון פֿאַר די נעמען און צונעמען און עס איז נישט געווען קיין נפֿש אין שטאָט וואָס ער האָט נישט געקענט און באַוויזן אויסרעכענען זיין גאַנצן משפּחה-יחוס.

איך האָב אַלעמאָל ליב געהאַט, בשעת מעשׂה, איבערקוקן די בריוו און צייטונגען אין טיראָשקאַ'ס לעדערנעם און אָפּגעריבענעם פּאָסט-זאַק.

טיראָשקאַ האָט געוואוסט אַז איך גיי-אויס נאָך די פּאָסט-מאַרקעס און ער פֿלעגט מיר אָפֿטמאָל אָפּגעבן אייניקע פֿון זיי.

זייער אָפֿט האָט דער טאַטע מיר געהייסן אַוועקפֿירן טיראָשקאַ'ן, און דערביי טאָן אַ גרויסע מצווה פֿון ברענגען אימיצן אַ בריוו אָדער געלט פֿון אַמעריקע אָדער אַרגענטינע.

## דער בריוו פֿון אַמעריקע

איך געדענק איינמאָל, האָט דער טאַטע מיר געהייסן פֿירן טי־ראַשקאַ׳ן צו שׂרה־חנה די סעדיכין מיט אַ בריוו פֿון איר זון אין ניו יאָרק, מאָטל ווײַס.

שׂרה־חנה און איר הויז־געזינד האָבן זיך מיט אונדז דערפֿרייט און געבעטן טיראַשקאַ׳ן עפֿענען דעם בריוו און לייענען. ווען ער האָט אויפֿגעריסן דעם קאָנווערט און דערזען דעם ייִדישן בריוו האָט ער צו מיר געזאָגט:

— נאַ, לייען דו, דאָס איז דײַן שפּראַך.

איך האָב אָנגענומען דעם בריוו און מיט אַ ציטערדיקער פֿאַר־האַקטער שפּראַך גענומען ציען וואָרט נאָך וואָרט:

„טײַערע מאַמע, ליבע שוועסטער און ברידער און גאַנצע משפּחה, לעבט וואָל!

איך און מײַן פֿרוי און קינדער זײַנען דאַנקען גאָט געזונט און שטאַרק, דאָס זעלבע פֿון אײַך צו הערן.

לעצטן שבת בײַנאַכט איז בײַ אונדז געוועזן דער יערלעכער באָל פֿון אונדזערע סאָראָקער לאַנדסלײַט און אַלע אונדזערע באַקאַנטע און איינגענע לאָזן אײַך גריסן.

איך שיק אײַך אַ קוויטאַנציע אויף 20 דאָלער אויף פּסח.

לאָזט גריסן אַלע אונדזעריקע.

אײַער זון,

מעקס ווײַט.”

איך האָב אָנגעשטעלט מײַנע אויגן אויף שׂרה־חנה׳ן און געפֿרעגט:

— דאָס איז דען פֿון אײַער זון מאָטל?

— יאָ אַזוי הייסט ער דאָרטן אין אַמעריקע, מעקס ווײַט.

ווען איך בין אַהיימגעקומען און דערציילט וועגן נאָמען מעקס ווײַט איז געוואָרן אַ גרויס געלעכטער.

בּרוך דער שנײַדער־געזעל האָט גענומען אָפּלאַכן:

— מעק־לעק, ווײַט־קרײַט!

דער פֿעטער מאָטל, דער „אַמעריקאַניעץ” האָט זיך אָנגעצונדן:

— לאַך נישט, בּרוך׳ל צאַץ, אַלע בײַטן זייערע נעמען אין אַמע־ריקע, אויך מיך האָט מען דאָרטן גערופֿן מאַקס.

— אַזוי? אויב אַזוי, איז דאַך מסתמא מאַקס לינדער׳ס ריכטיקער נאָמען — מאָטל שינדער! אַמעריקע גנבֿ!

ווען טיראָשקאָ פֿלעגט זיך באַווײַזן בײַ אונדז אין גאַס, פֿלעגן מענטשן אַרויס פֿון די שטיבער און פֿרעגן אויף בריוו, און אַז עס זיינען נישט געווען קיין בריוו פֿלעגט טיראָשקאָ מיט באַדויער זאָגן:

— „פּישוט, דאָראָגיע, פּישוט”! (מען שרײַבט טײַערע, מען שרײַבט!)

טיראָשקאָ איז געווען אַן אוקראַיִנער פֿון כערסאָן. זײַן בלאָנדע טשופּרינע און רויטלעכע וואָנצעלעך זיינען אַלעמאָל געווען אַקוראַט פֿאַרמעקט און זײַן דאַשיק פֿון היטל מיטן גערב האָט אַלעמאָל גע־גלאַנצט. זײַן בלויע סאַטינענע קאָסעוואָראָטקע מיטן אויסגענייטן העלדזל און פּאַסמעס פֿון אַרבל און רויטן טראָלדענעם קוטאַס זיינען אַלעמאָל געווען זויבער־ריין און זײַנע אויסגעפּרעסטע פּאַרוסינענע הויזן זיינען געווען אָפּגעהיט אַרײַנגעשטעקט אין זײַנע אָפּגעפּוצטע סטוטשנע כאָליווקאַלעך.

ער פֿלעגט טראָגן זײַן געלן לעדערנעם פּאָסט־זאַק פֿאַרוואָרפֿן איבערן לינקן אַקסל און ביידע הענט זיינען אַלעמאָל געווען פֿול מיט בריוו.

טיראָשקאָ האָט שטענדיק געשמייכלט און זײַן רויטלעך פּנים האָט אַלעמאָל געשטראַלט. איך פֿלעג טראַכטן אַז טיראָשקאָ איז דער גליקלעכסטער מענטש בײַ אונדז אין שטעטל.

געוואוינט האָט טיראָשקאָ בײַ דער מײַנפֿעלדקע, די רײַכע באַלע־באָסטע פֿון טעאַטער „פּאַלאַס” און די אַרומיקע געביידעס. ווען אַ טרופּע אַקטיאָרן פֿלעגט קומען גאַסטראָלירן אין טעאַטער פֿלעגן זײַ אַלעמאָל דאַרפֿן דורכגיין טיראָשקאָ'ס שטיבל און באַוואונדערן זײַנע גרעלע גאַרדינען איבער די פֿענצטער פֿול מיט באַבלימטע וואַזאָנעס און דאָס גערטנדל מיט די קאָלירפֿולע קווייטן און דאָס ווײַסע שטאַכעטל האָט צוגעגעבן חן דעם בלוי־געטינקעוועטן גאַניק.

איינמאָל האָט מיך טיראָשקאָ אַרײַנגענומען צו זיך אין שטיבל און מײַן האַרץ איז דאָרט געפֿאַנגען געוואָרן פֿון דעם עקזאָטישן צויבער.

אויף איינער פֿון זײַנע ווענט האָט געהאַנגען אַ פֿאַרשיידנ־פֿאַרביקע גרויסע מאַפּע פֿון די צוויי קײַלכטיילן פֿון דער וועלט מיט פּראַכטפֿולע פּאָסט־מאַרקעס אַרומגעקלעפּט פֿון אַלע זײַטן און רויטע ליענטעס וואָס ציִען צו די לענדער און שטעט פֿון וואַנען די מאַרקעס קומען.

אויף דער צווייטער וואַנט, אויף אַן אויסגענייטן „קילעם” (טעפּעך)

מיט אוזאָרן פֿון פֿרוכטן און גרינסן, האָט געהאַנגען זײַן גיטאַר מיט וועלכער ער פֿלעגט אויסשפּילען און אויסזינגען וואונדערלעכע פֿאָלק-לידער און ראָמאַנסן.

זײַנע אַלבאָמען מיט פּאָסט-מאַרקעס זיינען געווען צעוואָרפֿן איבערן גאַנצן שטיבל. ער פֿלעגט מיר דערלויבן צו בלעטערן די אַלבאָמען וואָס האָבן מיך באַצויבערט מיט די פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען, לאַנדשאַפֿטן, בלומען, פֿייגל און חיות אויף די מאַרקעס.

## טראַנסוואַל

איינמאָל בשעת איך בין געזעסן פֿאַרטאָן אין די מאַרקעס האָט טיראָשקאַ אַרונטערגענומען די גיטאַר, אַ פֿינגערגעטאָן די סטרונעס און פֿאַרצויגן דאָס דרום-אַפֿריקאַנער פֿאָלק-לידל „טראַנסוואַל״:

טראַנסוואַל, טראַנסוואַל, מײַן אייגן לאַנד,
דו פֿלאַקערסט אין פֿײַערן צעברענט.
אונטער אַ צווײַגנדיקן בוים
אַ בור זיצט טראַכטנדיק פֿאַרקלעמט.

— פֿונוואָס טראַכסטו דאָרט, אַצינד?
— פֿונוואָס טרויערסטו אַליין?
— איך טרויער איבער שיינעם קאַנט,
— און סיטוט מיר באַנג מײַן היים.

נײַן זין געהאַט בײַ זיך אין הויז,
דרײַ ליגן שוין אין שלאַכט צעריבן,
און פֿאַר פֿרײַהײַט שלאָגן זיך
די זעקס וואָס זיינען נאָך געבליבן.

די מעלאָדיע און די ווערטער האָבן מיך פֿאַרכאַפּט און דאָס וואָרט „טראַנסוואַל״ איז אַרײַנגעפֿאַלן אין האַרצן.

— טיראָשקאַ, וואו איז טראַנסוואַל?

טיראָשקאַ האָט אַוועקגעלעגט די גיטאַר, צוגעגאַנגען צו דער מאַפּע און געוויזן וואו אַפּריקע געפֿינט זיך און וואו טראַנסוואַל. ער האָט מיט אַנטוזיאַזם גענומען דערציילן פֿון די העלדישע בורן וועלכע האָבן רעוואָלטירט קעגן די ענגלענדער.

ער האָט אַרויסגענומען פֿון זײַן טישקעסטל אַ קאָלירט פּושקעלע מיט הונדערטער פּאָסט-מאַרקעס און מיר געוויזן צוויי, איינע אַ ראָזעווע און די צווייטע אַ גרינע איבער וועלכע עס זײַנען געווען מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן אָפּגעדרוקט: TRANSVAAL.

ער האָט געזען מיט וואָס פֿאַר אַ ציטער איך האָב געהאַלטן די צוויי מאַרקעס אין מײַנע פֿינגער און ער האָט זיי מיר געשענקט. ער האָט זיי אײַנגעוויקלט אין ציגאַר־פּאַפּיר און אַרײַנגעלייגט אין אַ קליין קאָנווערטל.

מיט גרויס פֿרייד און צערודערונג האָב איך זיי געבראַכט אַהיים און אויף מאָרגן אין קלאַס אַרײַן פֿון דער רעגירונגס־שול.

## לעבעדיעוו

פֿון מײַנע ערשטע טעג אין דעם ערשטן קלאַס גימנאַזיע בין איך צוגעבונדן געוואָרן צו דעם לערער פֿון נאַטור־געשיכטע און געאָגראַפֿיע לעבעדיעוו. איך בין געווען אַזאַ דערשראָקענער, אַז ווען דעם ערשטן טאָג האָט געקלונגען דער גלאָק וואָס רופֿט אַלע קריסטלעכע שילער צום „מאָליעבען" (גאָטעס־דינסט) און די יִדישע שילער זיינען געבליבן אין די קלאַס־צימערן אָדער זיך אַרויסגעשלײַכט אין הויף אַרײַן זיך שפּילן, בין איך מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם און אַרײַן אין פֿינצטערן זאַל באַלויכטן בלויז מיט די ליכט אויפֿן קאַטאַפֿאַלק וואו דער גלח איז געשטאַנען. איך בין געבליבן שטאַרצן אַ בלײַכער צווישן צוויי הויכע דאָרפֿישע בחורים וואָס האָבן אויף מיר, כ'האָב נישט געוואוסט פֿאַרוואָס, געוואָרפֿן זייער בייזע בליקן.

מיטאַמאָל האָט דער גלח אָנגעהויבן עפּעס ברומען אין דער אום־פֿאַרשטענדליכער סלאַוויאַנישער שפּראַך און ווען ער האָט אַ דונער געטאָן „פּאָמאָלימסיאַ"! (לאָמיר תּפֿילה־טאָן!) איז די גאַנצע מאַסע אַרונטער אויף די קני.

איך בין געווען דער איינציקער וואָס איז געשטאַנען אין געאַקטע וואונדן. מײַנע קני האָבן זיך גענומען ברעכן און פֿאַלן צום דיל און פֿון מײַן דערוואָרגענעם גאַרגל האָט זיך געריסן אַ יעכצנדיקער שרעק.

מיטאַמאָל איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר דער לערער פֿון נאַטור־געשיכטע און געאָגראַפֿיע לעבעדיעוו און פֿאַרוואָרפֿנדיק זײַנע פּוכקע וואַרעמע הענט איבער מײַן אַקסל און אַרום מײַן טאַליע באַפּוילעריש און צאַרט געזאָגט:

— „דערזשים, גאָלובטשיק!" (האַלט זיך טײַרינקער) דו דאַרפֿסט נישט קניען!

און זײַנע באַברילטע לויכטנדיקע אויגן האָבן געשמייכלט מיט גוטסקייט.

ווען אַלע האָבן זיך צוריק אויפֿגעהויבן און גענומען זינגען עפּעס

אַ הימן האָט לעבעדיעוו מיך אַרויסגעפֿירט אין קאָרידאָר און גוט־מוטיק געזאָגט:

— אַלם ייִד, דאַרפֿסטו נישט גייַן צום „מאָליעבען". גיי זיך בעסער שפּילן „גאָלובטשיק"!

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגט ער מיך אַלעמאָל רופֿן „גאָלובטשיק" און איך האָב אים אַזוי ליב באַקומען אַז איך פֿלעג אים פֿאַרלויפֿן דעם וועג, כּדי צו קענען פֿאַר אים אַרונטערנעמען מייַן גימנאַזיסטן־היטל און זיך גריסן.

ער האָט, מסתמא, פֿאַרשטאַנען און ער פֿלעגט אַלעמאָל מיט אַ שמייכל זאָגן:

— נו, נו, „גאָלובטשיק"!

איך האָב קיינמאָל נישט אויסגעפֿונען פֿאַרוואָס ער אַליין איז נישט אַרונטער אויף די קני און צי האָט ער אויך געהאַט אַן אַנדער גלויבן.

## דער טאָלסטאָיאַנער

דער גימנאַזיע־לערער איוואַן פּעטראָוויטש לעבעדיעוו איז געווען אַ זעלטענע געשטאַלט בייַ אונדז אין שטעטל. אַ ליבעראַל און טאָלסטאָי־אַנהענגער פֿלעגט ער אָפֿט בונטעווען די שטודירנדיקע יוגנט אין שטאָט

ווען די קלייטן אין שטאָט האָבן געהעכערט די פּרייַזן אויף שיך און קליידונג און קיין פּראָטעסטן האָבן נישט געהאָלפֿן איז לעבעדיעוו איינמאָל אַרוים אינמיטן מאַרק אָן אַ היטל און אָן אַ רעקל, בלויז אין פּשוט'ן לייַוונטענעם העמד און פּאַרוסינענע הויזן און באָרוויס. אויף אים קוקנדיק האָבן הונדערטער סטודענטן אַרונטערגעוואָרפֿן די „פּאַראַשקעס" (היטלען), אויסגעטאָן זייערע מונדירן און אַרוים אינמיטן גאַס באָרוויס.

לעבעדיעוו האָט אויפֿן מאַרק־פּלאַץ פֿאַר זיי געהאַלטן אַ לעקציע וועגן טאָלסטאָיען און דער פֿילאָסאָפֿיע פֿון פּשוט'ן לעבן און פּאַסיוון ווידערשטאַנד.

דער „גאָלאָווא" (הויפּט פֿון שטאָט) סאַלטוז און דער „איספּראַוו־ניק" (פּאָליציי־שעף) מיט אַלע זייַנע געהילפֿן און פּאָליציאַנטן האָבן זיי אַרומגערינגלט.

דער „גאָלאָווא" האָט זיך געווענדעט צו לעבעדיעוון מיט מוסר, אַז די אינטעליגענץ פֿון שטעטל גיט נישט קיין גוטן בייַשפּיל דעם פּשוט'ן פֿאָלק. ער האָט אָפּגעלאַכט:

— מאָרגן וועלן אַרבעטער און באַלמעלאָכעס וואַרפֿן די אַרבעט און די שטאָט וועט ווערן פּאַראַליזירט און עס וועט הערשן אַנאַרכיע. איך בעט אײַך, הויכגעשעצטע קולטור-מענטשן, גייט אַהיים און ציט אַרויף אויף זיך די ציוויליזאַציע און לאָמיר פֿאַרגעסן אין אָט דעם אומווירדיקן און אומגליקלעכן אינצידענט.

דער קליינער געפּאַקטער לעבעדיעוו אין זײַן לײַוונטענעם העמד און הויזן פֿון פּראָסטער פֿאַרוסינע מיט די געלע נעגל פֿון זײַנע באָר-וויסע פֿאַרשטויבטע פֿיס, איז רויט געוואָרן פֿון צאָרן. ער האָט פֿאַר-בײַלט זײַנע צאָרנדיקע פֿינגער אין וואָרנדיקע קולאַקעס און זיך צעשריגן נישט מיט זײַן קול:

— באַרבאַריזם? ! איר באַשולדיקט אונדז אין באַרבאַריזם? עס איז אַ באַרבאַריזם צו שינדן אַ הויט פֿון אָרעמע מענטשן וואָס האָבן נישט קיין געלט פֿאַר שיך און קליידונג. עס איז אַ באַרבאַריזם אַרויפֿ-צושרויפֿן די פּרײַזן אויף שפּײַז און דירה-געלט. פֿאַרוואָס גייט איר נישט, הויכגעשעצטע נאַטשאַלסוואָ, און אַפּעלירט נישט צו די גע-שעפֿטסלײַט און קרעמער, צו די בעקער און קצבֿים אַז זיי זאָלן נישט שינדן אַ הויט?

— אָט ווער עס זיינען שולדיק אין באַרבאַריזם!

עס וואָלט זיכער געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן דער פּאָליציי און די סטודענטן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט לעבעדיעוון, ווען נישט אַ דראָשקע וואָס איז אַרײַנגעפֿאָרן אין עולם און דער דירעקטאָר פֿון דער גימנאַזיע האָט פֿאַרבעטן לעבעדיעוון מיט אים פֿאָרן צוריק אין גימנאַזיע אַרײַן:

— קומט, איוואַן פּעטראָוויטש, אַהיים אין גימנאַזיע אַרײַן, איר האָט אײַערם דורכגעפֿירט און פֿאַרצייכנט אײַער פּראָטעסט.

און ווען לעבעדיעוו, דער אַנטבלויזטער און באָרוויסער איז אַרויף אויף דער בריטשקע און זיך געזעצט לעבן דעם אויסגעפּוצטן דירעקטאָר און די דראָשקע האָט זיך גערירט, האָבן די סטודענטן אויסגעבראָכן אין אַ נצחונ׳דיקן הורא-געשרײַ און נאָכגעלאָפֿן ביז אַרונטער צו דער גימנאַזיע דער טריאומפֿאַלער-דראָשקע מיט זייערע לערער.

דער קלוגער גאָלאָווא סאָלטוז האָט באַטראַכט דעם שטוינענדיקן קאַלטן עולם און זיך עפּעס דורכגערעדט מיט זײַנע פּאָליציי-נאַטשאַל-ניקעס.

מיטאַמאָל האָט דער גאָלאָוואַ סאָלטוז אויסגעשאָסן אויפֿן קול:

— „וואָט טשודאַק אי יעוואָ באָסאַיאַ קאָמאַנדאַ!"

(אָט אַ טשודאַק און זײַן באָרוויסע קאָמאַנדע!)

די כאַפּטע אָרום גאַלאָווע האָט אויסגעשאָסן אַ גרויס געלעכטער און אַ גרויסער טייל פֿון עולם האָט זיך גוטמוטיק אָנגעשלאָסן.

די פּאָליציי האָט פֿאַרזיכטיק צעטריבן דעם עולם אַהיים און עס איז געבליבן אַ שפּאַסיקער אינצידענט וועגן וועלכן מען האָט לאַנג געלאַכט און גערעדט פֿון דער „באַסאַיאַ קאָמאַנדאַ״.

## געאָגראַפּיע

איינמאָל אין קלאַס פֿון געאָגראַפּיע מיט לעבעדיעוו, האָט ער גערעדט וועגן אַפֿריקע און אַ פֿרעג געטאָן ווער ווייסט מיט וואָס אַפֿריקע איז באַרימט אין דער וועלט.

איך האָב אַ הויב געטאָן די האַנט און ער האָט מיר דערלויבט אויפֿשטיין און זאָגן.

איך האָב אויסגעשאָסן:

— טראַנסוואַל!

— פֿאַרוואָס?

— ווײַל די בורן האָבן העלדיש געקעמפֿט פֿאַר זייער באַפֿרײַאונג פֿון אונטערן יאָך פֿון די ענגלענדער.

— פֿונוואַנען ווייסטו?

— טיראָשקאַ האָט מיר דערציילט.

— דער פּאָסטמאַן?

— דער.

און איך האָב אים צוגעטראָגן די צוויי מאַרקעס.

לעבעדיעוו האָט אַרונטערגענומען זײַנע ברילן און מיט באַגײַסטרונג אַרײַנגעשטעקט די נאָז און אויגן אין די מאַרקעס. ער האָט מיר צוריקגעגעבן די מאַרקעס און געפֿרעגט:

— טיראָשקאַ האָט אַסך אַזעלכע מאַרקעס?

— אַ פֿולע הויז, מיטאַלערליי?

— אַזוי? אַז דו וועסט אים טרעפֿן זאָג אים אַז איך וויל אים זען.

## די פֿרײַנטשאַפֿט

איך האָב גאָרנישט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ וואונדערלעכע פֿרײַנטשאַפֿט איך האָב געשלאָסן צווישן די צוויי, מיר זייער ליבע מענטשן. אויף זיי קוקנדיק האָב איך אַליין גענומען זאַמלען מאַרקעס, זיך אײַנגעקויפֿט אין מעלערם בוך־געשעפֿט אַ גרויסע מאַפּע און גע־חלום׳ט, אַז איך וועל גרויס ווערן וועל איך זיך קויפֿן אַ גיטאַר און זינגען דאָס שיינע ליד „טראַנסוואַל״.

# מאיר׳עלע „קאָראַט״

פֿון אַלע געשטאַלטן אין מײַן יוגנט און דורך די לעצטע יאָר־צענדליק פֿון מלחמות און בלוטיקע גרעאַנגלעניש שײַנט אַרויס אײן נשמה, וואָס איז מיר אַמנאָענטסטן אין אידייאישער און וועזנטלעכער קרובֿה׳שאַפֿט — מײַן שוועסטער־קינד, דאָס פֿאַריזער ייִדישע שנײַדעריל מאיר׳עלע „קאָראַט״.

אין אַלע זײַנע וואַנדערונגען, פֿון דער ייִדישער ערד־קאָלאָניע זגוריצע, קײן סאָראָקי, יאַס, בוקאַרעשט, וואַרשע, ברוסעלס און פֿאַריז, זײַן באַזוך אין ניו יאָרק און צוריק קײַן פֿאַריז, האָט ער אַלעמאָל מיטגעטראָגן יענעם העלן הומאַניסטיש־קעמפֿערישן גײַסט, וואָס איז מיר אַזוי טײַער און ליב.

קײנער פֿון מײַנע ברידער און שוועסטער זײנען מיר נישט אַזוי בוזים־נאָענט און אײגנהאַרציק ווי דער קאָזין מײַנער פֿון דער שײנער האָרעפּאַשנער שטאָט פֿאַריז.

**די מומע ראָניס קינדער**

פֿון מײַן מאַמעס אַלע שוועסטער אין זגוריצע איז די ייִנגסטע, ראָניע, געווען די ליבסטע און לוסטיגסטע און געהאַט אַ הויז פֿול מיט שײנע טעכטער און אײן בן־יחיד.

זי איז געווען אַ קלײנינקע, זשוואַווע מיט אַ בראָדיוועקע אויף דער לינקער באַק וואָס האָט צוגעגעבן חן איר שטענדיק שמײַכלענדיקן פּנים. איר זינגעוודיקע שטימע האָט אַלעמאָל אָפּגעקלינגען פֿרײדיק־לאַכנדיק און האָפֿנונגספֿול.

איר מאַן, חנא שנײַדער פֿון יאַמפּאַלע, איז געווען אַ הויכער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק מיט קלײנינקע פֿאַרדרײטע וואָנצעלעך און איז שטענדיק געגאַנגען אָנגעטאָן די בעסטע־אויפֿגענײטע מלבושים, וואָס ער אַלײן האָט אויסגעמײַסטרעוועט, ער איז געווען דער בעסטער שנײַדער אין געגנט.

וויאַזוי מײַן מומע ראָניע און דער פֿעטער חנא האָבן געקענט אָנקלײבן אַזויפֿיל שײנע טעכטער מיט אַזעלכע וואויל־קלינגעוודיקע נעמען איז פֿאַר מיר געווען אַלעמאָל דער גרעסטער וואונדער. בלויז

די מוזיקאַלישע נעמען אַליין פֿון דעם מיידל־געזינדל: בּתיה, פֿייגע, טובע, ביילע, גאָלדע און געלע, פֿלעגן אָנפֿילן מײַן האַרץ מיט פֿרייד.

און צווישן אָט דעם פּראַכטפֿולן און דופֿטיקן גאָרטן פֿון טעכטער האָט אַרויסגעהעלט דער בּן־יחיד זייערער מאיר — אַן אמת׳ער שטראַל פֿון ליכט.

מײַן פֿעטער חנא האָט זיך געפֿירט ווי אַן אַלט־ביבּלישער יונגער פּאַטריאַרך בײַ זיך אין הויז — ער האָט געוועלטיקט איבער זײַנע נשים און שטרענג־פֿאָטערליך געבּאָוועט זײַן בּן־יחיד און יורש.

די „שטיב", ווי ער האָט אַזוי שטאָלץ גערופֿן זײַן הויז, איז געווען די מלוכה זײַנע. אַלעם האָט זיך געדרייט אַרום דער „שטיב" און דער הערשער דער „טאַטע".

ער האָט כּמעט אַלע זײַנע טעכטער אײַנגעשפּאַנט אין זײַן שנײַדערײַ און זיי צוזאַמען מיט דער פֿריילעכער מומע ראָניע פֿלעגן אָנפֿילן די „שטיב" מיט פּלאַפּלערײַ, געזאַנג און געלעכטער.

מיך פֿלעגט אַלעמאָל ציען קײַן זגוריצע, צום הויז פֿון דער מומע ראָניע און אירע שיינע און שטענדיק פֿריילעכע טעכטער. אונדזער הויז איז געווען געבענטשט מיט פֿינף בּחורים און בלויז איין קליין שוועסטעריל.

## מאיר כּאַנצים

אויך מײַן מאַמעס עלטערע שוועסטער כּאַנצי און איר מאַן יאָסל „הערכט" האָבן געהאַט אַ בּן־יחיד מאיר וועלכער איז געווען מיט איבער צען יאָר עלטער פֿון מאיר דער מומע ראָנים.

מאיר כּאַנצים איז געווען זייער אַ געבילדעטער און פֿייאיגער בּחור. אין הויז בײַם פֿעטער יאָסל, דעם שנײַדער, איז געווען אַ גאַנצע וואַנט מיט ביכער און דער טאַטע און זון פֿלעגן זיצן בײַם געניי און רעדן פֿון וועלט־פֿראַגן און ליטעראַטור. מאיר כּאַנצים איז געווען דער בעסטער שפּילער אין דעם זגוריצער דראַמאַטישן־קרײַז און דער קליינער, מאיר ראָנים, איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיטן קלאַנג פֿון געפֿליגלטן וואָרט. ער פֿלעגט זיצן אַ פֿאַרגאַפּטער און זיך צוהערן ווי די שפּילער רעפּעטירן זייערע ראָלן און ווי וואונדער־לעך זייערע דיאַלאָגן פֿלעגן קלינגען בײַ די פֿאָרשטעלונגען אין זגוריצער קולטור־צענטער.

ווען מאיר איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר האָט מען אים געבראַכט צו אונדז אין הויז אַרײַן, אין סאָראָקי, זיך לערנען אין דער העברעאיִ־שער „תּרבות"־גימנאַזיע. פֿיר יאָר, ביז אונדזער אָפּפֿאָרן קײַן אַמע־

ריקע, איז ער געווען אַ טייל פֿון אונדזער פֿאַמיליע. אַנשטאָט פֿינף ברידער, זיינען מיר געווען זעקס. בלויז אויף יום־טובֿים און זומער־וואַקאַנס פֿלעגט מאיר פֿאָרן קיין זגוריצע.

נאָך אונדזער אַפּפֿאָרן האָט מאיר געלעבט „קאַמערינע" אין דער פֿרעמד און געבענקט נאָך אונדזער הויז וואָס איז געוואָרן זיין צווייטע היים. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט אַרום דער קולטור־ליגע און איר דראַמאַטישן־קרייז. די שניידער־געזעלן און זייער אָנפֿירער פֿון דראַמאַטישן קרייז שמריה הערלעכמאַן האָבן אַריינגעצויגן דעם יונגן בחור אין דער קולטור־אַרבעט. די יידישיסטישע קולטור־אַטמאָספֿערע האָט אַזוי געווירקט אויף מאיר'ן אַז ער האָט פֿאַרלאָזט די „תּרבות"־גימנאַזיע און געוואָרן אַ שניידער־געזעל.

## דער צויבער פֿון דער בינע

ווען די יידישע דראַמאַטישע טרופּן מיטן רעזשיסער דוד ליכט האָבן גאַסטראָלירט איבער גאַנץ בעסאַראַביע און דערפֿאָלגרייך געשפּילט אין יאַס און בוקאַרעשט איז מאיר אין 1924 אַוועק פֿריער קיין יאַס און דערנאָך קיין בוקאַרעשט זוכן זיין מזל אויף דער יידישער בינע. דוד ליכט האָט צוגעצויגן דעם סטעפּאָווע בחור און ער פֿלעגט איבערליגן אין טעאַטער אין די אָוונטן און געאַרבעט שווער ביי שניידעריי דורך די טעג.

ווען ליכט און זיין טרופּע האָבן פֿאַרלאָזט רומעניע איז מאיר זיי נאָכגעפֿאָרן קיין וואַרשע, אָבער נישט אויף דער בינע און נישט ביי שניידעריי האָט ער געפֿונען זיין באַרוף. און ער איז אַהיימגעקומען קיין סאָראָקי און זגוריצע און ווידער געוואָרן אַקטיוו אַרום דער קולטור־ליגע און די אונטערערדישע יוגנט־גרופּן.

לאַנג האָט ער דאָרטן נישט געקאָנט בלייבן. שפּיקן האָבן אַרויסגעגעבן די אַקטיווע טוער און מאיר איז געצוואונגען געוואָרן מאַכן פּליטה אַריבער דער גרעניץ און אָנקומען, נאָך חדשים וואַנדלונגען, קיין ברוסעלס, בעלגיע.

דאָרט האָט ער זיך געטראָפֿן מיט דער בעסאַראַבער אימיגראַנטישער יוגנט און זיך אויך באַקאַנט מיט זיין באַשערטער, די ליבע חבֿרטע איטושאַ פֿון טאַטאַר־בונאַר, פֿון דעם באַרימטגעוואָרענעם בעסאַראַבער דאָרף מיט זיינע בלוטיקע מאָלדאָוואַנישע אויפֿשטאַנדן קעגן די רומענישע אַריינדרינגער.

די וואוילע איטושאַ איז געווען די „מאַמע" פֿון אַלע בעסאַראַבער

נע-ונד'ניקעס אין בעלגיע. בשעת כּמעט די גרעסטע מערהייט איז געווען אַרבעטלאָז האָט זי שווער געאַרבעט אין אַ פֿאַבריקל פֿון היל־צערנע שפּילקעס פֿאַר וועשעריי און מיט איר פֿאַרדינסט אויסגעהאַלטן די קוואַרטיר וואו עס פֿלעגן קומען כּאָפּן אַן אָנבייסן אָדער נאַכטלעג אירע צענדליקער חבֿרים, מאיר אַרייַנגערעכנט. זי איז געווען אַ גאָלדענע נשמה און אַלע האָבן זי ליב געהאַט.

גרויס איז געווען די פֿרייד פֿון די בעסאַראַבער פּאַרוואָגלטע ווען זיי האָבן געפּראַוועט די חתונה פֿון איטושאַ און מאיר.

### פּאַריז

פֿון בעלגיע זיינען איטושאַ און מאיר אַוועק קיין פּאַריז. די פּאַריזער בעסאַראַבער האָבן געהאַט די שענסטע און גרעסטע לאַנדס־מאַנשאַפֿט־אָרגאַניזאַציע אין דער אימיגראַציע. איטושאַ און מאיר האָבן זיך דאָרטן אייַנגעלעבט אין דער סבֿיבֿה פֿון רוסיש־ייִדישער קולטור און שטורעמדיקער פּראָלעטאַרישער אַקטיווויטעט.

אין פּאַריז האָט זיך מאיר באַקאַנט מיט דעם רומענישן שנייַדער־געזעל יאַן קאָווריגאַרו און זיי האָבן ביידע געעפֿנט אַ שנייַדער־אַטעליע מיט דרייַ וואוינונג־צימערן אין צענטער פֿון דער שפּרודעלדיקער געגנט — מעטראָ־קאָמערס.

די צוויי שנייַדער און זייערע פֿרויען איטושאַ און אַנאַ האָבן פֿאַרוואַנדלט זייער אַטיליע און היים אין אַ זאַמלפּונקט פֿון דער פּראָ־גרעסיווער יוגנט. ערשט אין פּאַריז איז איטושאַ געוואָרן די מאַמע פֿון אַלע בעסאַראַבער און מאיר דער האַרציקער גוטער־ברודער פֿון יעדן נויט־לייַדנדיקן. מען האָט אים גערופֿן מיט ליבע מאיר'עלע „קאַראַט" (מייער)

מאיר'ן האָט איטושאַ באַגליקט מיט אַ טעכטעריל מישלען און יאַן קאָווריגאַרו'ן האָט זייַן אַנאַ באַשאָנקען אַ בלאָנד ייִנגעלע יאָעל. דאָס לעבן איז אַוועק גליקלעך און חבר'יש פֿאַר די פֿאַראייניקטע צוויי פֿאַמיליעס וואָס האָבן זיך ליב געהאַט ווי נאָר חבֿרים פֿון איין באַוועגונג קענען זיך ליב האָבן.

מיט דער צייַט זיינען צו דעם שנייַדער געזינדל צוגעקומען נאָך צוויי נפֿשות, איטושאַ האָט געבוירן אַ מיידעלע גאַבריעל און אַנאַ אַ מיידעלע ליזעט.

### די היטלער מגפֿה

ווי אַ דונער האָט געטראָפֿן די פּאַריזער אייַנוואוינער דער אָנגריף פֿון די נאַציס אויף די שכנ'ישע לענדער און ווען די ברוינע־אָרדעס האָבן

זיך דערנענטערט צו די טויערן פֿון פּאריז האָט מען זיך גענומען צו עוואַקואירן די פֿרויען און קינדער אין הינטער־לאַנד און אַליין אַרײַן אין די רײַען פֿון די „מאַקים".

אָבער נישט באַשערט איז געווען די צוויי פֿאַמיליעס צו עוואַקו־אירן אין צײַט. פּונקט ווען מען האָט זיך געהאַלטן אין פּאַקן האָבן די נאַצים אָנגעקלאַפּט אין טיר.

שנעל האָבן די חבֿרים מאיר און יאַן באַשלאָסן אַז כּדי צו ראַטעווען די פֿרויען און קינדער וועט מען מוזן פֿאַרהאַלטן די נאַצים בײַ דער טיר און בשעת מעשׂה אַרויספּעקלען דאָס געזינד דורך דעם פֿענצטער וואָס פֿירט אין הינטער־הויף אַרײַן און זײַטיקע געסלעך. בלויז ביידע פֿרויען און די קינדער האָבן באַוויזן אַרויס דורכן פֿענצטער. מאיר און יאַן זײַנען באַאַגלט געוואָרן מיט קוילן פֿון די נאַצים וועלכע האָבן אויפֿגעבראָכן די טיר. ווען מאיר איז אַ לײַכט־פֿאַרוואונדעטער אַדורך דעם פֿענצטער אין הויף אַרײַן האָט ער דערזען ווי זײַן חבֿר יאַן קאָווריגאַרו פֿאַרשטעלט מיט זײַן קערפּער און צעשפּרייטע הענט דאָס פֿענצטער און ווערט דורכגעזיפּט מיט קוילן.

אַזוי אַרום האָט דער רומענישער שנײַדער־געזעל יאַן קאָווריגאַרו זיך מקריבֿ געווען פֿאַרן וואוילזײַן פֿון זײַנע אייגענע.

די פֿרויען און קינדער זײַנען דורך די מאָביליזירטע בעסאַראַבער אַרויסגעפֿירט געוואָרן פֿון פּאַריז אין די דערפֿער אַרײַן און זיי אויס־באַהאַלטן בײַ די פֿרײַנטלעכע פֿראַנצויזישע פּויערים.

מאיר האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די קעמפֿערישע פֿראַנצויזישע פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען, די „מאַקים".

### נאָך דער באַפֿרײַאונג

נאָך דער באַפֿרײַאונג האָבן זיך קײַן פּאַריז אומגעקערט איטושאַ מיט די פֿיר קינדער. אַנאַ, די פֿרוי פֿון דעם בראַוון יאַן, איז אויך אומגעקומען פֿון אַ נאַצישער קויל בשעת אַן איבערפֿאַל אויף דעם דאָרף וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן.

מאיר האָט געפֿונען זײַן שנײַדער־אַטעליע און די דירה מיטן אייגנטום אין אָרדענונג. די פֿרײַנטלעכע מענטשן בײַ וועמען זיי האָבן געוואוינט אין מעטראָ־קאַמערם געגנט, פֿלעגן פֿון מאיר'ן קריגן פֿון צײַט־צו־צײַט זייער דירה־געלט און זיי האָבן אַכטונג געגעבן אויף דעם אָרעמען פֿאַרמעגן פֿון דער שנײַדער־פֿאַמיליע.

איטושאַ האָט אַדאָפּטירט, מיט דער הילף פֿון די בעסאַראַבער

לאַנדסלײַט, די צװײ קינדער פֿון אירע אומגעקומענע חבֿרים און מאיר האָט שװער געאַרבעט אױפֿצוהאַלטן זײַן פֿאַרגרעסערטע פֿאַמיליע.

די שנײַדער־אַטעליע און די הױז איז װידער געװאָרן דער צענטער פֿון די בעסאַראַבער לאַנדסלײַט אין פּאַריז און דער זאַמלפּונקט פֿאַר דער קעמפֿערישער פּראָגרעסיװער באַװעגונג.

## ער בענקט נאָך זײַן משפּחה

נאָכן קריג האָט זיך מאיר דערװאוסט די טרױעריקע נײַעס אַז פֿון זײַן גאַנצער פֿאַמיליע אין זגוריצע איז געבליבן בלױז זײַן עלטערע שװעסטער בתיה װעלכע איז אַ קראַנקן־שװעסטער אין טשערנאָװיץ. דער טאַטע און מאַמע און די פֿינף שװעסטער מיט די װאױלקלינגענדיקע נעמען זײַנען פֿאַרשניטן געװאָרן פֿון די נאַצים.

ער האָט זיך מיטאַמאָל אַזױ פֿאַרבענקט נאָך דער אײנציקער איבערגעבליבענער פֿאַמיליע זײַנער אין דער װעלט, די מומע ציפּע און דער פֿעטער יאָסל פֿון סאָראָקי און זײער הױז־געזינד אין בראָנזװיל לעבן ניו יאָרק, אַז ער האָט באַשלאָסן װאָס עס זאָל נישט זײַן ער מוז זײ באַזוכן.

קײן אָפֿיציעלע דערלױבעניש האָט ער נישט געקאָנט קריגן צוליב זײַנע אונטערערדישע מאַקיאַישע אַקטיװיטעטן, האָט ער געשװאַרצט די װעגן און שטעגן און אַריבער דעם אַטלאַנטיק.

אין אײנעם אַ מאָנטיק אָװנט האָט זיך אין הױז פֿון ציפּע און יאָסל סאָראָקער אין בראָנזװיל באַװיזן דאָס שמײכלענדיקע פּנים פֿון מאיר'על פֿון זגוריצע, דאָס פּאַריזער קעמפֿערישע שנײַדעריל:

— מומע ציפּע, דו ביזסט די אײנציקע מאַמע װאָס איז מיר געבליבן און איך האָב געמוזט קומען דיך זען און דײַן פֿאַמיליע.

נאָך אַכט װאָכן אָפּזײַן אין ניו יאָרק איז דאָס פּאַריז'ער שנײַדעריל פּונקט אַזױ אומדערװאַרט פֿאַרשװאונדן װי ער איז געקומען.

װען איך האָב מיט צװעלף יאָר שפּעטער באַזוכט פּאַריז און אײַנגעשטאַנען גאַנצע דרײַ װאָכן אין הױז פֿון דעם שנײַדעריל מאיר'על „קאָראָט" און זײַן ליבע פֿרױ איטושאַ האָב איך געטראָפֿן זײַן עלטערע טאָכטער אַ טאַלאַנטפֿולע, סטודענטן אין דער פּאַריזער דראַם־שולע און יאַן קאָװריגאַרו'ס זון יאָעל אַ דערפֿאָלגרײַכן און פּאָפּולערן פֿאָלק־זינגער — יאָעל כאַלמעס — װעמענס פֿראָלעטאַרישע באַלאַדן זײַנען אױף פּלאַסטינקעס און קלינגען אין אַלע הײמען און בולװאַרן פֿון פּאַריז.

# לעוו מאָרגנשטערן

דאָס געדרוקטע וואָרט אויף די פּלאַטערדיקע בלעטלעך פֿון אַ בוך האָט אַלעמאָל אויפֿגעציטערט מײַן נשמה.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען די קליינע דרוק־מאַשין, „די אַמעריקאַנקע", אין פֿענצטער פֿון יצחק כיטראָנ׳ס דרוקערײַ אויף דער אָדעסער גאַס בײַ אונדז אין סאָראָקי, בין איך געבליבן שטיין אַ פֿאַרגאַפֿטער.

איך האָב געזען ווי די פֿלינקע הענט פֿון דעם דרוק־אַרבעטער האָבן אַרײַנגעלייגט אַ קלאָר שטיקל ווײַס פּאַפּיר אין דעם מויל פֿון דער מאַשין, וואָס האָט געהאַלטן אין איין עפֿענען זיך און פֿאַרמאַכן, און אַרויסציען אַ פֿאַרטיק פֿלוג־בלעטל מיט גרויסע רוסישע אָדער ייִדישע ווערטער — אַ פּאַפּירל אַרײַן, און אַ געדרוקט בלעטל אַרויס!

איך האָב איינמאָל געכאַפּט אַזאַ געדרוקט בלעטל, וואָס איז נאָר־וואָס אַרונטערגעפֿאַלן אויפֿן דיל און אַרויסגעפֿלויגן דורך דער טיר צו מיר אויפֿן טראָטואַר, און מײַנע פֿינגער זיינען נאָס געוואָרן מיט דער פֿרישער שווארצער טינט.

פֿון דעמאָלט־אָן זײַנען טינט און בלײַ מיר אַרײַן אין בלוט און אין מײַן געביין.

### די טיפּאָגראַפֿיע באַלאַבאַן

פֿון די פֿיר דרוקערײַען בײַ אונדז אין שטאָט, די טיפּאָגראַפֿיעס ווײַסמאַן, דאַווידזאָן, כיטראָן און באַלאַבאַן, האָט די לעצטע מיך צוגעצויגן דערפֿאַר וואָס בײַ אונדז אין הויז פֿלעגט מען רעדן, אַז בײַ באַלאַבאַנ׳ען אין דער טיפּאָגראַפֿיע האָט אַמאָל געאַרבעט מײַן פֿעטער מאָניע, וועלכער האָט איצט אַ גרויסע דרוקערײַ אין דער אַמעריקאַנער ריזיקער שטאָט ניו יאָרק.

פֿלעג איך זייער אָפֿט שטיין אין דער טיר פֿון דער ש. באַלאַבאַן טיפּאָגראַפֿיע, לעבן דער דײַטשער שול בײַם „פּרעאָולאָק". און זיך צוקוקן ווי דער אַלטער רעב חנא פֿלעגט שטיין און דרייען אַ גרויסע קאָרבע, און די רעדער און וואַלצן פֿון דער גרויסער דרוק־מאַשין פֿלעגן מאַכן אַזאַ קרעכצנדיקן טומל.

אויף אַ קליין בענקעלע איבער דער מאַשין פֿלעגט זיצן דער דרוקער לעוו מאַרגענשטערן אין זײַן בלויער אַרבעטער־בלוזע און ברוינעם לײַוונטענעם פֿאַרטוך, און אַרײַנרוקן אַ גרויס בלאַט פּאַפּיר אין די גלאַנצנדיקע שטאָלענע פֿינגערלעך, וואָס פֿלעגן געשיקט אַ כאַפּ־טאָן דאָס פּאַפּיר, זיך צוריקציִען, זיך אַרומוויקלען דעם צילינדער און אַרויסלאָזן איבער גייענדיקע פּאַסמעס לעדער, וועלכע האָבן דעם בויגן אַרויסגעוואָרפֿן אַ געדרוקטן אין אַזאַ הילצערנעם קאָרב, אין וועלכן די פּאַפּירן האָבן זיך אויסגעגליכן און זיך געהויבן אין אַ נעטן שטויס.

פֿון צײַט־צו־צײַט פֿלעגט לעוו עפּעס טאָן אַ פֿאַררוק און אַ געשרײַ טאָן: „האָפּ!"

חנא פֿלעגט פֿאַרהאַלטן די קאָרבע און די מאַשין פֿלעגט מיט אַ קרעכץ בלײַבן שטיין.

לעוו פֿלעגט אַרונטער פֿון בענקעלע, צוגיין צום שטויס מיט די געדרוקטע בויגנס און אַ דריי טאָן אַ קליין קאָרבעלע. דער קאָרב מיטן שטויס פּאַפּירן פֿלעגט זיך אַרונטערלאָזן אויף אַ „טאַטשקעלע" מיט רעדלעך. ער פֿלעגט אָנכאַפּן דעם שטריק פֿון „טאַטשקעלע" און אַוועקשלעפּן דעם שטויס מיט פּאַפּירן אין אַ זײַט. אויפֿן אָרט פֿון קאָרב פֿלעגט ער אַוועקשטעלן אַ נײַעם ליידיקן קאָרב, און צוריק אַרויפֿגייענדיק צום בענקעלע פֿלעגט ער ווידער עפּעס דאָרטן אַ דריק טאָן און אַ געשרײַ טאָן: „כאַד!". חנא פֿלעגט זיך ווידער נעמען צו דער קאָרבע, און די דרוק־מאַשין פֿלעגט ווידער אַוועק מיט אַ קרעכץ און וואַרפֿן אין קאָרב אַרײַן די געדרוקטע בייגעלעך פּאַפּיר.

מיט נײַגער פֿלעג איך נאָכפֿאָלגן, ווי די מיידלעך בייגן, פֿערטלען, און אַכטלען די גרויסע בויגנס פּאַפּיר אין קליינע ביכעלעך און ווי אַזוי דער אײַנבינדער פֿלעגט זיי אײַנפּרעסן, צונויפֿקלעפּן, אײַנבינדן און צושנײַדן אין פֿאַרטיקע פּאַמפֿלעטן אָדער ביכלעך מיט שיינע קאָלירטע מענטעלעך.

איך האָב דאַן באַשלאָסן, אַז איך מוז ווערן אַ דרוק־אַרבעטער, איבערהויפּט אַ שריפֿט־זעצער.

איך פֿלעג זיך צוקוקן, ווי אַזוי לעוו מאָרגנשטערן פֿלעגט זיך אַוועקשטעלן בײַ דער הילצערנער קאַסע מיט שריפֿט און לויפֿנדיק מיט די צוויי פֿינגער פֿון זײַן רעכטער האַנט פֿון קעסטעלע צו קעסטעלע אַרויסכאַפּן איינצלנע בלײַענע בוכשטאַבן און זיי אויסשטעלן אין אַזאַ מעשענעם, קווערן און פּלאַטשיקן מין לעפֿל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די פֿינגער פֿון זײַן לינקער האַנט. די אותיות פֿלעגן זיך אויסשטעלן און זיך אָפּטיילן אין אַ שורה מיטן קאָפּ אַראָפּ, און זיך געקענט לייענען צוריקוועגנס ווי שפּיגל-כּתבֿ.

לעוו פֿלעגט די שורות אַרויסשטעלן אין אַזאַ לאַנגן צינענעם בעקעלע מיט שווערע בלײַענע שטאַבן בײַ די זײַטן, וואָס האָבן פֿאַרהאַלטן די איינצלנע אותיות פֿון פֿאַלן. ווען ער האָט שוין אָנגעשטעלט עטלעכע צענדליק אַזעלכע שורות, פֿלעגט ער זיי אויסבינדן מיט אַ שטריקל און אַוועקטראָגן צו דער דרוק-מאַשין. פֿיר אָדער אַכט אַזעלכע זײַטלעך פֿלעגט ער אײַנשליסן דאָרטן מיט אַזאַ מיר דרייער.

ער פֿלעגט אויך אָנפֿילן מיט טינט די קליינע קאָריטעס איבער די גומענע וואַלצן, און די מאַשין פֿלעגט אַוועק מיט אַ קרעכץ, אַרויסוואַרפֿנדיק די פֿרישע געדרוקטע בייגעלעך פּאַפּיר.

## בלויע אַרבעטער-בלוזע

ווען סוף 1919 איז באַשטימט געוואָרן, אַז אונדזער פֿאַמיליע פֿאָרט קײַן אַמעריקע און אַז דער פֿעטער מאָניע, מײַן טאַטנ׳ס יִנגערער ברודער, וועלכער האָט אַ דרוקערײַ אין ניו יאָרק, פֿאָדערט אונדז אַרויס, האָב איך באַשלאָסן צו ווערן אַ דרוק-אַרבעטער.

איך בין דאַן נאָר-וואָס אַריבער אין דריטן קלאַס גימנאַזיע, און דער טאַטע האָט געוואָלט איך זאָל כאָטש פֿאַרענדיקן דאָס יאָר. איך האָב אָבער גלײַך געוואָלט ווערן אַן אַרבעטער. איך האָב גראָדע דעמאָלט געהאַלטן אין לייענען אַ רוסישן בוך פֿון רובאַקין, „וּוסטראַניע סוואָבאָדי אי טרודאַ” (אין לאַנד פֿון פֿרײַהײַט און אַרבעט), וואָס האָט באַזונגען די ווירדע פֿון אַרבעט. איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַ זעצער איז די שענסטע מלאכה אין דער וועלט.

געגן מײַן טאַטנס ווילן האָב איך אויסגעטאָן דעם גרויען גימנאַזיסטן-מונדיר מיט די זילבערנע קנעפּ, אָנגעטאָן אַ בלויע אַרבעטער-בלוזע און אַוועק צו דער טיפּאָגראַפֿיע באַלאַבאַן זיך אָנדינגען אַלס לערן-יִנגל אויף זעקס חדשים.

דער אייגנטימער, דער טויבער ש. באַלאַבאַן, האָט מיך סקעפּטיש באַטראַכט און שוין געוואָלט אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט אויף ניין, נאָר מאָרגנשטערן האָט הויך אַ געשריי געטאָן צו אים:

— דאָס איז מאָניע׳ס אַ פּלימעניק!

הער באַלאַבאַן האָט צוגעשטעלט זיין רעכטע לאַדאָניע צום אויער און אַז ער האָט דערהערט דעם נאָמען „מאָניע", האָט ער זיך דער־פרייט:

— יינגל, אַז דו וועסט זיין אַפילו אַ האַלב אַזוי גוט ווי דיין פעטער מאָניע, וועסטו זיין אַ גוטער באַלמעלאָכע. אוי, מאָניע, מאָניע! דאָס איז דאָך געווען אַ „נאַבאָרשטשיק„ מיט גאָלדענע הענט און אַן אייזערנעם זכּרון.

— בחור, וועסט קריגן 750 לעי ביים סוף פון די זעקס חדשים. אַ מתּנה אויף הוצאות קיין אַמעריקע.

— טויזנט לעי, הער באַלאַבאַן! באַראַבעוועט נישט קיין קינדער!

— האָט מאָרגנשטערן אַ ברום געטאָן.

— זאָל זיין אַזוי! — האָט באַלאַבאַן ברוגז׳לעך אַרויסגעבורטשעט

— איך בין דען דער באַלעבאָס?!

אַזוי אַרום האָב איך זעקס חדשים, ביז אונדזער אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, געאַרבעט אונטער דער פּאַטערלעכער אויפזיכט פון לעוו מאָרגנשטערן. איך האָב זיך טאַקע נישט צו־פיל אויסגעלערנט, איך בין געגאַנגען מער אַ גאַנג ווי געאַרבעט, דערפאַר אָבער האָט מיך לעוו אַריינגעפירט אין דער וועלט פון אַרבעט און קאַמף. ער איז דאַן געווען דער פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין שטעטל.

ער פלעגט דורך מיר שיקן זיינע מינדלעכע אָנווייזונגען צו די סעקרעטאַרן פון די „פריקאַזטשיקעס", די שניידער־און שוסטער־געזעלן, די מיל־אַרבעטער אויפן באַרג און די ברויערי־אַרבעטער אויף דער „מאַלע". איבערהויפּט פלעג איך איבערגעבן די לעצטע באַשלוסן, וואו און ווען מען וועט זיך טרעפן יענעם אָוונט.

איך אַליין בין ביי יענע פאַרזאַמלונגען קיינמאָל נישט געווען, אָבער אויף מיין גלעגער פלעג איך זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי מאָרגנ־שטערן רעדט און אַלע הערן זיך צו.

און אַז איך פלעג אינדערפרי הערן פון לעוו׳ן, אַז די פאַרזאַמלונג איז דורך בשלום, פלעג איך זיך פרייען און טראַכטן, אַז אויך איך האָב מיט עפּעס געהאָלפן, טאָמער אָבער איז געווען אַ דורכפאַל און עמיצער איז אַרעסטירט געוואָרן, פלעגט מיין האַרץ איינפאַלן.

מאָרגנשטערן פֿלעגט דאָס באַמערקן און זאָגן מיט אַ שמייכל:

— נישט געזאָרגט זיך. אחדות איז אַ שווערער קאַמף. ביז די אַרבעטאָרם וועלן זיך אויסלערנען שטיין צוזאַמען און נישט מורא האָבן, וועלן פֿאַלן קרבנות. דער מאָרגן וועט מוזן זײַן אַ ליכטיקער!

### די קאָסע און די גראַבליע

איין פּאַסירונג פֿאַר מײַן אַפּפֿאָרן האָט דערהויבן לעוו'ן אין מײַנע אויגן, און זײַן העלדישקײַט האָט זיך אײַנגעקריצט אין האַרצן.

עס זיינען דעמאָלט פֿאָרגעקומען וואַלן צום פּאַרלאַמענט. די רומע־נישע אַרײַנדרינגער, וועלכע האָבן פֿאַרכאַפּט בעסאַראַביע מיט גוואַלד, האָבן געוואָלט דערשטיקן די נאַציאָנאַלע מאָלדאַווישע שטימונגען פֿון די פּויערים, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער „צאַראַנישער" (פּויערים) פּאַרטיי, אונטערן עמבלעם פֿון דער קאָסע און גראַבליע, און וועלכע האָבן גערופֿן שטימען געגן די רײַכע באָיאַרן און די רומענישע אַרײַנדרינגער.

איינמאָל איז אין אונדזער דרוקערײַ געקומען צו לעוו'ן אַ הויכער מאָלדאַוואַן מיט אַ שוואַרצער טשופּרינע אונטער אַ גרויער שאַפּקענער קוטשמע און פֿאַרזיכטיק איבערגעבן אַ מאָלדאַוואַניש וואַל־ליד צום דרוקן.

ווען ער איז אַרויס, האָט מיך מאָרגנשטערן אַרײַנגערופֿן אין „שוואַרצען" אַלקער, וואו מען האַלט די פּאַפּירן און טינטן און מיך באַשוואוירן האַלטן סוד. ער האָט מיר איבערגעגעבן דעם בויגן מיט די פֿערזן, געשריבענע אויף אַ רוסישער שרײַב־מאַשין, מאָלדאַוואַניש אויסגעלייגט אין קירילישן אלף־בית. ער האָט מיר געהייסן פֿאַרזיכטיק אויפֿזעצן וואָרט־נאָך־וואָרט און פֿערז נאָך פֿערז — צען שורות.

— זײַ זייער פֿאַרזיכטיק. עס שמעקט מיט פּולווער. דו הערסט, מיט פּולווער!

מיט אַ פֿלאַטערדיק האַרץ און ציטערדיקע פֿינגער האָב איך אויף מאָרגן פֿאַרטאָג געזעצט די צען שורות, און לעוו מאָרגנשטערן האָט זיי אָפּגעדרוקט אויף דער קליינער האַנט־מאַשין.

איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן יענע בונטאַרישע צען מאָל־דאַוואַנישע שורות, וואָס אין מײַן יידישער איבערזעצונג קלינגען זיי אַזוי:

## די קאָסע און גראַבליע

העי, פויערים ! העי, רומענער !
זײַט בראַוו און קומט אינאײנעם !
לאָמיר שטימען מיט ליבע הייסער,
פֿאַר אונדזער פויערישן צייכן !
די קאָסע און גראַבליע — הייליקער געוועב ;
די קאָסע און גראַבליע — פֿון דער ערד ;
די קאָסע און גראַבליע — דײַן און טײַער ;
די קאָסע און גראַבליע — דײַן באַפֿרײַער :
פֿון יעדער נויט און אַלע צרות !
פֿון יעדן אומגליק און פֿון פריץ !

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי דער מאָלדאַוואַן האָט אָפּגענומען די געדרוקטע בלעטלעך מיטן ליד, האָט מען פֿאַרזיגלט די דרוקערײַ און אַוועקגענומען אין דער „סיגוראַנצע" — (געהײַם־פּאָליצײַ) דעם באַלעבאָס ש. באַלאַבאַן און אַלע אַרבעטער, מיך אַרײַנגערעכנט.

הער באַלאַבאַן האָט זיך גלײַך אָפּגעטרײַסלט פֿון גאַנצן עניַן, דערקלערנדיק, אַז מאָרגנשטערן, זײַן פֿאַרוואַלטער, האָט אויפֿזיכט איבער דער דרוקערײַ און דערפֿאַר קאָן מען אים נישט האַלטן פֿאַראַנטוואָרטלעך.

אַלע אַרבעטער האָבן דערקלערט, אַז זיי ווייסן גאָרנישט און האָבן דעם זאַץ אָדער דאָס דרוקן קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען.

ווען דער הויפּט פֿון דער „סיגוראַנצע" האָט זיך גענומען צו מיר, האָט זיך מיר אָפּגעריסן דאָס האַרץ און מײַנע פּיס האָבן זיך גענומען ברעכן.

מיטאַמאָל האָט לעוו מאָרגנשטערן אַ זאָג געטאָן :

— לאָזט צורו דאָס יִינגל ! דאָס האָב איך אויפֿגעזעצט און אָפּגעדרוקט דאָס ליד !

דער שעף פֿון דער „סיגוראַנצע" האָט מיך אַוועקגעשטופּט מיט זײַן שווערער לאַפּע און מיט דעם זעלבן „ווזמאַך" אָפּגעלאָזט לעוו'ן אַזאַ כמאַל אין פּנים אַרײַן, אַז בלוט האָט זיך אַ גאָס געטאָן פֿון זײַן נאָז און מויל.

מען האָט אונדז אַלעמען, אויסער מאָרגנשטערנ'ען, אַהיימגעשיקט.

מיר האָבן אויף מאָרגן געהערט, אַז מען האָט לעוו'ן געפּײַניקט אין קעלער פֿון דער „סיגוראַנצע", ער זאָל אַרויסגעבן דעם שרײַבער פֿון ליד.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז באַקאַנט געוואָרן, אַז לעוו מאָרגנ־שטערן איז פֿאַראורטײַלט געוואָרן צו שווערער אַרבעט אין די זאַלץ־גרובן פֿון „דאַפּטאַנע".

באַלאַבאַן האָט געקראָגן אַ נײַעם דרוק־אַרבעטער און געקראָגן אַ דערלויבעניש ווידער צו עפֿענען די פֿאַרזיגלטע דרוקערײַ, און איך בין אַוועקגעפֿאָרן קײַן אַמעריקע מיט אַ בראַנד אין האַרצן און מיט דעם ליכט, וואָס מאָרגנשטערן האָט אָנגעצונדן אין מײַנע יונגע אויגן.

# דוד סעלצער בוך־קאָמיטעט

**אהרן סליפּצין**, פאָרזיצער — **משה סטילמאַן**, קאַסירער

**מענדל נירמאַן**, סעקרעטאַר

## ספּאָנסאָרס:

אַלמאַזאָוו, ש.
אַלף, רוביאַ און מאַרק
אַראָנאָף, העלען
אָרענשטיין, א.
אַרבאַר, יוסף מ.
באַומעל, מרים
באַטוויניק, עווי און דזשעק
באָרון, פייגל און סעם
בודיטש, י. מ.
ביילים עטל און נייטן
בערן, אסתר און אָסקאַר
בלוסטיין, בעסי
בעקער, ש.
ברעקער, דשין
גאָלדבערג, איטשע
גאָלדין, רחל און שיע
גאָלדווירט, בעלאַ
גודהיים, גאָזעל און מאַקס
גלאַזמאַן, חנה און שימשל
גליקסמאַן, שפרה און הערי
גולער, אַידע
גערסאָן, פּאָלין און דוד
געראָוויץ, רעי און דזשערי
גרין, בער
גרינבערג, מרס. בען
גרינבערג, ציליע און מישאַ
דאַווידזאָן, מישאַ
דאַראַשקין, יעקב
דוביצקי, גאָלדע
דוביצקי, דאַינע און דען
האָך, רובין
העלער, בערטאַ
הונגער, לילי און משה
הערמאַן, אַנאַ און לעסטער
הערמאַן, אַנאַ און פרעד
וויניק, אַידע
ווינער, ש.
וויינמאַן, מישאַ און ליאָווע
זעלדיס, ליובאַ און רובין
זעלצמאַן, מאַרקוס
הידקל, רבקה און מאַקס
טענקלאָוו, ס.
טשאַרנאָווער, בעלאַ און יוסף
יאַמניק, מאַרקוס
יודין, אברהם
יוטין, שמואל ב.
לוסקין, העלען און יעקם
ליפּצין, סעם
לעימאַן, בעסי
מאַגער, גאַסי און מאַקס
מעלניק, פּ. ס.
מאַלאַמוד, חזן לייבל
מוק, עטיע און מאיר
מעגדאָף, לעיקע און מאַקס
מאָדעל, אַלעקס
נודלמאַן, דאַניע און יאַסל
נירמאַן, ראָזע און מענדל
סאָסמאַן, פּעני
סטילמאַן, ראָסל און משה
סימערניצקי, י.
סעלצער, עזראַ
סעלצער, ראָז און מאָרים
סעלצער, לילי און הערי
סעלצער, ראָז און סעם
סליפּצין, ציליע און אהרן
סקופּינסקי, ברוינע
עפּשטיין, מאָרים
עקשטיין, העניע און מאַקס
פריד, ישראל
פרידמאַן, איציק
פּאַדאָלעווסקי, סאָל
צוקערמאַן, גיטל
צוקערמאַן, רבקה און בען
קאַפּילאָוו, ה.
קאָהן, דזשוליאַ און אַלעקס
קאָהן, סעם
קאָרן, ש.
קאַלקער, וועלוול
קעלעם, סאָפי
קעמפּ „וואָודלענד"
קעס, ישראל
קעס, דוד
קעסלער, הערי
ראַפּאָפּאָרט, יוסף
רובין, מ.
רובינשטיין, פּעני און יוסף
שטיינבערג, דזשעק
שטיינהאַרט, סעם
שניידערמאַן, מאַקס
שענדלאָף, סילוויאַ
שענקין, סעם

דער קאָנסיל פון אַלע לייען-קרייזן אין מיאַמי ביטש